כאַיעם מאַרגאָלעס-דאַווידזאָן.

# געשלאָסענע רינג

## דערציילונגען

ארויסגעגעבן פונם
פאַרלאַג „סיגנאַל“
ביים „פראָלעטפען“
ניו יאָרק
1—9—3—5

# פאָרוואָרט



כאַים מאַרגאָלעס-דאַווידזאָן

כאַים מאַרגאָלעס-דאַווידזאָן נויטיקט זיך ניט אין קיין פאָרשטעלונגען פאַרן אידישן אַרבעטער-לייענער. ער דרוקט זיך שוין פאַר די לעצטע 12-13 יאָר אין אונזער רעוואָלוציאָנערער פרעסע.

אויב מיר גיבן דאָ דעם פאָרוואָרט, איז דאָס מיטן צוועק צו דערקלערן די אידישע פּראָלעטאַרישע לייענער-מאַסע פאַרוואָס דער פאַרלאַג „סיגנאַל" שטעלט זיך הינטער דער זאַמלונג מיט זיין פירמע, די פירמע פון פּראַלעטפען, און פאַרוואָס ער איז אַזוי פאַראינטערעסירט, אַז דאָס בוך זאָל קריגן די מעגלעכסט גרעסטע פאַרשפּריטונג.

דער פאַרלאַג „סיגנאַל" שטעלט זיך אַזוי איין פאַר דעם בוך דערפאַר, ווייל אָט דער באַנד דערציילונגען איז אַן אייגנטימלעכע דערשיינונג אין דער אידישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, הויפּטזעכלעך מיט זיין טעמאַטיק. דאַווידזאָנס טעמעס זיינען א ו י ס ש ל י ס ל ע ך פּראָלעטאַרישע. אים אינטערעסירן ניט אַנדערע פּראָבלעמען, אַנדערע כאַראַקטערן און אַנדערע צוזאַמענשטויסן. אַף וויפל דאַווידזאָן ברענגט יאָ אַמאָל אַרויס דעם בירגערלעכן טיפּ, איז עס ניט ווי אַ „העלד" פון דער דערציילונג אַרום וועלכן עס דרייט זיך די אַקס פון דער מייסע, נאָר, קעדיי ער זאָל אים דינען אַלס שאָטן אין זיין אַלגעמיין ליכטיקער ראַם אין וועלכער ער שטעלט אַוועק זיין פּראָלעטאַרישן העלד.

דאַווידזאָנס דערציילונגען זענען ניט אויסן צו דערציילן אייך גלאַט אַזוי אַ מייסע; זיי זענען ניט קיין קונסט צוליב קונסט, זיי האָבן שטענדיק אַ ציל אין אויג. זיי זענען פּראָפּאָגאַנדיסטיש — פּראָפּאָגאַנדע אין בעסטן זינען פון וואָרט. ער ווייסט, אַז מ'דאַרף וועקן, רופן, דערקלערן די ברייטסטע אַרבעטער-מאַסן וועגן זייער לאַגע, וועגן די פאַרשידענע פאַרשאָלטענע דערשיינונגען אין דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג. טוט עס דאַווידזאָן מיט זייו גאַנצן קויעך, וואָס ער פאַרמאָגט, דורך זיינע דערציילונגען, דורך זיינע פאַרצייכענונגען, דורך זיינע טיפּן, וואָס ער האָט באַגעגנט אַף זיין לעבן און וועלכע ער האָט אויפגעהאַלטן אין זיין זיקאָרן, טאַקע פאַר דעם איין צוועק — פּראָפּאָגאַנדע.

טאַקע צוליב דעם טאַאַם פאַרנעמט זיך דאַווידזאָן ניט פיל מיט מאָלעריי, מיט פאַרבן-שפּיל, מיט פּסיכאָלאָגישע אַנאַליזן, מיט פאַרטיפן די פּראָבלעמען. דאַווידזאָן לאָזט דאָס איבער פאַר אַנדערע. ער אַליין האָט זיך פאַרנומען אַף ברייטע וועגן, צו דערגרייכן מיט זיין רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאָגאַנדע וואָס ברייטערע מאַסן. דעריבער איז דאַווידזאָן ניט קאַרג אַף מייסע-דעטאַלן, וועלכע זענען אים נ״יטיק קעדיי צו מאַכן פאַר דעם ברייטן לייענער וואָס רעליעפער זיין טיפּ. אַן אַנדערער וואָלט דאָס געטאָן מיט דעטאַליזירטער

צייכענונג, סקיצירונג, ניואַנסן-שפּיל, וואָס וואָלט עפּשער געווען ביכלאַל עקאָנאָמישער און קונסט-מעסיקער. דאַווידזאָן קאָן בעסער זיינע מאַסן-לייענער. ער ווייסט, אַז מען דאַרף ניט זיין קיין קאַרגער אַף אַ וואָרט, אויב עס וועט אים נאָר העלפן אין זיין פּראָפּאַגאַנדיסטישן ציל, נעמט ער זיך ערטערווייז דאָס רעכט צו פאַרבויגן קונסט-סטאַנדאַרטן און וואַרפט די עקאָנאָמיק אין שילדערונג צו אַלע זיבן ווינטן.

אָבער דאַווידזאָנס אומשפּאָרעוודיקייט, לאַנגווייליקט אונז קיינמאָל ניט. ער איז שטענדיק פליסיק, גלאַט און אינטערעסאַנט. אָפּטמאָל שוין אַפילו צו פילם-מעסיק מיט דעם וואָס די האַנדלונגען לויפן אָן מיט בליץ שנעלקייט. דאַווידזאָן איז דער דערציילער פון פּרימיטיוון האָרעפּאַשניק, וועלכער האַנדלט שנעל, אָן איבערלייגונגען און פּסיכישע גריבלערייען; פון פּרימיטיוון, אומסאָפיסטיצירנדיקן מענטשן, וואָס רעאַגירט דירעקט, אַזוי שנעל ווי „דאָס בלוט גיט אים אַ שפּאַר אין קאָפּ". עס איז גיכער דערפאַר, ווייל זיין אָביעקט וועלכן ער קלייבט זיך אויס, איז אויבנאויפיק, גיט אונז דאַווידזאָן פילם-מעסיקע דערציילונגען, איידער דערפאַר וואָס זיינע קונסט-מעגלעכקייטן זענען באַגרעניצט מיט פאָטאָגראַפיע. דאָרט, וואו כאָטש דאַווידזאָן קלייבט פאַר זיך אויס אַנדערע אָביעקטן, באַוואוסטזיניקע, ווייזט ער אונז, אַז ער באַזיצט אויך פאַר זיי אַ פיינע פּאַליטרע מיט פאַרבן און ניואַנסן. אַזעלכע קונסט-דערציילונגען, ווי — „אין אַ טאָג אַ הייסן", „דער טשאַרט" און „נאָכן פאַלן", קאָנען שוין צופרידנשטעלן אַפילו דעם, וואָס מאָנט אַ העכערן גראַד קונסט.

די דערציילונגען אין דעם בוך זענען פון אַ פאַרשידנאַרטיקן כאַראַקטער, סיי אין דעם זינען פון אָרט, וואו זיי פּאַסירן, סיי אינם זינען פון די „העלדן". אין איין דערציילונג זעגט איר אין ניו יאָרק, אין אַ צווייטער — אין ערגעץ אין דער סאַוט, אין אַן אַנדערער — גאָר אין קאַווקאַז. ער איז דורכאויס אינטערנאַציאָנאַל. זיינע העלדן זענען — דאָ אַ אידישער אַרבעטער, דאָרט אַן איטאַליענער, אַ נעגער, אַ רוס, צי גאָר אַ גרוזינער. זיינע טיפּן זענען אויך ניט באַגרענעצט צו איין פּראָפעסיע. דאַווידזאָן קען דעם שניי-קערער דזשימין, פּונקט ווי דער פאַנטאַזירנדיקער אָפיס-מיידל; דעם אַלטן פאָריער, פּונקט ווי כאַוועלע די יונגע שניידערן. איבערהויפּט גיט זיך דאַווידזאָנען איין זיינע דערציילונגען וועגן רעוואָלוציאָנערן לעבן אין פאַרבינדונג מיט שפּיאָנסקע נעצן וואָס ווערן אויסגעשפּרייט. די שפּאַנונג פון דער פאבולע דערגרייכט אָפּט ביי אים צו שערלאָק-האָלמישע איבעראַשונגען.

צומאָל פירט אויך דאַווידזאָן פאַרביי אונזער אויג פּיקאַנטע געשטאַלטן, פּערווערזירטע נאַטורן. אָבער אויך זיי ווייזט אונז ניט דאַווידזאָן צוליב פּיקאַנטקייט, גלאַט אין דער וועלט אַריין. אין זיין דערציילונג „ווען טויערן עפענען זיך", לאָזט זיך דער מעכאַבער אַרונטער אין טהאָם פון פּערווערזיע, נאָר קעדיי אַרויסצופישן פון דאָרט אַ סיטואַציע, אין וועלכער די רעוואָלוציע רייסט מיט מיט איר קויעך די סאַמע אָפּגעשטאַנענסטע שיכטן.

די פאַרשפּרייטונג פון דעם בוך וועט דאַווידזאָנען געבן אַ מעגלעכקייט אַרויסצוגעבן זיינע איבעריקע ביכער, איבערהויפּט די פון מילכאָמע-פּראָבלעם, וואָס זענען און ווערן איצט אַלץ מער אַקטועל פון טאָג צו טאָג.

י. ב. ביילין.

# געשלאָסענע רייען

(גילבערט ברײדי און הענרי סטאַרי. וואָס זענען פראַצעסירט געוואָרן
פאַר קאַמאַרבעט — א מאַטאַנע)

סלים וואַטסאָן האָט זיך אויפגע־
כאַפּט פאַרפרי א ניט־אויסגעשלאָפע־
נער און ניט־אויסגערוטער. א נער־
וועזער פאַרדראָס האָט אים געגעסן. ער
האָט געקריצט מיט זיינע שאַרפע, וויי־
סע ציין, וואָס האָבן ארויסגעלויכטן
פון זיינע שוואַרצע גראָבע ליפּן אין א
שאַרפן קאָנטראַסט. א שווערע סינע
האָט זיך געהויבן אין זיין מוסקוליר־
טער ברוסט און ער האָט זיך ניט גע־
קאָנט באַרואיקן.

דער ווידערגעפיל איז ביי אים גע־
וואַקסן צו די ווייסע, אויסגעפּאַשעטע
פּאַציענטן, וואָס זענען אהערגעקומען
פון אלע שטעט און שטעטלעך איבערן
לאַנד, צו היילן דאָ, אין די מינעראַל־
בעדער, זייערע סיפיליטישע פּלייצעס,
דורכגעפוילטע קערפּערס און רומאַטי־
שע פיס.

סלים האָט געטראַכט:

„צום טייוול! מער וועל איך ניט
גיין אַרבעטן. מער וועל איך זיי שוין
ניט באַדינען!"...

ער האָט מוירע געהאַט, אַז
אויב ער וועט פאָרט אהינגיין, וועט





ער זיך ניט קאָנען באַהערשן און וועט מיט זיינע קרעפטיקע הענט — אַנשטאָט וואַשן די קרעציקע לייבער און העלזער — דערשטיקן די ווייסע פּאַציענטן איינציקווייז, ווי די הינט.

ער איז געזעסן אויפן בעטל, האָט אַ געגעץ געטאָן און געכאַפּט אַ בליק אויף דער שלאָפנדיקער דזשועל, זיין יונג ווייב, וואָס האָט גע־זונט געאָטעמט מיט פרישקייט און מיט שמעקעדיקער ווייבלעכקייט.

ער האָט אַ טראַכט געטאָן:

„ווען ניט זי, וואָלט ער שוין טאַקע איינגאַנצן ניט אַהינגעגאַנגען. אַליין וואָלט ער זיך שוין ווי עס איז דורכגעשלאָגן. אַזוי אָבער, צו־ליב איר, קאָן ער דאָס ניט טאָן. ער וועט מוזן אָוועקגיין אַרבעטן. דאָס איז דאָך די איינציקע שטעלע, וואָס ער האָט באַקומען נאָך אַרומ־גיין לאַנגע כאַדאָשים אָן אַרבעט און אָן ברויט. ער האָט באַגריפן, אַז קוים פאַרלאָזט ער דאָס איצטיקע פּלאַץ, אין דער מינעראַל־באָד, וועט דאָס מיינען הונגער פאַר אים מיט זיין ווייב, וועלכע ער האָט אַזוי ליב, אַז פאַר אירעטוועגן איז ער פאַרטיק גרייט ווייטער צו וואַשן און רייניקן די דאָזיקע קרעציקע העלזער און פּלייצעס.

ער איז פלינק אַרויסגעשפּרונגען פונעם בעטל און אַף גיך זיך גע־נומען אָנטאָן. דער פאַרדראָס האָט זיך שטאַרקער און טיפער צע־פרעסט. ער האָט זיך דערפילט אַזוי נידעריק און באַליידיקט, אַז ער האָט זיך אַפילו ניט געקאָנט פאַרשפּיליען די קליידער. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דאָס איז צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן, וואָס אים איז אויסגעקומען אַזוי צו פילן. דאָרט, אין דער מיטל־מאַירעוו־שטאַט, וואו ער איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן, איז אים, עמעס, אויך אויסגעקומען אויסצושטיין און הערן באַליידיקונגען. אָבער דאָרט האָט ער זיך פאָרט געפילט פרייער. דאָרט האָט ער געקאָנט אָפּענטפערן אַף באַליידיקונגען מיט אַ וואָרט און טיילמאָל אויך מיט זיינע געזונטע און שטאַרקע הענט.

— ניט געדאַרפט אַוועק פון דאָרט, — האָט ער זיך געגעסן. — ניט געדאַרפט אַהערקומען.

דאָרט, אין דער מיטל־מאַירעוו־שטאַט, האָט ער אויך געליטן. געטאָן דאָרט די שמוציקסטע און שווערסטע אַרבעטן. אַרבעט, צו וועלכער די ווייסע האָבן זיך אַפילו ניט געוואָלט צורירן. אין פרישע, שמעקעדיקע פאַרטאָגן איז ער, סלים, אַף שטינקנדיקע מיסט־וועגענער געשטאַנען און איינגעטאַפּטשעט מיט זיינע פיס דאָס אַריינגעוואָרפענע מיסט און אָפּפאַל, וואָס מען האָט איבער דער שטאָט צוזאַמענגענומען. דאָס האָט אים זיין שמעק־כוש פאַרסאַמט. ער האָט זיך אָבער קיינ־מאָל ניט באַקלאָגט. ער האָט זיין אַרבעט געטאָן, טרייסטנדיק זיך, אַז דאָס מוז דאָך אימיצער פאָרט טאָן. און אַזוי לאַנג ווי ער האָט דערפאַר באַקומען גענוג, אַהיימצוברענגען כאַטש אַן אָרימע אויסקו־מעניש פאַר זיין ווייב, האָט ער דאָס מיט אַ שטילן ווייטיק געטאָן און

געהאפט צו געפינען ווען עס איז עפּעס א בעסערע און שענערע ארבעט. שפּעטער, אבער, האט דער שארפער קריזיס זיך ווי א מאגייפע אריינ־געשניטן אין אלע שטעט פון לאנד; די דזשאבס — אפילו די שמו־ציקסטע — וואס איז געוויינלעכע צייטן וואלט זיך א ווייסער אף זיי ניט אומגעקוקט — זענען אויסגעכאפּט געווארן. אים, סלימען, איז דאן אויסגעקומען זיך ארומצעדרייען לאנגע כאדאשים אן א מעגלעכ־קייט אהיימצוברענגען א שטיקל ברויט. דעמאלס ערשט האט זיך זיין שטאלצע פּלייצע איינגעבויגן. זיין נידעריקער, געקארבטער שטערן האט זיך נאך מער איינגעקנייטשט און די ווייסע בלישטשענ־דיקע ציין האבן זיך נאך שטארקער פארקלאמערט. פון א געדאנק, וואס האט אמאל, אין א פארצווייפלטער מינוט, ביי אים אין מויעך א גריבל געטאן, איז געווארן א פעסטער באשלוס:

„אוועקפארן"!...

סלים האט אריינגערופן פון גאס דעם אלטן וואשינגטאן, וועלכער האט אף א טאטשקע ארומגעפירט אפגעקויפטע אלטע שמאטעס; צע־בראכענע טישלעך און בענקלעך, פארזשאווערטע ספּרוזשינעס פון אלטע בעטן און דורכגעפוילטע מאטראצן, וואס זענען געווען דורכ־געזאפט מיט שימל פון ענגע און שמוציקע שטיבלעך. ער האט דעם אלטן א ווייז געטאן אף זיינע שטוב־זאכן:

— העי, פאטערל, וועסט אפקויפן אט־דאס־א?...

וואשינגטאן האט פארקוועטשט זיין איינציק מייזלדיק־פלינק אויגעלע, וואס האט אים, ווי א געטרייער מעשארעס געדינט, זינט דאס אנדערע איז מיט א צען יאר צוריק אויסגערונען געווארן. ער האט מיט זיינע דארע, ביינערדיקע פינגער א טאפּ געטאן דאס שיטערע, גרויע בערדל, איינגעקוועטשט די אנציינערדיקע ליפּן און מיט א ברי־פּענדיק־הייזעריקן קאל, ענלעך צו א הון איידער זי לייגט אן איי, האט ער אף א קוויטשיק פאלצעטל ארויסגעפּיסטשעט:

— העי, מאכסט גאר בויזעק פונם אלטן וואשינגטאן?... העי?..

— א, העל! — האט סלים אומגעדולדיק א ברום געטאן, — ווע־מען ליגט עס איצט אין זינען בויזעק צו מאכן פון אימיצן? דו וועסט דאך מיך ניט הייסן בלייבן זיצן דא, אין שטאט, און אויסציען מיינע פארדאמטע פיס פון הונגער!...

דער אלטער וואשינגטאן, וואס האט אין זיינע יונגע יארן — א כויץ זיינע אפיציעלע באשעפטיקונגען, ווי: סטאלעריי, מולעריי און לערעריי — געהאט א שטעלע פון א גאלעך אין א קליינשטעטלדיק קלויסטערל, האט שטענדיק גערעדט אין א טפילע־טאן. ער האט אויפגעהויבן זיינע הענט אינדערהויך, פארגלאצט דאס איינציקע אויגל און גענומען מוסערדיק פּאטשן מיט די ליפּן:

— גאט פארלאזט ניט דאס קלענצטע ווערימל אף דער ערד. ער וועט אויך פארזארגן מיט שפּייז — דיך, פונקט ווי ער פארזארגט אלע

זיינע מענטשלעכע קינדער.

סלים האט פארביטערט געלאכט:

— געהערט. געהערט שוין די דאזיקע מייסעס. לאז זיי אי־בער פאר אנדערע. מיר, ווייזט אויס, האבן קיין זכיע ניט. גאט האט אונז ניט ליב. מיר וועלן שוין, ווי עס זעט אויס, זיך אליין מוזן פארזארגן און ניט ווארטן אף אים.

דער אלטער איז אויפגעשפרונגען:

— מען טאר אזוי ניט, זונעלע. גאט וועט זיכער העלפן!...

— א, העל, אז איך וויל פארט ניט הערן קיין מוסער, — האט סלים אומגעדולדיק אפגעשניטן.

דער אלטער האט גענומען רעדן ווייכער:

— איז וואוהין־זשע לאזטו זיך, סלים? — האט ער נייגעריק גע־פרעגט.

— אין דארעם.

— אין דארעם? — האט דער אלטער אויפגעציטערט. — נעגער, בארעכן צום ערשטן וואס דו גייסט טאן!... הער, נעגערס לויפן פון דארעם, ווי פון א גהענעם, און דו רייסט זיך אהין?... עד־עד־עד, יא, דארט וועסטו שוין פארשפארן אויסציען די פיס... דארט וועלן זיך שוין געפינען אנדערע, וואס וועלן זיי דיר אויסציען... דארט...

סלים האט אים איבערגעשלאגן:

— א, דערציייל ניט קיין שרעקעדיקע זאכן. אומעטום איז איין וועלט.

— יא, אבער די ווייסע דארט, אין דארעם?!... זיי...

— ווייסע זענען אומעטום די אייגענע מאמזיירים. — האט סלים שארף אפגעענטפערט.

דער אלטער האט זיך צוגעזעצט און געזיפצט:

—עד, נעגער, וועסט דארט פייגערן... ווי א הונט וועסטו פייגערן... מען וועט דיך דארט לינטשן...

— א גרויסער כילעק וואו און ווי אזוי? — האט סלים א מאך געטאן מיט דער האנט, — דא וועל איך אויך פייגערן ווי א הונט.

דער אלטער האט אים ניט געענטפערט. ער האט בלויז גע־שאקלט מיטן קליינעם, גרויען קאפ, אז די נאכהענגענדיקע, צע־קנייטשטע באקן האבן זיך אזש אונטערגעשאקלט. זיין אויגעלע האט געטרערט און די ליפן האבן שטילערהייט אונטערגעזיפצט:

— עד־עד־עד, זינדיקע מענטשן, זינדיקע מענטשן...

— איז וואס־זשע, — האט סלים ווידער א פרעג געטאן, —קויפסטו אט דעם דאזיקן דזשאנק?...

דער אלטער האט א קנאק געטאן מיט דער צונג אף דעם נאקעטן, טרוקענעם גומען, אז עס האט אזש אפגעקלונגען:

— מניא, וואס דען, איך וועל דיך לאזן פארלירן די פאר סענט

וואָס עס האָט נאָך די ווערט? — האָט ער, ווי ער וואָלט אים די גרעסטע טויווע געטאָן, מיט אַנשטעל אַ זאָג געטאָן:

— איז וויפל ווילסטו דערפאַר?

— זאָג דיין וואָרט!...

— דיין סכוירע...

סלים האָט גענומען בייסן אַ פינגער:

— איך ווייס... אַ פינף און צוואַנציקער גיב אַהער. גוט?

דער אַלטער האָט זיך צעלאַכט. דאָס געלעכטערל — ענלעך צו אַ הוסט:

— איקפּע־קכע־קכע!... אַ פיינע מעציע וועל איך דאָ איינהאַנדלען ביי דיר, מיין לאָרד!...

סלים האָט זיך דערשראָקן פאַרן אַלטנס געלעכטערל. געוואוסט האָט ער, אַז ווען ער, וואַשינגטאָן, צעלאַזט זיך אַזוי מיט דעם דאָזיקן געלעכטערל, איז שוין ניט גוט. ער האָט דעריבער גענומען זוכן אַ וועג, ווי אַזוי איבערצוצייגן דעם אַלטן, אַז עס האָט יאָ די ווערט.

פלינק האָט ער אַ כאַפּ געטאָן אַ בענקל פון דער ערד, דאָס אויפגעהויבן אינדערהויך און אַ זאָג געטאָן צום אַלטן:

— גיב נאָר אַ קוק אַף דעם!... באַטראַכט נאָר די פאַרב!... זע נאָר ווי פּעסט עס שטייט!... וועסט נאָך דערביי פאַרדינען אַ גאַנץ צענערל... ביי גאָט, עס איז דאָך ווערט דאָס געלט!...

וואַשינגטאָן האָט גוטמוטיק גערדראָעט מיט אַ פינגער און געשמייכלט:

— און אַז איך האָב צו דיר אַזוי געטיינעט, בעשאַאַס איך האָב עס דיר פאַרקויפט, האָסטו עס ניט געוואָלט גלויבן; האָסט זיך נאָך געדונגען ווי אַ טייוול...

— יאָ, אָבער... איך האָב דאָך דיר באַצאָלט העכער אַ פופציקער...

— נוצסטו עס אָבער שוין באַלד אַ האַלב יאָר?!...

— מענטש! — האָט סלים אויסגעשריען, — האָב איך דאָך מער ווי אַ העלפט העזעק דערפון.

— וועל־על, — האָט דער אַלטער אויסגעצויגן, — איך וועל דיר אַפּציילן צען דאָלאַר. דאָס איז ווייל דו ביסט אַן אייגענער. זאָל מיר יעזוס אַזוי העלפן!

— און צוויי צענערלעך וועסטו ניט אונטערשטופּן? — האָט סלים וואויל־יונגעריש אים לייכט אַ קלאַפּ געטאָן איבער דער פּלייצע.

— כ'קאָן ניט. זאָל מיך אַ מעכאַשייפע אין כאָלעם דערשטיקן!

— גיב אַהער פופצן. זיי ניט קיין איינגעשפּאַרטער.

דער אַלטער האָט אַ מאַך געטאָן מיט זיין דאַרער, ביינערדיקער האַנט, איז אַרונטערגעקראָכן אונטערן צעבראַסטעטן העמדל און האָט פון דאָרט אַרויסגעשלעפּט אַ לאַנגן, לעדערנעם בייטל, וואָס איז געהאַנגען אַף אַ שטריקל אַרום זיין האַלז. געלאָסן האָט ער גענומען

אויסציילן אפֿן טישל אַרויף דרייצן איינציקע פּאַפּירלעך, באַטאַפּנדיק יעדעס פּאַפּירל עטלעכע מאָל, צי עס האָבן זיך אַמאָל ניט צוגעקלעפּט צוויי צוזאַמען.

סלים איז געשטאַנען אַ פֿאַרגליווערטער. ער האָט געקוקט אויף די עטלעכע פּאַפּירלעך, וואָס דער אַלטער וואַשינגטאָן האָט אים באַצאָלט פאַרן ביסל דזשאַנק און זיך מוירע געהאַט צוצורירן צו זיי. מיט ווייטיק האָט ער נאָכגעקוקט דעם אַלטן. געזען, ווי ער האָט אַרויס־געטראָגן די בענקלעך, די שאַפֿקע און איינציקווייז שטיקער פֿונם בעט. ערשט שפּעטער, ווען דער אַלטער האָט אַ נעם געטאָן דאָס טישל, האָט ער, סלים, צוזאַמענגעדריקט די פּאַפּירלעך אין זיין פֿויסט און זיי גע־נומען פֿאַרבינדן אין אַ טיכל, אין וועלכן עס זענען געווען איינגעבונדן נאָך עטלעכע אָפּגעשפּאָרטע דאָלאַר פֿון פֿריער.

אין שטוב איז אַריינגעטראָטן אַ טויטע שטילקייט. די נאַקעטע ווענט האָבן געקוקט אויף סלימען, וועלכער האָט זיך אַרומגעדרייט, ניט־וויסנדיק צו וואָס זיך צו נעמען.

ער איז אַריין אין טונקעלן שלאָף־שטיבל.

דאָרט, אויף דער גרויער וואַנט, איז געשטאַנען אַ שוואַרצער, איינ־געבויגענער שאָטן, וואָס איז געפֿאַלן פֿון קליינעם קעראָסין־לעמפּל, אויף דער ערד. דער שאָטן, דזשועלס, — ווי זי איז געשטאַנען אַן איינגעבוי־גענע און געשטופּט אין אַן אַלטן קופֿערט אַריין אירע עטלעכע אַלטע קליידלעך און אַביסל וועש מיט קישעלעך.

סלים האָט געזען, ווי זיין שאָטן — אַ גרויסער — האָט זיך דער־נענטערט. ער איז צוגעגאַנגען, האָט אַ קוק געטאָן אויף דזשועלס פֿאַרווייינטן פּנים, האָט מיט ווייטיק אַרונטערגעלאָזן זיין בליק צום צעשטשערבעטן, גרוי־געפּאַרבטן, שמוציקן דיל און אים האָט אַרומגע־כאַפּט אַ ווייטיק און ראַכמאָנעס צו איר. ער האָט זי אַרומגענומען מיט זיינע גרויסע, שטאַרקע הענט און צערטלעך באַרואיקט:

— האַני־טייערע, וויין ניט. אומעטום איז אַ וועלט. זעסט, אַזוי לאַנג ווי איך פֿאַרמאָג נאָך אַט־אָ־די־אָ, — וועל איך אומעטום מיין ברויט פֿאַרדינען. — האָט ער, פֿאַנאַנדערנעמענדיק זיינע הענט אין דער גאַנצער ברייט, זי געטרייסט.

דזשועל — אַן איינגעבויגענע — האָט אַרויפֿגעקוקט צו סלימען און — ווי שטענדיק — געשוויגן.

„ניט געדאַרפֿט אַהערקומען", — האָט ער אַ טראַכט געטאָן און געקוקט אויף איר.

איר גאַנצער דעמאָלסדיקער אומעט, איר שווייגן אין דער פֿריער־דיקער נאַקעטער היים, דאָרט, האָט זיך סלימען איצט דאָ, אין דער נייער דאָרעם־היים איבערגעכאַזערט. זי איז געלעגן אפֿן בעטל פֿון צענויפֿגעקלאַפּטע אַלטע קאַסטנס, געשלאָפֿן און אינגאַנצן ניט געהערט וואָס ביי אים אין האַרצן איז פֿאַרגעקומען.

סלים האָט זיך צוגעבויגן צו איר. מיט בענקשאַפט האָט ער זיך איינגעקוקט אין דער שלאָפנדיקער ווייב, וועלכע האָט געאָטעמט מיט אַ ליבלעך־ברוינעם שמייכל אויף איר מולאַטיש־ליכטיקן פּנים. גנייוויש און פאַרזיכטיק האָט ער געכאַפּט אַ בליק אויף איר פאַרקיילעכיקטן בויך, וואָס האָט זיך געהויבן אונטער דעם גרוילעכן ליילעך.

ער האָט אַ שמייכל געטאָן:

„אינגיכן וועט ביי אונז זיין אַ ניי נעגערל. אַ שוואַרצער מאַלעכל".

ער האָט זיך דערמאָנט:

ערשט מיט אַ צוויי כאַדאָשים צוריק, האָט זי, דזשועל, איינמאָל אין אַ פאַרטאָג, בעאיים ער האָט זיך געקליבן אוועקגיין צו דער אַרבעט, צערטלעך גענומען זיין שווערע האַנט און אוועקגעלייגט צו זיך אויפן בויך. זי האָט געקוקט אויף אים מיט אירע בלישטשענדיקע אויגן און כיינעוודיק־שעמעוודיק געשמייכלט. ער האָט דעמאָלט געפילט עפּעס אַזאַ ווארעמס און קיילעכיקס זיך אַרומגליטשטן אונטער איר ליכטיקער הויט. דעמאָלט—געדענקט ער—האָט ער געוואָלט, אַז דאָס קינד זאָל זיין אַ אינגל. דעמאָלט האָט ער אין האַרצן גאָט געבעטן, אַז דאָס קינד זאָל זיין ווייס. מיט אַ ווייסער הויט, פּונקט ווי דער מוטערס. היינט אָבער, וויל ער דאָס ניט. היינט וויל ער, אַז דאָס קינד זאָל קומען אַ שוואַרצס. שוואַרץ — אַזוי ווי ער אַליין איז. ער האָט דאָך די ווייסע אַזוי פיינט געקראָגן, אַז... און ווי קאָן ער זיי ניט פיינט האָבן, אַז זיי, די ווייסע, באַליידיקן אַזוי טיף זיינע ברידער און לאָזן זיי פּאַשעט פריי ניט אָפּאָטעמען. שפּאַצירט אַמאָל אַ נעגער און עס קומט אַנטקעגן אַ ווייסער אויף דער גאַס, — מוז דער נעגער אים דעם וועג אָפּטרעטן. אומעטום, אין טראַמוויי, אין דער באַן, אין טעאַטער און אַפילע אין גאָטס־הויז, — אין קירך, האָבן זיי, די ווייסע, צאַמען אויפגעשטעלט. האָבן זיך אָפּגעזונדערט ווי יאַכסאָנים. זיי, די איינוואוינער פונם שטעטל, וואָס זענען אַהערגעקומען קראַנקע און וואָס האָבן פּונקט אַזעלכע קרעציקע הערצער ווי לייבער, זענען עס די, וואָס האָבן די צאַמען געשטעלט, וואָס האָבן געפּאַסעוועט די לעבנס פון זיינע ברידער און באַליידיקט זייערע געפילן... און איצט, די געשיכטע מיט סאַלאָמאָנען, זיין איינציקן און עמעסן פריינט...

סלים האָט אַ ציטער געטאָן. דאָס ווייסלעכע, ליכטיקע פּנים דזשועלס, האָט אים געשראָקן.

— ער!... און אַמאָל האָב איך דאָך דאָס דאָזיקע פּנים אַזוי שטאַרק ליב געהאַט, — האָט ער צו זיך אַ מורמל געטאָן.

קוקנדיק אויף איר, פלעגט ער אַלעמאָל פאַרגעסן, אַז די וועלט טיילט זיך אויף ווייסע און שוואַרצע. דורך איר, דורך דזשועלס ווייסן פּנים, — האָט ער די וועלט שטענדיק געזען אַ ריינע און גלייכע. איצט אָבער, איז זיין סינע צו די ווייסע אַזוי פאַרשטאַרקט געוואָרן, אַז ווען זי, דזשועל, וואָלט איצט ניט געווען געטראָגן זיין אייגענעם פאַרזיי איז

זיך, וואָלט ער זי זיכער פאַרלאָזן. ער וואָלט בלויז צוליב איר ווייס־קייט געוועז אַנטלאָפן.

סלים האָט מיטאַמאָל אַן אומבאַקוועמען שמייכל געטאָן. ער האָט זיך פאַרשעמט פאַרן געדאַנק, וואָס האָט זיך אומווילנדיק אין זיין מויעך אַ גליטש געטאָן. און פּונקט ווי צו פאַרגיטיקן און אויסצומעקן דאָס פון זיך, איז ער צוגעגאַנגען אױף די שפּיצן פינגער, זיך איינגע־בויגן צו דזשועלן, אַ קוש געטאָן איר אַטעמדיקע רויטע ליפּן און שטילערהייט זיך גענומען אַרויסשאַרן פון שטוב, קעדיי זי ניט אױ־בערצוואַועקן:

— זאָל זי שלאָפן, מיין טייערע! זאָל זי...

ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט צו דער אַרבעט.

ס׳איז נאָך פרי געווען. אױף דער הויפּט־גאַס זענען נאָך די גרוי־סע קראָמען פאַרמאַכט געווען. דאָ און דאָרט האָבן מענטשן איינצל־נע און פרעמדע — געשפּאַצירט מיט זייערע קרענקלעך־פאַרשלאָ־פענע פּנימער. ערגעץ אין אַ ראָג גאַס איז געשטאַנען אַן אַלטער נעגער, וואָס האָט מיט אַ גרויסן בעזים געקערט דעם ווייס־געפּלאַסטער־טן, ברייטן טראָטואַר. אַ טראַמוויי־וואַגאָן, מיט עטלעכע דרימלענדיקע, מידע נעגערס, איז דער אונטערשטער אָפּטיילונג, האָט זיך פאַרביי־געשלעפּט אינמיטן גאַס. אַ ווייסער, אויסגעבאַליעטער הימל, — פּונקט ווי די ווייסע, קראַנקע פּאַציענטן — האָט פויל געגענעצט אױ־בערן שטעטל און איינגעוויגט אַלץ אַרום אין אַ ווייסער שטילקייט. סלימס טריט האָבן הילכיק אָפּגעקלונגען אױפן טראָטואַר און אויסגע־גאָסן אַ בענגלעכע שרעק אױף אים אַליין.

סלים האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן דעם גאַסן־קערער:

— העלאָו דזשאָו!... האָו איז די באָי?...

— העלאָו סלים! וואָס מאַכסטו? — האָט יענער אַ בליץ געטאָן מיט זיינע גלאַנציק־שווימענדיקע אויגן־ווייסלעכער. — און וואָס הערט זיך דאָרט?...

סלים האָט אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ:

—פּאַסקודנע, נעגער. כ׳האָב גאָר־גאָר מוירע פאַרן „קיד״, פאַר סאָלאָמאָנען...

דער אַלטער האָט אַ ציטער געטאָן:

— ע־׳ט זיך אַריינגעכאַפּט, העז...

— ער איז אָבער אומשולדיק. איך ווייס עס. ער... ער...—האָט סלים, פּונקט ווי ער וואָלט יענעם געדאַרפט איבערצייגן, זיך געקאַכט.

— עד, דו דערציילסט עס מיר, דו נאַרישער יונג?!... — האָט דער אַלטער אָפּגעענטפערט שטיל און מיט פאַרוואָורף, — און איך אַליין ווייס דען ניט, אַז ער איז אומשולדיק?... אָבער...

ער האָט זיך פאַרזיכטיק אַרומגעקוקט:

— זיי זאָלן אים נאָר ניט אַרויסשלעפּן פון טפיסע, איידער דער

מישפּעט וועט זיך אָנהויבן... עפּעס, דאַכט זיך, שמעקט אין דער לופט.
סלים האָט זיך גענומען קלאַפּן אין האַרצן אַריין:

— איך וועל אײדעס זאָגן... איך ווייס; ער איז דעמאָלס גאָר גע־וועזן מיט מיר אין באָד... ער האָט דעמאָלס...

— ער־ער־ער, — האָט דער אַלטער איבערגעשלאָגן אויסציִענדיק, — זיי וועלן דיר, אַ נעגער, ניט וועלן גלויבן. זיי...

— וועל איך אויפזוכן דעם ווייסן דזשענטלמאַן. יענעם, וועמען סאַלאָמאָן האָט פּונקט אין יענער צייט געוואַשן און באַדינט...

— זאָל דיר יעזוס העלפן, גרויסער יונג, — האָט דער אַלטער, וואָס מיטן בעזים, אָפּגעענטפערט, אָפּווישנדיק אַ טרער פון באַק.

סלים האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און זיך געלאָזט גיין ווייטער. דאָס האַרץ האָט אים שטאַרקט געקלאַפּט.

„מען וועט אים לינטשן” — האָט אַ גריבל געטאָן ביי אים אין מויעך. — „זיי וועלן מיט אים טאָן פּונקט דאָס זעלביקע, וואָס זיי האָבן געטאָן מיט פיר וואָכן צוריק, בעת זיי האָבן אַרויסגענומען אַן אַרעסטירטן נעגער פון זיין צעל, האָבן אים איינגעשפּאַרט אין אַן אייזערנער קאַסטע און אונטערגעצונדן די טפּיסע”....

— ניין, מיט סאַלאָמאָנען טאָר אַזעלכעס און וועט אַזעלכעס ניט געשען! — האָט סלים קוימאַט אויסגעשריגן.

ער האָט פאַרשנעלערט זיינע טריט און זיך געפּלייסט ניט אַזוי שטאַרק צו קלאַפּן מיט זיינע שווערע שיך אָפן טראָטואַר. ער האָט געוואָלט וואָס גיכער צוקומען צום אַרבעט־פּלאַץ, זיך זען מיט די אַנדערע נעגער פון דאָרט, און אויסגעפינען ביי זיי, ווי עס האַלט.

פאַר אַ ווייל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט ניט ווייט פונם מאַרמל־שטיין־געשניצטן וואַסער־פאָנטאַן, וואו עס זענען געשטאַנען גרופּעס מענער אין ווייס־געפּרעסטע פלאַנעל־הויזן מיט צעבראַסטעטע ווייסע העמדער, און פרויען — אין געבלימלטע, לייכטע קליידער. ער האָט גע־קוקט ווי זיי האָבן אָנגעשעפּט דאָס הייסע שוועבל־וואַסער פונם קוואַל, נעגאָסן אין זיך גלעזערווייז און אָן אויפהער געווישט די שווייסיקע פּענימער. ער האָט אַ טראַכט געטאָן:

„אַ קוק טאָן צווישן די דאָזיקע מענטשן. עפּשער איז דאָרט פאַראַן דער ווייסער דזשענטלמאַן, וועמען סאַלאָמאָן האָט נעכטן, בעת דער אומגליק איז געשען, באַדינט”...

ער האָט אַ צעזייע געטאָן זיינע בליקן, אָבער יענעם ניט געפונען. ער האָט גענומען ווייטער לויפן מיט אומגעדולד.

פון וויטן האָט די ווייס־געמויערטע געביידע פון באָד געפינקלט קעגן דער אויפגייענדיקער זון מיט אַ העל־רויטער קאָליר. די גרויסע, שטיינערנע בוכשטאַבן האָבן פון באַגרינטן דאַך אַרונטערגעשריגן מיט אַ גייוועדיקן אויסרוף: „דייוויס מינעראַלע געזונט־בעדער”. אַפּן ווייסן, מיט בלומען־אויסגעצירטן באַלקאָן, לעבן די ברייטע, מאַרמל־

שטיינערנע טרעפּ, זענען געזעסן אויסגעזעצט פּאציענטן און האָבן זיך געוויגט אין ווייך־געבעטע וויג־שטולן. סלים האָט אהינגעוואָרפן זיינע בליקן און א האפנונג האָט זיך ביי אים צעצונדן:

„דאָרט מוז ער אוואדע זיין, דער דזשענטלמאַן. ער וועט אים צו די פיס פאלן. ער וועט אים די שיך קושן. ער וועט אים בעטן, ער זאָל דערציילן דעם עמעס, אז פונקט אין יענער צייט, ווען מען האָט דאָרט, אונטער דער שטאָט, צווישן די הויכע גראָזן, דאָס ווייסע, אומ־געקומענע מיידל געפונען, — האָט סאָלאָמאָן אים אין באָד געוואַשן און באַדינט”...

מיט אימפּעט האָט זיך סלים א לאָז געטאָן ארויף אויף די ברייטע טרעפּ. אינמיטן האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און גענומען זוכן מיט זיינע לויפנדיק־פלינקע אויגן, דאָס פּאָנים פון יענעם ווייסן דזשענטלמאַן, צווישן די וויגנדיקע פּאציענטן, וואָס אפן באַלקאָן.

סלים האָט דערפילט ווי זיינע קניען יוערן אָפּגעשוואַכט, ווי זיינע טריט בריען אים. אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אז אָט־אָט און ער וועט אומפאלן. ער האָט נאָכאמאָל א קוק געטאָן אין אַלע זייטן אָבער אַלץ ניט געפונען יענעם, וועמען ער האָט אזוי שטארק געזוכט.

סלימען האָט אָנגעכאַפּט א שארפער ווייטיק ארום בויך. קראַמפן האָבן אים גענומען בינדן און פּענטען, ווי מיט אן איינגעצוויגענעם שטריק, און אים געבויגן צו דער ערד. ער האָט זיך קוים אָנגעכאַפּט אינם שטיינערנעם באַריער און מיט אָנגעשטרענגטע קויכעס זיך גע־נומען שלעפּן צו דער הויפּט ארייננגאַנג־טיר.

---

פונדערווייטנס, אזוי ווי פון אַנדערן עק שטאָט, האָט זיך מיט־אמאָל דערהערט אן אויסטערלישער און ארויסרופנדיקער אויסגעשריי:

— האַ—אַ—אַ—או ! . . . הי—ער יע!... האַ—אַ—אַ—או !...

די וויגנדיקע פּאַציענטן האָבן זיך דערשראָקן אומגעקוקט. קיי־נער פון זיי האָט ניט געוואוסט וואָס דאָס געשריי באַטייט. באַלד האָט דאָס זיך איבערגעכאַזערט נאָכאמאָל און ווידעראמאָל. דער גאַנ־צער אוילעם איז געוואָרן אויפגערעגט און אויפגעשפּרונגען פון די וויג־שטולן. די מענטשן האָבן זיך איבערגעקוקט צווישן זיך און אויסגעפרעגט איינער ביים צווייטן וואָס דאָס געשריי קאָן מיינען. עט־לעכע האָבן זיך האַסטיק א לאָז געטאָן לויפן אין דער ריכטונג פון וואַ־נען דאָס געשריי האָט זיך קעסיידער געטראָגן.

סלים איז געשטאַנען לעבן דער טיר, אָן אָנגעשפּאַרטער און אָנ־מאַכטיקער.

דער יוניפאָרמירטער גראָב־בייכיקער שווייצאר האָט געפרייכט און געציטערט. די אויגן זיינע — ווי אָנגעגאָסענע מיט בלוט — האָבן זיך געריסן פון זיין ברוין־שוואַרצלעכן פּאָנים. ער האָט א ברום געטאָן אין סלימס זייט:

— אַ, לאָרד, שוין ווידער!...

סלים האָט אױף אים אַ קוק געטאָן מיט אויסגעלאָשענע אויגן. זיין קאָפּ—פּונקט ווי אַלץ וואָלט פון דאָרטן אויסגערונען — אַ ליידיקער. ער האָט אין יענער מינוט אינגאַנצן פאַרגעסן, וואָס עס קומט פאָר. ער האָט שטייף אַ פרעג געטאָן:

— וואָס ווידער?...

דער שווייצאַר האָט שטיל אַ וואָרף געטאָן:

— מ'גייט לינטשן!...

סלים, ווי ער וואָלט געקומען צו זיך פון אַ כאַלאַשעס, האָט אַ גע־שריי געטאָן:

— ניין! דאָס קאָן ניט זיין!... מען וועט אים ניט לינטשן!... מען וועט ניט... איך...

מיטאַמאָל האָט ער זיך אַ ריס געטאָן אױף צוריק.

דער שווייצאַר האָט אים געפּרוּווט איינהאַלטן:

— וואָס טוט זיך מיט דיר, נעגער, וואוהין לויפסטו? — האָט ער אַ זאָג געטאָן, — ביסט משוגע געוואָרן?...

סלים האָט זיך אַרויסגעריסן:

— איך וועל אַהינלויפן. איך וועל אים ראַטעווען. איך וועל ברענגען איידעס. איך...

דער שווייצאַר האָט אים נאָכגעוואָרפן:

— באַרעכן זיך, מענטש, זיי וועלן דיך אויך לינטשן. ביי יעזוס!...

סלים האָט אים אָבער ניט געהערט. ער איז אַרונטערגעלאָפן פון די עטלעכע ברייטע טרעפּ, ווי אַ נעיאַגטע, ווילדע כאַיע, אױף וועל־כער עס זענען מיטאַמאָל אויסגעשטעלט געוואָרן אַ מאַסע יעגערישע ביקס־רערן.

דאָס געשריי האָט זיך ווידער דערהערט. דאָסמאָל שוין ווילדער, שטאַרקער און אַפּטער. עס האָט זיך געטראָגן אַ משוגעדיק קוויט־טשעריי, פּונקט ווי אַ משוגענער וואָלט זיך געווען אַרויסגעכאַפּט פון משוגעאָים־הויז און אַנגעיאָגט אַ פיינלעכע שרעק אױף דער שטאָט.

ווי פון עפּעס אַ געהיימען, ניט־געזעענעם צייכן, האָט זיך די גאַנ־צע באַוועגונג אױף דער גאָס מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט אינמיטן. די טראַמוויען זענען געבליבן שטיין אױף די פּלעצער און האָבן פון זיך,— ווי פון זעק — אַרויסגעוואָרפן די פּאַרנדיקע פּאַסאַזשירן. די מענטשן האָבן זיך גלייך צעטיילט אין צוויי גרופּעס. איינע — די נעגערס — זענען אַנטלאָפן אין די זייטיקע געסלעך און האָבן — שרעקנדיקע — זיך באַהאַלטן אין די דערבייאיקע קאָרידאָרן און הויפן; די צווייטע — די ווייסע — האָבן זיך איילנדיקע אַרויפגעכאַפּט אױף די דורכפאָרנ־דיקע טעקסיס און אויטאָמאָבילן. מאַסנווייז האָבן זיי זיך אָנגעהאַנ־גען אױף די טרעט־ברעטער און בופערן פון די מאַשינען, וואָס האָבן זיך אין ברייטע שערענגעס, צו פיר און צו פינף אין דער ברייט גאַס

— געטראָגן אין דער ריכטונג פון צענטער שטאָט, צום סקווער.

סלים האָט געגאַנוועט זיינע טריט שטילע און באַהאַלטענע. ער האָט זיך געשלעפּט דורך הינטערגעסלעך, איז געשפּרונגען איבער פּאַר־צאַמונגען, געקראָכן איבער ליידיקע הויפן און זיך ארויסגעגליטשט צום סקווער. דאָרט האָט ער זיך פּאַרזיכטיק אַרויפגעכאַפּט אויף א דאַך פון א דערבייאיקן הויז און זיך איינגעגראָבן צווישן צוויי קוימענס.

פון דאָרט האָט ער געזען:

טויזנטער מענטשן — צענויפגעדריקטע איינער צום צווייטן — האָבן זיך ווילד געשטופּט, פאַרפּלייצנדיק דעם גרויסן סקווער. פיס האָבן זיך געטאַפּטשעט איינער אויפן אַנדערן, שפּאַרנדיק זיך צוצוקומען נענטער צום צענטער. אַנטקעגן, אויפן פלאַכן דאַך פונם הויכן, שטאָ־טישן האָטעל, דאָרט וואו סראַוו פון די אָנגעקומענע, אויסערשטאַטישע געסט זענען איינגעשטאַנען, איז געזעסן אַן אָפּגעריסענער ווייסער באַ־כער, אַרונטערהענגענדיק זיינע פיס איבערן געזימס. ער האָט דאָס אַזוי געשריגן מיט באַנומענע קוילעס. די מענטשן אונטן, האָבן אונ־טערגעכאַפּט זיין געשריי מיט געדולע. זיי האָבן געפּאַכעט מיט די הענט אין פאַנאַטישן עקסטאַז, פונקט ווי עס וואָלט געהאַלטן ביים פּאַרקומען עפּעס א גרויסע רעליגיעזע פּראָצעסיע, א קאַרניוואַל, אָדער א גרויסער ספּעקטאַקל. קרעמערישע אינגלעך האָבן יאָנטעוודיק אויס־געשריגן נאַשעררייען און סאָדע־וואַסער צום פּאַרקויפן און האַנאַעדיק געוואָרפן די זילבער־מאַטבייעס צו זיך אין די קעשענעס אַריין.

מיטאַמאָל האָט דער אָפּגעריסענער כעוורעמאַן, וואָס אויפן דאַך, איבער א נייעם עפּעס אויסגעשריגן און אָנגעוויזן מיט א האַנט צו א זייטיקער געסל. עס איז באַלד שטיל געוואָרן. דער גאַנצער אוילעם האָט אויסגעדרייט די קעפּ אין דער ריכטונג וואו יענער האָט אָנגע־וויזן. אַלע האָבן איינגעהאַלטן די אָטעמס און געשוויגן. אינמיטן פּלאַץ האָט דער אוילעם זיך ווידער גענומען שטופּן און שטויסן, צו מאַכן פּאַר זיך א באַקוועמערן און נענטערן פּלאַץ און צו עפּענען אַן א דורכפאַר צווישן זיך. א פּראַכט־אויטאָ איז מיט טומל צוגעפאָרן און, מיט א גריל, זיך אָפּגעשטעלט אינמיטן סקווער. פון דאָרט זענען אַרונטערגעשפּרונגען א מאַן־צען אָדער צוועלף. זיי האָבן זיך אַקטיאָריש פאַרנויגט פאַרן אוילעם, אַרונטערגענומען א יונגן, צעבלוטיקטן נעגער פון דאָרט און, מיט פּרעסערישן אימפּעט, אים צוגעשלעפּט צום מיטן סקווער.

סלים האָט זיך שאַרף איינגעקוקט אין יענעם. דאָס יונגע, שוואַרץ־ביינעוודיקע פּנים האָט זיך אין טויט־שרעק און אַנגסטן גע־צאַפּלט. די הענט — פאַרבונדן אויף אַרונטער — האָבן געציטערט. דאָס ווייסע העמדל — א צעפּלאַסנס און צעריסנס — האָט מיט שטי־קער צויטנס און בלוט־פּלעקן געפינקלט קעגן דער זון און זיך צעווייעט אין ווינט. פון דער רעכטער באַק, הויך ביים שטערן, האָט זיך גע־

שלענגלט א פּאַסיקל בלוט, גלייך צום צעוויטיקטן מויל צו.

סלים האָט אים דערקאַנט. דאָס איז געווען סאָלאָמאָן; זיין פריינט.

דער אוילעם אפן סקווער איז פּאַשעט צעווילדעוועט געוואָרן. אימיצער האָט א הויכן געשריי געטאָן:

— אטאַ באַי, הענגט אים, פּאַרענדיקט אים, דעם לוויזיקן!...

ווי אונטערגעצונדן פונם דאָזיקן אויסרוף, האָט קימאַט דער גאַנצער אוילעם אָנגעהויבן טומלען. עס האָבן זיך געטראָגן קוילעס:

— הענגט אים!...

— לינטשט אים!...

— מאַכט א סאָף צום שמוציקן ניגער!...

פון א קראָם האָט אימיצער ארויסגעטראָגן א טישל. איינער פון דער כעוורע, וואָס איז אָנגעקומען מיטן פּראַכט־אויטאָמאָביל, איז ארויפגעקראָכן אפן טישל. דאָס איז געווען א פּאַרשוין א גראָבער און אָנגעפּרעסענער; א נעפּעש מיט אן ארונטערהענגנדיקן בויך איבער זיינע קורצע פיס און אין א שיינעם, גלאַט־געפּרעסטן קאָסטיום. ער האָט זיך גאַדלעסדיק און וואַזשנע ארומגעקוקט, האָט אויפגעהויבן זיין שמאָלציקע האַנט אינדערהויך און זיך געגרייט צו רעדן.

דער אוילעם איז ווידער שטיל געוואָרן. פון אַלע זייטן האָט מען געקוקט אף יענעם און געוואַרט וואָס ער וועט זאָגן.

סלים האָט אָנגעשפּיצט זיינע אויגן. ער האָט מיט זיי דורכגענומען דעם גלאַט־געפּרעסטן קאָסטיום און אים האָט זיך געדאַכט, אז ער זעט דעם נעפּעש א נאַקעטן און הוילן. סלימען האָט זיך אויסגעוויזן, אז דאָס איז איינער פון די קרעציקע, פון די סיפיליטיקער. ער וואָלט, דאַכט זיך, געקאָנט שווערן, אז יענער איז באַשאָטן מיט וואונדן אף די פּלייצעס, אף דער ברוסט און אפן גאַנצן האַרץ. סלימען האָט זיך פאַרגעשטעלט, אז ווען יענער וועט נאָר דאָס מויל עפענען, וועלן זיך פון דאָרט ארויסגיסן סאָמיקע קרעץ, וואָס וועלן אָנשטעקן אָט די אַלע וואָס שטייען אונטן; אז די גאַנצע שטאָט, דאָס גאַנצע לאַנד, וועט באַשאָטן ווערן מיט קרעץ.

באַלד האָט סלים דערהערט דאָס קרעציקע געשריי פונם נעפּעש:

— לײדיס און דזשענטלמען! — האָט יענער געשיפּעט, — נעכטן אין אוונט האָט זיך אין אונזער שטאָט פאַרלאָפן א גרויס אומגליק. א ווייסע מיידל איז געפונען געוואָרן פאַרגוואַלטיקט הינטערן שטאָט, צווישן די גערדיכטע גראָזן. אָט, דעם דאָזיקן מיעסן און נידערטרעכטיקן נעגער האָט מען דאָרט שפּעטער געטראָפן זיך ארומדרייען. דער קאַרבן קאָן, צום באַדויערן, איצט ניט דערקאָנען דעם אָנפאַלער. אָבער אַלע סימאָנים באַווייזן, אז ער, דער נעגער סאָלאָמאָן קינגסלי, אָט דער זעלביקער וואָס שטייט דאָ פאַר אייך,—איז דער, וואָס איז באַגאַנגען דאָס פאַרברעכן. ער איז עס דער, וואָס האָט באַשמוציקט אונזער

ריינע, נאָט־געבענטשטע היים; איז באַפאַלן אונזערס א ווייב און גע־בראַכט שאַנד אַף אונזערע קעפּ. בארעכנט נאָר; פאַראומרייניקט אונזערס א טאַכטער, אונזערס א שוועסטער. נאַטירלעך, האָט דער דאָזיקער פאַרשאָלטענער נעגער נאָך די האָזע און כוצפּע צו לייקענען די גאַנצע באַשולדיקונג. אָבער... מיר קאָנען אים ניט גלויבן!... מיר טאָרן אים ניט גלויבן!... דעריבער, בירגער, גיבן מיר אים איצט איבער אין אייערע הענט, אַז איר זאָלט באַשטימען וואָס צו טאָן מיט אים!...

ווידער האָבן זיך א טראַג געטאָן אויסגעשרייען:

— לינטשן אים!...

— הענגען!...

— צעשניידן אַף שטיקער!....

— פאַרברענען אים, פאַרברענען!....

סלים האָט אויפגעציטערט. ער האָט דערפילט א פאַרלאַנג אַרונטערצולויפן און דערציילן, אַז ער ווייסט וואו סאַלאַמאָן איז גע־ווען אין צייט פון יענעם אומגליק. ער האָט אָבער פאַרשטאַנען, אַז עס איז צו ריזיקאַליש אַרונטערצוגיין. ער האָט דעריבער מיט די אויגן גענומען זוכן אַפן סקווער א פּאָליסמאַן, וועמען ער זאָל קאָנען זאָגן וואָס ער ווייסט. אָבער קיין שום פּאָליסמאַן האָט ער אונטן ניט גע־זען. אין א זייטיקער גאַס נאָר, אינדערווייטן, האָט ער געזען עטלע־כע פּאָליסלייט נעמיטלעך אַרומשפּאַצירנדיק. זיי האָבן געהאַלטן די הענט פאַרלייגט אַף די רוקנס, זיך געשפּילט מיט די העלצלעך און זיך אפילע ניט אומגעקוקט צום פּלאַץ פון וואַנען די געשרייען האָבן פאַר־גוואַלדיקט די שטאָט. סלים האָט געוואָלט אַראָפּשרייען. אַרונ־טערהילכן א דראַענדיקע וואָרנונג צו דער גאָס. זיינע ווערטער זע־נען אָבער געבליבן שטעקן צווישן זיינע פאַרשטשעמעטע ציין. דורך זיינע פאַרטרערטע אויגן האָט ער געזען, ווי איינער פונם אוילעם איז געקראָכן אַפן טראַמוויי־סלופּ, וואָס אַנטקעגן, און גענומען דורכציען א שטריק דורך איינעם פון די פרייע לעבער. אומיצער האָט אונ־טערגעטראָגן א לייטער און אונטערגעשטעלט אונטער יענעמס פיס.

סלים האָט געגליווערט. די אויגן זיינע — צעוויטיקטע — האָבן געקוקט צו סאַלאַמאָנען. געזען האָט ער:

סאַלאַמאָן האָט אוואדע געוואָלט עפּעס רעדן. די ליפּן זיינע האָבן זיך באַוועגט און עפּעס שטיל געמורמלט. א קלאַפּ מיט א שטיק האָלץ איבערן קאָפּ האָט זיינע רייד מיט בלוט צעמישט:

— איך בין אומשולדיק! — האָט סלים געהערט סאַלאַמאַנס צע־בלוטיקטן קרעכץ, — מענטשן, האָט ראַכמאָנעס, דערהאַרגעט ניט אומזיסט!...

א געשריי און פייפעריי האָט אָבער יענעמס געשריי פאַרטויבט.

— איך האָב א ווייב מיט קינדער!... איך...

— אַ, מען וועט זיי אויך לינטשן!...

— הוריי!...
— לינטשט אים!...
— הענגט אים !...
— צינדט אים אונטער!...
— פארגיסט ניט אומשולדיק און אומזיסטיק בלוט!.... איך בין אומשולדיק!... איך וויים פון גארניט! — האט סאַלאמאָן נאָך אַלץ א פארכאַלעשטער געבעטן ביי די ארומשטייענדיקע.
— פארמאכט אים דעם פאסקודנעם שווארצן נעגערישן פיסק! — האט מען גענומען שרייען פון די ארומיקע באַלקאָנען, פענצטער און אויך פון סקווער. — גענוג גערעדט!...
פון דאָך האט סלים געזען, ווי דער גאנצער אוילעם האט זיך א וויג געטאָן ווי א כוואַליע. קינדער האָבן גענומען פאטשן מיט די הענט און אזש אונטערגעטאנצט. מאמעס האָבן ארויפגעהויבן זייערע זויג־קינדער און האָבן מיט ווייסע, אויסגעבאַליעטע פינגער אָנגעוויזן צום סלופ. די אויגן ביי אַלעמען — ווי ביי בלוט־דורשטיקע כאַיעס, איידער זיי ווארפן זיך אויף זייער רויב.
מיטאמאָל האט מען פארוואָרפן א פעטליע אויף סאַלאמאָנס האַלז. סלימען האט א שטאָך געטאָן אין הארצן. די אויגן זיינע האָבן זיך פארמאכט, אבער ער האט זיי מיט גוואַלד אויפגעריסן. פיר שטארקע יונגען, — האט ער דערזען, — האָבן גענומען ציען דעם שטריק... העכער און העכער...
סלים האט זיך געצאַפּלט אין אנגסטן און געברומט צו זיך:
— הייליקע מאריע, דזשיזוס!...
אין געדאַנק האט זיך אים געגריבלט:
„וואו איז ערגעץ דער נעגערישער גאט?... פארוואס שווייגט ער?... פארוואס לאָזט ער איצט ניט ארונטער א רעגן פון פייער און צעגליטן בלייַ?... פארוואס שיקט ער ניט אַן א שרעק אויף די ווייסע מאמזיירים?..
ער האט א הויב געטאָן זיינע אויגן צום הימל, ווי אין דערוואַרטונג, אַז פון דאָרט זאָל אָנקומען עפּעס א הילף. אַלץ איז דאָרט אבער שטיל געווען; א שארפע בלויקייט האט אים א שניט געטאָן אין די פארטרערטע אויגן. ער האט זיי צוריק ארונטערגעלאָזט צום פלאַץ און דערזען:
אין דער לופטן האט זיך געטראָגן א לאַנגע, אָפּגעריסענע פיגור, וואס האט צעוואָרפן ארום זיך א כריפּענדיקן כאָרכל. דער כאָרכל — אזא, ווי עס וואָלט גאָר געקומען פון זיין, סלימס, אייגענעם האַלז. די פיגור איז אויך ניט געווען ווי סאַלאמאָנס; עפּעס האט זי אויסגעזען אנדערש. זי איז געוואָרן פיל לענגער און גרעסער. די פיס — אויסגעצויגענע — האָבן זיך עטלעכע מאָל א צאַפּל געטאָן און א פארגליווערטקייט האט זיך גענומען וויקלען אינדערלופט.
די פיגור האט זיך אָפּגעשטעלט. מער האט זי, אפאַנים, שוין

ניט געקאָנט אַרויפגעהויבן ווערן. די אויסגעצויגן־לאַנגע פּיס האָבן נאָכאַמאָל אַ ציטער געטאָן.

אַ הורא־געשריי האָט צוגעדעקט דעם לעצטן צאַפּל און פאַרטויבט די גאַס.

פון צווישן אוילעם האָט זיך אימיצער אַרויסגערוקט צום סאַמע מיטן. מיט אַ באַרשט, — איינגעטונקען אין שוואַרצער פאַרב — האָט ער אָנגעשמירט אַ ברייטן שוואַרצן פּאַס אָפן אייזערנעם סלופּ, נידעריקער עטוואָס פונם פּלאַץ, וואו עס זענען שוין פון פריער געווען אָזעלכע צוויי פּאַסן; צייכנס פון נאָך צוויי אָזעלכע שוואַרצע מאַיסים. דער אוילעם האָט ווידער אויסגעשריגן און זיך גענומען שטופּן. אוי־טאָמאָבילן האָבן גענומען פּיפּן און אויסגעהודזשעט מיט זייערע סי־רענעס אַ קאַקאָפאָניע איבער דעם הענגענדיקן נעגער.

סלים האָט פאַרמאַכט זיינע אויגן. די הענט זיינע זענען געווען ווי פּאַראַליזירט. די פּיס — צוגעשמידט צום דאַך — זיך ניט קיין ריר צו טאָן. זיינע געדאַנקען זענען געוואָרן לויז און פריי. סלים האָט אַפילע מער ניט געוואוסט וואו ער איז און נאָכוואָס ער איז גע־קומען. עפּעס האָט זיך אים אין מויעך געפּלאָנטערט אַ מייסע מיט אַ געלינטשטן נעגער. ווער איז ער?... וואָס געהער ער זיך אָן מיט אים?... ווען איז עס געשען?... עפּעס האָט זיך פּאַר סלימען געצויגן אָן אומבאַשטימטקייט, פונקט ווי דאָס אַלץ וואָס עס איז פאַרגעקומען, וואָלט געשען נעכטן, שוין לאַנג, עפּשער שוין גאָר לאַנג. אַמאָל, אַמאָל, ווען מענטשן זענען נאָך אין די וועלדער געווען; ווען זיי האָבן נאָך איינער דעם צווייטן איבער אַ שטיקל פלייש פון אַ כאַיע דערהאַר־געט. עס איז דאָך אונמעגלעך — האָט סלים געטראַכט — אַז עס זאָל האָבן טאַקע איצט, אין דער מינוט, געשען; אַז די דאָזיקע אויסגע־פּוצטע מענטשן, וואָס צעגייען זיך דאָרט, אונטן, זענען עס געווען יע־נע, וואָס האָבן אַזאַ ווילדע זאַך געטאָן!...

סלים האָט זיך געכאַפּט, אַז ס'איז טאַקע גאָר־וואָס געשען. אָט הענגט דאָך נאָך אַפילע אַ וואַרימער קערפּער... פּאַליסלייט דראַפּען זיך אָף אַ לייטער און נעמען אַרונטער פון סלופּ דאָס ווייסע פאַרברעכן, לייגן עס אָף אַ וואָגן און פאַרדעקן עס מיט אַ שווערן, שוואַרצן טוך...

ביי סלימען אין האַרצן — האָט זיך צעברענט אַ וואולקאַן, אַ פייער, וואָס האָט געקאָכט און געזאָטן אין אים.

די זון האָט אָנגעהויבן גליען מיט כוצפּע. סלים האָט זיך אויפ־געהויבן פון זיין באַהעלטעניש און דערפילט הינטער זיך עפּעס ווי אַ באַוועגונג פון אימיצן. אַ דערשראָקענער האָט ער זיך אומגעקוקט:

לעבן זיך האָט ער דערזען אַ מאַן. יענער איז געווען אָנגעטאָן אין פּאַשעטע אַרבעט־קליידער און האָט אין די אויגן געטראָגן עפּעס אַ מאָדנעם טרויער.

— שרעק זיך ניט, ברודער! — האָט יענער אים באַרואיקט. —

איך... איך בין אַ פּרינץ... איך... איך האָב דערפון־אַ, — האָט ער אַ ווייז געטאָן צום סלופּ, — אויך געליטן. מיר טוט עס אויך ווי...

סלים האָט געשוויגן. אין זיינע אויגן האָט זיך געזען אַן ענטפער:

— איך גלויב דיר ניט. איך גלויב אייך קיינעם ניט. דו ביסט אויך אַ ווייסער, ווי אַלע...

ווי אַ נעיאַגטער פון אימיצן האָט זיך סלים אַ ריס געטאָן פון דאָך און זיך געלאָזט לויפן איבער די ליידיק־געוואָרענע גאַסן, וואַקלענדיק זיין קערפּער ווי אַן אַנגעשיקערטער. געוואונדערט האָט ער זיך, פאַר־וואָס קיין איינציקער נעגער איז אויף דער גאַס ניט געווען. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, פּונקט ווי אַלע שוואַרצע פונם שטעטל וואָלטן נעלינטשט געוואָרן.

ער איז אוועק צו זיך אינם האַלב־כאַרעווען שטיבל. אין האַרצן האָט געקאָכט אַן אומבאַשטימטער פאַרלאַנג פאַר נעקאָמע. אַ צע־קאַסטער האָט ער זיך געוואָרפן אין בעט אַריין און מיט אַ קאַנוואָול־סיווון שרעק באַגראַבן זיין צעווייטיקט און באַצאַרט פּאָנים אינם קישן. ער איז געלעגן שטיל, פאַראַקשנט און ניט געענטפערט אויף דזשועלס געוויינען און געבעטן. ער האָט מיט אומגעדולד געוואַרט, אַז דער אָוונט זאָל אָנקומען.

---

דער טאָג האָט זיך געצויגן אויסערגעוויינלעך לאַנג. סלים האָט זיך ניט געקאָנט דערמאָנען, ווען אַ טאָג זאָל זיך פאַר אים האָבן אַזוי לאַנג געצויגן. עפּעס האָט עס פאַר אים אויסגעזען, ווי דער טאָג וואָלט געווען צונויפגעשטוקעוועט פון אַ סאַך טעג. פון טעג, וואָס האָבן ניט אַריינגעלאָזט צווישן זיך קיין נעכט. עס איז ליכטיק גע־ווען, אָבער מיט אַ מאָדנער נאַכטיקער שטילקייט איינגעהילט. דאָס שטענדיקע קינדער־גערויש, וואָס פּלעגט זיך טראָגן אין געסל, איז פאַרשטיקט און פאַרמויערט געוואָרן אין די שטיבער. קיינער האָט זיך אויפן געסל ניט באַוויזן... אַלע פענצטער האָבן — בלינדע און פאַר־האַנגענע—געקוקט צום איינזאַם־טויטן דרויסן און האָבן, ווי בילמע־דיקע בלינדע, געשוויגן. סלים האָט פאַמעלעך געזופּט די שוואַרצע קאַווע, וואָס דזשועל האָט אים צוגעטראָגן און קוים איינגעבעטן צו טרינקען. ער האָט געברומט:

— מען האָט געשענדעט... פאַרגוואַלטיקט... אַ ווייסע מיידל איז פאַרגוואַלטיקט געוואָרן... דאָס גאַנצע שטעטל איז אויפגעציטערט גע־וואָרן... בעסטערדס!... נו, און וואָו זענען זיי געווען, בעאיים דו... איך מיין, דיין מאַמע, איז פאַרגוואַלטיקט געוואָרן?...

דזשועל האָט זיך דערשראָקן פון זיינע רייד מיט זיינע בליקן און מיט מוירע אָפּגעקערט אירע אויגן פון אים.

ער האָט זי אַ כאַפּ געטאָן ביי דער האַנט, זי אַ שלעפּ געטאָן צו זיך און גלייך, מיט קאַאַס, זי צוריק אָפּגעשטויסן פון זיך:

— גיי צו אלדע רוכעס!—האט ער—א צעווילדעוועטער—געשריגן צו איר, — דו ביסט אזוי ווי זיי אלע... א ווייסע פאסקודסטווע!...

דזשועל האט א היסטערישן קוויטש געטאן און זיך גענומען קלאַפּן מיט די פויסטן אין קאָפּ, אין די זייטן און איבערן בויך, וואו עס האט זיך ביי איר געצאַפּלט דאָס נאָך ניט געבוירענע באשעפעניש. מיטאמאָל איז זי שווער א פאַל געטאן צו דער ערד.

סלים האט זיך געכאַפּט וואָס ער האט דאָ אָפּגעטאָן און ער האט זיך פארשעמט. ער האט אָנגעהויבן וויינען. עס האט אים פאַר־דראָסן, פארוואָס ער האט דזשועלן אזוי באליידיקט און ווי געטאן. ער האט זיך געגריזשעט:

— וואָרים איז זי דען ניט קיין קינד פון שווארצע? האָט זי דען ניט דעם אייגענעם צאַאר וואָס איך?...

ער איז אויפגעשפּרונגען פונם געלעגער און זיך א לאָז געטאָן צו דזשועלן. ער האָט זי אויפגעהויבן פון דער ערד, זי ארומגענומען מיט זיינע געזונטע הענט און אָנגעהויבן איר באשיטן מיט קושן:

— האני, טייערע, — האָט ער זיך געבעטן ביי איר, — זיי מיר מויכל. איך האָב עס דאָך ניט געמיינט. איך האָב עס ניט גע־וואָלט... עס האָט מיר ווי געטאָן... עס האָט מיך געפּלאָגט... עס האָט זיך אין מיר אָנגעצונדן א שטארקער קאַאס צו די ווייסע... און דו, דו... ניין, דו ביסט דאָך ניט קיין ווייסע... דאָס האָט זיך נאָר בלויז אזוי איינגעגעבן... דו ביסט א גוטע... דו ביסט מיינע... דו וועסט דאָך מיר מויכל זיין?!....

דזשועל האָט אים געלאַסטשעט און געגלעט. זי האָט מיט אירע ווייכע פינגער צעפּאַטלט זיינע געקרויזלטע שווארצע האָר, האָט זיך צוגעדריקט צו אים און אים געוואָרעמט מיט איר הייסן ווייבלעכן קערפּער.

ער האָט געביסן א פויסט:

— איך זאָג דיר, דזשועל, אויסוואָרפן זענען זיי... מאַמזיירים. זעסט, האני טייערע, א שטאָט פון פינף און צוואנציק טויזנט מענטשן איז עס און קיין איינציקער פון זיי האָט ניט פּראָטעסטירט קעגן דעם.

מיטאמאָל האָט ער זיך א לאָז געטאָן צום קליינעם שאַפּקעלע, וואָס ער האָט אליין צונויפגעקלאַפּט פון א מאַראַנצן־קעסטל. ער האָט א כאַפּ געטאָן פון דאָרט א ביבל־בוך, אויף וועלכן עס איז אויף די טאַוועלעך איינגעקריצט געווען א גאָלדענער, שווין־אָפּגעריבענער צייכן. ער האָט א צעעפן געטאָן א בלעטל. פאַר זיינע אויגן האָבן גענומען שווינדלען די קליינע אויסיעס. ער האָט געלייענט:

— גאָט האָט באשאַפן דעם מענטשן לויט זיין אייגענעם גע־שטאַלט...

ער האָט זיך צעלאַכט:

— ליגנער וואָס איר זענט! ווענן וואָס פאַר א געשטאַלט רעדט

זיך דאָ? איז עס אונזער געשטאַלט, אַ שוואַרצער, אַ געפּייניקטער?...
אָדער — אַ ווייסער, אַ פּייניקער?...

ער האָט מיט קאַאַס אַ פאַרמאַך געטאָן דאָס ביכל, איז צוגעלאָפן צום אויוון, האָט דאָס ביכל צעריסן אין צווייען, אנגעריבן אַ שוועבעלע און דאָס אונטערגעצונדן, שרייענדיק:

— טו העל וויט יו! — האָט ער זיך געצאַפּלט און זיינע אויגן האָבן זיך דערביי צעגליט מיט נעקאָמע. — ברען, ברען... אויב דו האָסט געשוויגן, צוקוקנדיק, ווי מען האָט דיינס אַ געשטאַלט אַזוי אונמענטשלעך אומגעבראַכט, און פאַרט ניט אַרונטערגעשיקט קיין פייער, וואָס זאָל די דאָזיקע מאַמזיירים פאַרברענען, — טאַ ברען זשע דו!..

ער האָט זיך האַסטיק אַ דריי אויס געטאָן צו דזשועלן, וועלכע איז געשטאַנען אין צאַפּלעניש הינטער אים, און איר אַ זאָג געטאָן:

— זעסט, אַט דאָס דאַרף מען טאָן מיט זיי אַלעמען. פאַרברענען. אַ טעל מאַכן. זאָלן זיי גיין אָפּן פייער צוזאַמען מיט זייער ביבל און...

דזשועל האָט געקוקט אויף סלימען מיט מוירע. זי האָט באַמערקט ווי ער, סלים, האָט זיך איינגעגעסן מיט זיינע גליענדיקע אויגן אינם קענדל בענזין, וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל לעבן דער שאַפּקע. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז ביי סלימען אין האַרץ, רייפט זיך עפּעס אַ פאַרבאַרגענע און שרעקלעכע זאַך. זי האָט אָנגעהויבן שטיל וויינען.

די נאַכט האָט זיך מיטאַמאָל אַרונטערגעלאָזט אַ שווערע, פאַרוואָלקנטע און פינצטערע. סלים האָט אָפּ זיך אַ כאַפּ געטאָן זיין אַלטן מאַנטל, פאַרדרוקט הינטער דעם דאָס רויטע קענדל מיט בענזין און, אָפּשטויסנדיק דזשועלן, וועלכע האָט זיך מיט געוויין און געבעטן אים געשטעלט אין וועג, ביי דער טיר, — איז ער אַרויסגעגאַנגען מיט היציקע און שטילע טריט.

די בלינדע פענצטער האָבן מיט זייערע אַרונטערגעלאָזטע פאַרציאָונגען געקוקט אָפּ סלימען אַזוי ווי זיי וואָלטן געהיטן זיינע טריט. ער האָט געגאַנגעוועט זיין גאַנג און זיך איינגעהערט אין יעדן שאָרך. פון ערגעץ האָט זיך געהערט אַ קינדעריש געוויין... אַ פרויען־שטימע האָט צוגעזונגען אַ וויג־ליד, אויסגעמישט מיט טרויער און צעוויייטיקטקייט... פון אַ זייטיקן געסל האָט זיך געטראָגן אַ שיקער זידלעריי און אַ צעצויגן בילעריי פון אַ פאַרוואָרלאָזטן הונט...

סלים האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט. פונוויטן, אין אַ צווייטן ראַג גאַס, הינטער אַ ליכטיקן לאָמפּ, האָט ער דערזען אַ צונויפגעזאַמלטן אוילעם. דאָס האַרץ איז אים איינגעפאַלן:

„לאָרד, צי קומט ניט ווידעראַמאָל פאַר דאָס אייגענע וואָס אינדערפרי?... איז דאָס ניט עפּעס אַ נאַכווייעניש?"...

אַ צעשראָקענער האָט ער זיך צוגעטוליעט צו אַ וואַנט און פון דאָרט, פון דער פינצטער, אָהינגעקוקט, פּלייסנדיק זיך אויפצוכאַפּן, וואָס דאָרט קומט פאָר.

ער האָט געזען:

אויף א קאַסטן איז א מאַן געשטאַנען. זיין פּנים — באַלויכטן מיטן בלענדנדיקן ליכט פון גאַסן־לאָמפּ — האָט געשיינט. סלים האָט זיך איינגעקוקט. דאָס פּנים האָט אים אויסגעזען באַקאַנט. ער האָט געטראַכט און זיך געזוכט צו דערמאָנען,וואו ער האָט דאָס דאָזיקע פּנים געזען. מיטאַמאָל האָט ער זיך א כאַפּ געטאָן:

— יאַ, דאָס איז ער. דאָס איז דער אייגענער, וואָס האָט אים, סלימען, ערשט אינדערפרי, אויף דאָך, דאָרט, אויפן סקווער, באַגעגנט און געוואָלט באַרואיקן. דאָס איז דער זעלביקער, וואָס האָט אים געזאָגט, אַז ער איז א פריינט, א ברודער...

סלים האָט ווידער געהערט כּמעט די אייגענע ווערטער. די אייגענע שטימע, אָבער א גאַנץ פעסטערע און שטאַרקערע ווי אינדערפרי, —האָט אים אין די אויערן געקלונגען ווי עפּעס א גוטע בשורה פון א ווייטער און גערעכטער וועלט...

„ניט אַנדערש, נאָר א כּאַלעם". — האָט סלים געטראַכט ביי זיך. „עס איז דאָך אומעגלעך, אַז ווייסע, די ווייסע וואָס האָבן ערשט אינדערפרי געלינטשט זיינס א ברודער זאָלן אַזוי רײדן"...

אָבער עס איז דאָך פּאַרט אויף דער וואָר... אַט האָט ער דאָך גאַנץ קלאָר געהערט, ווי יענער האָט געזאָגט, אַז זיי, די ווייסע אַרבעטער פון דער איינציקער פאַבריק אין שטאָט, די ציגל־פאַבריק, זיינען געווען קעגן דער לינטשינג. אַט האָט דאָך יענער דערציילט, אַז זיי, די ווייסע אַרבעטער, ווערן אויך געלינטשט און געפּייניקט; אַז כאָטש דאָס געשעעט ניט עפנטלעך, אויף די סקווערן און סלופּעס, — קומט עס אָבער פאָר אין די פאַבריקן, אויף די פעלדער און אין די קוילן־גרובן, וואו זיי אַרבעטן. אַט האָט ער דאָך דערקלערט, אַז זיי האָבן די אייגענע סאָנים וואָס די שוואַרצע, און אַז מען דאַרף זיך פאַראייניקן און צוזאַמען קעמפן...

סלים האָט ניט געקאָנט באַגרייפן:

— אויב עס איז עמעס ווי ער זאָגט, — האָט ער געטײנעט צו זיך, — פאַרוואָס־זשע האָבן זיי געשוויגן?... פאַרוואָס זיינען זיי ניט געקומען בעאייסן לינטשן און זיך ניט אַריינגעמישט?... פאַרוואָס האָבן זיי ניט געלאָזט הערן זייער וואָרט און ניט אַרויסגעריסן סאָלאָמאָנען פון די פאַרברעכערישע לינטשערס הענט?...

סלים האָט זיך געערגערט:

— עס איז א ליגן! — האָט ער כּמעט אויסגעשריגן. — דאָס מוז אוודאי זיין עפּעס א פּאָליטיש. ער זאָגט עס אַזוי דערפאַר, ווייל איצט איז שוין נאָך אַלעמען. ווייל איצט איז לייכטער צו ריידן.

סלימס קאַאָס האָט זיך אָנגעהויבן שטאַרקן. אין האַרצן ביי אים האָט זיך שטאַרקער צעבורעט דער פאַרלאַנג שוין אוועקצוגיין און זיך גלייך נעמען צו דעם, צוליב וואָס ער איז פריער אויף דער גאַס אַרויס.

ער האָט זיך אָבער ניט געקאָנט קיין באַוועג טאָן. ווי צוגע־שמידט צום אָרט איז ער געבליבן שטיין און זיך ווייטער גענומען איינ־הערן אינם רעדנערס רייד. יענער האָט שוין אָבער געהאַט אָפּגע־רעדט. אַפן קאַסטן איז אַרויף אַ צווייטער. דאָסמאָל — אַ נעגער.

סלים האָט זיך איינגעגעסן מיט זיינע אויגן אין יענעם, דורכגע־נומען אים מיט זיינע בליקן און צופרידן אַ טראַכט געטאָן:

„אַט דאָס איז גוט!... דער וועט מיסטאָמע דעם פריערדיקן ווייסן רעדנער אַ זאָג טאָן ווי מען דאַרף. ער וועט אַוודע יענעם אַ וואָרף טאָן אין פּנים אַריין דאָס וואָס ער אַליין, סלים, האָט געטראַכט און וואָלט געזאָגט, ווען...

ער האָט זיך ביסלעכווייז נעענטער צוגעשאַרט.

אָבער, — איז סלים געבליבן שטיין אַנטוישט. — אַנשטאָט פאַר־צוואָרפן יענעם, אַז ער האָט ניט געזאָגט דעם עמעס; אַז זיינע רייד זענען געווען פּונקט אַזוי פאַלש, ווי אַלע רייד פון די ווייסע, — האָט סלים געהערט, ווי דער נעגערישער רעדנער האָט גאָר אונטערגעשטיצט דעם ווייסן און באַשטעטיקט זיינע רייד. סלים האָט זיך געבידעשט, ווען יענער האָט דערצו נאָך אָנגעוויזן, אַז עס איז גאָר ביכלאַל ניטאָ קיין כילעק צווישן ווייסע און שוואַרצע; אַז דאָס האָבן די רייכע, די באַלעבאַטים און גאַלאַכים אַזוי בעקיוון אויפגעהעצט און איינגעטיילט, קעדיי לייכטער צו קאָנען באַשווינדלען און אונטערדריקן סיי די ווייסע און סיי די שוואַרצע אַרבעטער. מיט אומצוטרוי האָט סלים געהערט, ווי יענער האָט אָנגעוויזן, אַז די לינטשערייען און אונטערדריקונגען קאָנען אָפּגעשאַפט ווערן בלויז דאַן, ווען די ווייסע און שוואַרצע אַר־בעטער וועלן זיך פאַראייניקן צוזאַמען און אַרויסגיין אין אַ פאַראיי־ניקטן קאַמף קעגן יענע, וואָס האָבן באַשאַפן די דאָזיקע צעטיילונג...

ער האָט געטראַכט:

„קיין שלעכטע זאַך וואָלט עס ניט געווען. אָבער צי וועלן די ווייסע זיך וועלן פאַראייניקן?... צי מיינען יענע גאָר ביכלאַל ערנסט וואָס זיי זאָגן?"...

ער, סלים, איז אַזוי צעטומלט געוואָרן סיי פון זיינע אייגענע טראַכטונגען און סיי פון די געהערטע רייד, אַז ער האָט ניט געוואוסט וואָס עס טוט זיך מיט אים. אומבאַוואוסטזיניק פאַר זיך אַליין, — האָט ער אויפגעשטאַפּט דאָס קענדל, וואָס ער האָט ביי זיך, אונטערן רעקל געהאַלטן און דאָס איבערגעקערט מיטן מויל אַראָפּ. ער האָט אַפילע ניט געפילט ווי דער בענזין האָט זיך נעגאָסן לעבן זיינע פיס. זיינע געדאַנקען זענען געווען דאָרט, ביים רעדנער, וואָס האָט געזאָגט, אַז פאַרזענלעכע נעקאָמע איז ניט גוט; אַז דאָס העלפט גאַרניט. בלויז דער קלאַנג פונם אַרונטערגעפאַלענעם קענדל האָט אים צוריק צו זיך געבראַכט.

אַ מידער און צעטראָגענער האָט סלים זיך אַהיימגעשלעפּט דורך

די אין־שרעק־איינגעהילטע פינצטערע געסלעך. אומעטום זיינען די פענצטער און טירן פארהאקט און פארהאנגען געווען. קיין לעבעדיקער מענטש האט זיך אף דער גאס ניט געזען. דזשועל איז שוין גע־שלאפן. שטילערהייט האט ער זיך צוגעזעצט אפן ברעג פונם בעט און פארטראכטערהייט געמורמלט דעם רעדנערס ווערטער:

„...פאראן ווייסע, די ווייסע ארבעטער, וואס זענען קעגן לינטשונ־גען און ווען דאס אפשטעלן... און אין דער זעלביקער צייט זענען פא־ראן שווארצע, ניט קיין ארבעטער, וואס זענען פונקט אזוי ווערעמדיק ווי די לינטשערס און עס ארט זיי ניט ווען מען לינטשט אימיצן...

סלים האט געמורמלט צו זיך און אפילע ניט באמערקט, ווי זיין שטימע האט זיך קעסיידער געהויבן העכער און קאאסדיקער. דזשועל האט זיך אזש איבערגעוועקט.

זי האט זיך דערשראקן אויפגעזעצט אפן געלעגער. מיט פאר־שלאפענע אויגן האט זי געקוקט אף אים, פונקט ווי זי וואלט זיך ניט געגלויבט, אז דאס איז ער, סלים. א שווייגנדיקע, מיט אזויפיל ליב־שאפט, האט זי אים גענומען גלעטן איבערן קארק און זיך געשפילט מיט זיינע געדיכטע, געקרויזטע האר.

סלים האט דערפילט, אז זי ציטערט. ער האט א שמייכל געטאן:

— הערסט דאך, האני; זיי, די ווייסע, זענען ניט אלע שולדיק. די ווייסע ארבעטער ווילן ניט קיין לינטשונגען. איך... איך האב דאס קענדל צוריקגעבראכט...

דזשועל האט אלץ געשוויגן. זי האט אים בלויז געצערטלט און געקושט. ער — ווי א גוט, געהארכזאם קינד — האט שווייגנדיק ארונטערגעווארפן די קליידער פון זיך און — א מידער — זיך אין בעט געלייגט.

אף צומארגנס איז סלים ווידער אוועק צום ראג גאס און מיט אומצוטרוי זיך פון וויטן איינגעהערט אין די רייד פון די ווייסע רעד־נער. ער האט זיך געפרייט, בעאיים איינער פון זיי, וועלכער האט דער לעצטער פארנומען דאס פלאץ אפן קאסטן, האט גערופן אלעמען, סיי ווייסע און סיי שווארצע ארבעטער זיך צונויפצוקומען אינאיינעם, און אין געשלאסענע רייען ארויסגיין איבער די גאסן, צו פראטעסטירן קעגן דער שענדלעכער לינטשונג. סלים האט פאשעט אויפגעלעבט, ווען יענער רעדנער האט אפן און פריי דערקלערט פאר אלעמען, אז מער וועלן אזעלכע פארברעכנס ניט דערלאזט ווערן, אז...

סלים האט זיך שארף איינגעקוקט און געזען:

יענעמס פעסטע פויסטן האבן אין דער לופטן מיט ווארנונג גע־דראעט; יענעמס שארפע שטימע האט ווי א דונער געשטורעמט; יע־נעמס צאן־קריץ האט געווארפן האס און עקל צו די, וואס האבן די דאזיקע פארברעכנס דערמעגלעכט.

נאך האט ער געזען:

אַ מאַכנע צעווילדעוועטע פּאַליסלייט האָבן זיך — אומגעריכטערהייט, פון אַ זייטיקער גאַס — אין דער צונויפגעזאַמלטער מענטשן־גרופּע אַריינגעשניטן. מיט רעציכע — פּונקט ווי יענע ווייסע דזשענטללייט, ביי טאָג, אויפן סקווער — האָבן זיך די דאָזיקע פּאַליסלייט אַ וואָרף געטאָן מיט זייערע שווערע דרענגלעך אויף די פאַרזאַמלטע און — שלאָגנדיק אויף רעכטס און לינקס — זיי גענומען פאַנאַנדערטרייבן. איינער פון זיי, אַ גרויסער און פעסטער, ווי אַ בער, האָט זיך אַ לאָז געטאָן צום רעדנער און אים גענומען מיט גוואַלד פון קאַסטן אַרונטערשלעפּן. דער אוילעם איז אָבער ניט אַנטלאָפן. סלים האָט האַנאָע געהאַט, וואָס די מענטשן האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט און אָפּגעענטפערט. ער האָט געזען, ווי עס האָט זיך פאַרוויקלט אַ האַנט־געפעכט. דער רעדנער — אַ צעבלוטיקטער — האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיין אַנגרייפערס לאַפּעס, זיך צוריק אַרויפגעכאַפּט אויפן קאַסטן און מיט אַ שטאַרקער שטימע געשריגן:

— איר וועט אונז ניט אָפּשרעקן!... איר וועט אונזערע געשלאָסענע רייען ניט פאַנאַנדערטיילן!... מיר וועלן זיך פריער ניט באַרואיקן, ביז די לינטשערס און זייער הערשאַפט וועלן אינגאַנצן ניט ווערן אָפּגעווישט פון דער ערד!... מיר...

מער האָט יענער ניט גערעדט. דער פּאַליסמאַן האָט אים מיט רעציכע אַ קלאַפּ געטאָן איבערן קאָפּ מיטן דרענגל, אים פאַרטויבט און, ווען יענער איז צו דער ערד געפאַלן, אים נאָך געטראָטן מיט זיינע שווערע פיס.

סלים האָט אַ ציטער געטאָן. ער האָט זיך ניט געריכט, אַז מען זאָל זיך אַזוי באַגיין מיט ווייסע בירגער. פאַרגעשטעלט האָט ער זיך, אַז אַזוי דערלויבט מען זיך נאָר צו באַהאַנדלען די רעכטלאָזע שוואַרצע, די נעגערס. דאָ אָבער, זעענדיק, ווי די פּאַליסלייט האָבן זיך געוואָרפן מיט אַזאַ כּעס און רעציכע אויף די ווייסע, האָט סלים ערשט אָנגעהויבן באַגרייפן אַז דער רעדנער איז גערעכט געווען בעת ער האָט געהאַט געזאָגט, אַז זיי, די ווייסע אַרבעטער, ווערן אויך געלינטשט און געפּייניקט. איצט ערשט האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ס'איז טאַקע וואָר, און ניט אַלע ווייסע זענען לינטשערס; אַז דאָס זענען בלויז די רייכע, און די פינצטערע קויכעס, וואָס זיי שלעפּן נאָך זיך. ער האָט זיך אַפילו געכאַפּט, אַז די דאָזיקע פּאַליסלייט זענען אַוודאי אַהערגעשיקט געוואָרן פון יענע אומגעזעענע קויכעס, כּדי צו שטערן דאָס פאַראייניקן זיך צווישן די ווייסע און שוואַרצע; כּדי ניט דערלאָזן אויפצוהויבן אַ פּראָטעסט קעגן דער דאָזיקער לינטש־באַנדע...

דערביי האָט סלים אויך באַגריפן, אַז ער קאָן מער אַזוי גלייכגילטיק ניט בלייבן שטיין אָן אַ זייט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אויך ער אַליין מוז עפּעס טאָן. ער האָט דערפילט אין זיך אַ נייעם מוט, וואָס האָט אים געשטויסן זיך אַריינצוּוואַרפן אינעם קאַמף. ער האָט זיך

גיך אַנגעבויגן, אויפגעהויבן אַ שטיין, וואָס האָט זיך געוואַלגערט לעבן זיינע פיס, אויף דער ערד, האָט אים מיט אימפעט אַ שליידער געטאָן אין ברענענדיקן לאָמפּ אַריין, אים צעשמעטערט און פאַרלאָשן. די שטיקער פליענדיקע גלאָז האָבן זיך צעשאָטן מיט בראַזג אַפן ברוק אַרום. אין דער פינצטער איז סלים אַ שפּרונג געטאָן אין פּאַראַויס, האָט זיך אַריינגעוואָרפן מיט זיין גאַנצן ברען אין דער גרופּע און — צוזאַמען מיט זיי — גענומען אָפּשלאָגן דעם פאַרוואונדעטן גייסן רעדנער פון די פּאָליציייאישע פעסטע לאַפּעס אַרויס.

מיט מידע פיס און שווערן קאָפּ, אָבער דערפאַר מיט דערלייכטערטן מוט און גלויבן, האָט זיך סלים — אַ צעבלוטיקטער — אַהיימגעשלעפּט דורך די זייטיקע און שטילע געסלעך. איצט איז שוין ביי אים קיין ספק ניט געווען, אַז די ווייסע אַרבעטער מיינען ערנסט.

---

אַ גאַנצע נאַכט האָט סלימען דאָס געלעגער, ווי אַ טפּיסע־בעט, די ביינער געשטאָכן. דער אומגעדולד האָט אים פאַרצערט. ער האָט זיך געפילט ווי אַ געבונדענער ריז, אין וועלכן עס רייסט זיך אַ ווילן צו באַפרייען זיך און צעשמעטערן יענע, וואָס האָבן אים געבונדן. ער איז געלעגן מיט צעעפנטע אויגן, האָט געקוקט אין שוואַרצן פענצטער אַריין און געוואַרט אַפן ליכטיקן מאָרגן; אַפן ערשטן פּאַס ליכטיקע פרייד, וואָס וועט אינדערפרי צעשניידן דעם פאַרפינצטערטן הימל און מאַכן וועג פאַר דעם נייעם, אָנקומענדיקן טאָג.

ער האָט גערעדט צו דזשועל, איר אויסדערציילט זיין פריידיקע האָפענונג און זיך געוואונדערט, פאַרוואָס זי נעמט עס אַזוי גלייכגילטיק אויף.

— אָבער נישקאָשע, — האָט ער זיך געטרייסט. — זי וועט פאַרשטיין. דערווייל דאַרף מען זען, אַז די שוואַרצע ברידער זאָלן וויסן דערפון. מען דאַרף אָנזאָגן אַלע שכנים. זאָלן אַלע אַרויס פון זייערע פינצטערע געסלעך און באַווייזן, אַז מער וועט מען ניט שווייגן; אַז מער וועט מען אַזעלכעס שוין ניט דערלאָזן...

אַז אויפגעפרישטער איז ער פאַרפרי פון בעט אַרויסגעשפּרונגען. מיט פעסטע טריט און פריידיקע בליקן האָט ער געשפּרייזט פון הייזל צו הייזל, אָנגעקלאַפּט אין די פאַרהאַקטע טירן, אַריינגערוקט זיין געהויבענעם קאָפּ אין די באַצאַרטע, פינצטערע שטיבלעך, אַריינגעזאָגט זיין שטורמישע פרייד און גערופן:

— קומט, ברידער, אין גאַס אַרויס!... ניט אַלע ווייסע זענען בלוט־דורשטיקע לינטשערס!... די ווייסע אַרבעטער זענען מיט אונדז!... קומט, לאָמיר צוזאַמען מיט זיי באַשאַפן דעם קויער, וואָס וועט אָפּשאַפן אונדזער רעכטלאָזיקייט!... קומט, אין געשלאָסענע רייען; שוואַרצע, צוזאַמען מיט ווייסע אַרבעטער, וועלן מיר זיך אונדזערס דערשלאָגן!...

פול מיט פרייד און האָפענונג איז ער צוריק אַריין צו זיך אין

שטיבל. אַף גיך האָט ער אַ כאַפּ געטאָן דעם איינציק־ליטישן אָנצוג זיינעם, וועלכן ער פלעגט אָנטאָן בלויז צו גיין אין קירכע, אָדער צו אַ סימכע. דערנאָך האָט ער אַ נעם געטאָן זיין דזשועל אונטערן אָרעם און מיט אַ פרייידיקער צופרידנקייט איר אין אויער אַריינעפּליסטערט:

— זעסט?! — האָט ער זי צוגעפירט צום קליינעם פענצטערל און אָנגעוויזן אַפן העל־געוואָרענעם האָריזאָנט. — זעסט אָט יענעם איינציקן קוימען מיטן שוואַרצן רויך?... אָט, דער דאָזיקער קוימען וועט זיך אַמאָל אָפּשטעלן אינמיטן רויכערן און דאַן... דאַן וועלן מיר אַלע, אַלע אונזערע ברידער, פריי ווערן. פריי — ווי די קופּט אַליין איז...

דזשועל האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, כאָטש זי האָט קימאַט גאָר־ניט ניט פאַרשטאַנען וואָס ער האָט גערעדט.

— קום! — האָט סלים מיטאַמאָל אַ זאָג געטאָן צו איר. — טו זיך אָן דיין שענסטע קליידל. יאַנטעוו איז היינט!... קום אין גאַס. דאָרט וועלן מיר זיך צונויפשמידן מיט אונזערע, פאַרשקלאַפטע ברידער. פאַר־אייניקטערהייט, אין געשלאָסענע רייען, וועלן מיר זיך איבער די גאַסן לאָזן; וועלן אין איין מעכטיקער שטימע אויסשרייען אונזער האַס און אויסזינגען אונזערע האָפנונגען. קום דזשועל!...

זי האָט אַ שווייגנדיקע געפאָלגט.

---

די גאַס איז געווען אָנגעצונדן מיט שיינענדיקער דערוואַרטונג, ווי ערעוו אַ גרויסן יאַנטעוו. פון אַלע זייטן, פון אַלע געסלעך, האָבן זיך אָנגעהויבן קלויבן מענטשן. עס זענען אָנגעקומען ווייסע און שוואַר־צע אַרבעטער, אָנגעטאָן אין רעקלעך און אָוועראָלס. עס זענען אַפילע געקומען פרויען מיט זויג־קינדער ביי דער ברוסט. די צונויפגעקו־מענע האָבן זיך אין גרופּקעס געשטעלט און דערווייל געכאַפּט אַ שמועס צווישן זיך. דער אַרבעטער פון דער ציגל־פאַבריק, דער זעלביקער, וועמען סלים האָט געהערט ריידן, איז אַרומגעלאָפן צווישן אויילעם, פון איין גרופּקע צו דער צווייטער, האָט עפּעס אַ זאָג געטאָן און באַלד אַוועק ווייטער. אומעטום האָט זיך געהערט זיין אָנזאָג:

—כאַווירים, ברידער, האַלט זיך צוזאַמען!... גלייך וועלן מיר אָנ־הויבן אונזער מאַרש!...

נייגעריקע, איילנדיקע פאַרבייגייער, האָבן זיך פונוויטן אָפּגע־שטעלט פאַר אַ ווייל, האָבן אינדערגיך אַ פרעג געטאָן ביי אימיצן, וואָס עס גייט פאָרקומען און — אַוועקגייענדיס — מיט די קעפּ געשאָקלט:

— עט, ווייסיך וואָס...

אַנדערע זענען געווען אויפגעקאָכט און נערוועז צוגעוואָרפן:

— אַ כוצפּע פון פאַרשקלאַפטענע נעגערס!...

די נייעס האָט זיך גיך צעשפּרייט איבער דער גאַס און האָט אַלע־מען מיט אומרו צעצונדן.

די קראַנקע דאַמעלעך — זיצענדיס אין די ווייך־געבעטע וויג־

שטולן, אַף די באָד־וועראַנדעס — האָבן זיך מיט אומגעדולד אַרומגע־קוקט און פון גרויס שרעק זיך אויפגעהערט צו וויגן. די אַנגעפּאַרענע קראַנקע מענער־פּאַציענטן אין זייערע ווייס־געפּרעסטע הויזן, זענען דערציטערט געבליבן שטיין לעבן די פאַנטאַנען, מיט די בעכערלעך שוועבל־וואַסער ביי די מיילער, ווי זיי וואָלטן מוירע געהאַט א זופּ צו טאָן, און האָבן — פאַרגאַפטע — געקוקט צו דער גאַס. עטלעכע פאַרביי־גייענדיקע נעגער האָבן זיך, דערשראָקענע, געדרוקט ביי די זייטן הייזער און צווישן זיך, אינדערשטיל, אונטערגעמורמלט:

— אָ, לאָרד, דאָס וועט דאָך קיין גוטס ניט ברענגען !...

שטאָט־באַלעבאַטימלעך, פאַרבייפאָרנדיק אין זייערע אויטאָמאָ־בילן, האָבן מיט צאָן־קריץ געצאַרנט און אינדערגיך זיך אָפּגעטראָגן. סאַכרים פון די אַרומיקע קראָמען האָבן זיך געשטעלט ביי זייערע טירן און האָבן — אומרואיקע — איינער דעם צווייטן איבערגעגעבן:

— שקלאַף שטייט אויף. עס וועט ניט גוט זיין. מען דאַרף עס ניט דערלאָזן. מען טאָר עס ניט פאַרשווייגן...

די גאַנצע גאַס האָט גאָר אַנדערש אויסגעזען ווי שטענדיק. פון מינוט צו מינוט איז דער פאַרזאַמלטער אוילעם גרעסער און געדיכטער געוואָרן. דער ציגל־אַרבעטער איז געשטאַנען אַף א קעסטל און פון דאָרט געוואָרפן גליענדיקע ווערטער צו די פאַרזאַמלטע. זיינע רייד זענען אויפגענומען געוואָרן מיט פרייד און צושטימונג.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרמירן רייען. ניט פיל זענען זיי געווען. דערפאַר אָבער — ענגע און פעסט־געשלאָסענע. די פּענימער — געמישטע שוואַרץ און ווייס — האָבן געשיינט מיט אַקשאַנעסדיק־ליכטיקער האָפנונג. פלאַקאַטן האָבן זיך א הויב געטאָן איבער די קעפּ און מיט רויט־בלוטיקע ווערטער אַרונטערגעוואָרפן פון זיך דראָענדיקע אויסרופן:

— אַרונטער מיט די לינטשערייען און לינטשערס!...

— זאָל לעבן די פאַרברידערונג פון שוואַרצע און ווייסע אַרבע־טער!...

סלים איז געגאַנגען אין די רייען צווישן אַנדערע און געטראָטן מיט פעסטע און זיכערע טריט. דזשועל האָט זיך, א ציטערדיקע, גע־האַלטן אָן זיין אָרעם. סלים האָט געשמייכלט און זי בארואיקט. אין האַרצן ביי אים האָט ער געפילט דעם אָנזאָג פון א נייעם, פרייען טאָג. זיינע אויגן האָבן זיך געריסן אין פריידיקן געוויין און זיין האַרץ האָט האָפערדיק געזונגען.

פון דערהויך האָט אַרונטערגעקוקט א הייסע דאָרעם־זון, וואָס האָט ליבלעך געוואָרעמט די מאַרשירנדיקע און מיטגעזונגען מיט סלימס זינגענדיק האַרץ.

די געשלאָסענע רייען האָבן זיך פּאַמעלעך, אָבער זיכער, א ריר געטאָן אין פאַראויס.

# שניר



דזשים — שוין ניט קיין יונגערמאַן — אַן איטאַליענער. אַף זיינע, אויסגעהאַרעוועטע און איינגעבויגענע פּלייצעס ליגן אין דער גאַנצער ברייט אויסגעשפּרייט — פערציק יאָר. יאָרן — אַזעלכע שווערע, אַזעלכע וואָגיקע, וואָס לאָזן זיך פילן אין זיין יעדן אומגעלומפּערטן בויג און אַף יעדן שווערן טראָט. יאָרן — וואָס מען קאָן זיי אויסציילן אין דער שיטערקייט פון דזשימס יעדער גרויער האָר און אין יעדן קנייטש אַף זיין פּאָנים. ציילן אזוי גרינג, ווי מען קאָן ציילן די יאָרן פון א בוים, לויטן אָנוואוקס פון זיינע שיכטן.

דזשים איז ביי זיינע פערציק יאָר שוין געווען אַן אַלטער מאַן. אין יעדער פאַבריק, אין יעדער קוילן־מינע, וואו ער האָט פאַרצערט זיינע פאַרגאַנגענע דרייסיק יאָר, האָט ער אין יעדן איינציקן יאָר אַרבעט פאַרלוירן גאַנצע דריי יאָר געזונט. אין איין פּלאַץ איז אים אַ שווערע מאַשין אָפּן פוס געפאַלן און אָפּגעהאַקט עטלעכע פינגער. פון דעמאָלט אַן הינקט ער אונטער. אין אַ קוילן־מינע איז ער — זייענדיק אַמאָל פאַרשאָטן עטלעכע שאָ — פאַרטשאַדעט געוואָרן פון גאַז. פון דעמאָלט אַן הוסט ער אונטער און עס שטעכט אים אונטער דער ברוסט. די הענט ציטערן און די פיס בויגן זיך הינטער אים. און ווער וועט דאָס טאַקע אַזעלכן־אַ נעמען און געבן אַרבעט?...

זיצט דזשים אין זיין גרויער שטוב, ערגעץ אַף אַ שמאָלער און שמוציקער גאַס, אַף אַ פינפטן שטאָק. ער וואַרפט שטיקלעך שוואַרצן קויל אינם סאַרפעדיקן אייזערנעם אויוועלע אַריין און וואַרעמט דערביי זיינע אויסגעמאַטערטע, קאַלטע ביינער. ער אָטעמט איין מיט אַ ליידנשאַפטלעכער האַנאָע די היסע, מעכאַיעדיקע וואַרעמקייט, וואָס צעטראָגט זיך מיט שטיקעניש איבערן שטיבל און וואָס זעצט זיך אוועק מיט אַ פאַרהויכטער פאַרע אַף די פאַרפרוירענע פענצטער.

דזשים איז אויפגעלייגט:

„אַט־אַט, זאָל נאָר אויספאַלן אַ שניי. אַ שווערער און געדיכטער שניי. זאָל נאָר דער שניי האַלטן. זאָל ער צופרירן. וועט ער האָבן אַרבעט. וועט ער פאַרדינען"...

דזשים וואַרט. ער קוקט מיט זיינע שוואַרץ־באַברעמטע, האַלב־צוגעמאַכטע אויגן צום פּראַסטיקן דרויסן, הערט זיך איין אינם געבריל פונם דרויסנדיקן ווינט, וואָס קלאַפּט אוים אויף די שויבן אַ צוזאַג:

— עס וועט שנייען!... עס וועט שנייען!...

דזשים זעצט זיך אַוועק מיט אַ פרייַלעך־באַרואיקטן געמיט און נעמט שניצן מיט זיינע ציטערדיק־צעקאַרדאַשעטע פינגער אַ שליטל פאַר זיין צען־יאָריקן בילין.

און דזשים האָט ליב צו מייסטרעווען. פון אַלטע שפּייז־קענדלעך און פרוכט־קעסטלעך וועט ער מאַכן די שענצטע שפּילצייג. צאַצקעס — וועלכע מען קאָן פאַר קיין שום געלט אין קראָם ניט קויפן. און ווען ער שניצט ווערט זיין געמיט נאָך פרייַלעכער. עס פאַרגלוסט זיך אים אַזש טאַנצן:

— ער! וואָלטן נאָר די פיס געדינט!...

שכיינים און באַקאַנטע זענען אים מעקאַנע:

— גאָלדענע הענט, — האָבן זיי געזאָגט און אים באַדויערט, — האָט נאָר קיין מאַזל ניט!...

שכיינים האָבן אויף אים ראַכמאָנעס. טיילמאָל, אַז מען האָט אַן איבעריקע פאַר סענט, כאַפּט מען זיך אריין צו אים און, צי מען דאַרף יאָ, צי מען דאַרף ניט, קויפט מען אָפּ ביי אים עפּעס אַ געמאַכטע שפּילצייג פאַר אַן איינגן קינד. אָבער אַזוי ווי אַלע שכיינים און באַקאַנטע זענען קימאַט פּונקט אַזעלכע אָרימעלייט ווי ער, דזשים, אַליין איז, בלייבן דאָס ראָוו שפּילצייג ליגן. האָט דערפאַר בילי אַ מאַסע זאַכן מיט וואָס זיך אַליין צו שפּילן און אָפּט אַפילע נאָך אַוועקצושיינקען זיינע כאַווירים, קינדער פון גאַס.

דזשים, אַז ער האָט נאָר געדולד, אַרבעט ער מיט זיינע זעגעלעך און פייַלעכלעך איבער עפּעס אַ נייער זאַך. ער באַשאַפט אָפּט אַזעלכע קונציקע זאַכעלעך; וועגעלעך, מאַשינדלעך, פּאַיאַצלעך און אַנדערע קונציקע זאַכן, אַז אַלע וואָס גיבן נאָר אַ קוק אויף זיי, קוועלן מאַמעש אָן.

און וואָלטן נאָר קוינים געווען, וואָלט שוין ווי עס איז געוועזן אַ האַלבע צאָרע; וואָלט דזשים ווי עס איז שוין געוועזן דורכגעקומען. אַזוי אָבער...

טיילמאָל, אין זונטיק־טעג, האָט דזשים זיך אַרויסגעכאַפּט אויף די רייכע דורכפאַר־גאַסן, ביי די אַריינגאַנגען אין שטאָט־פּאַרק, אָדער אָפן עראָפּלאַן־פעלד און דאָרט אַמאָל פאַרקויפט אַ שפּילצייג צו אַן ענטוזיאַסטישער מאַמען פאַר איר באַסיעבידקע. דעמאָלס, נאָכן אַהיימקומען, איז ביי דזשימען אין שטוב געווען אַן עמעסער יאָנטעוו. אַ

פריילעכער איז ער אוועק אין דערבייאיקן שפייז־קרעמל, האָט דאָרט איינגעקויפט פאַרשידענע עסנוואַרג אין בלעכענע קענדלעך און גענומען אויסמייסטרעווען אַ געקאָכטן מיטאָג פאַר זיך און בילין.

בילי אַליין איז אַ גוט און געראָטן קינד. די אויסצייכנונגען וואָס ער האָט געבראַכט פון שולע, האָבן צו דזשימין גערעדט אַזוי ליבלעך־וואַרעם און אים האָפֿנונגען געגעבן. די באַמערקונגען, וואָס ער, בילי פלעגט באַקומען פונם געזאַנג־לערער, וואָס לערנט אים זינגען שוין באַלד אַ יאָר אינגאַנצן אומזיסט, צוליב בילים אויסערגעוויינלעך־גוטער שטימע, זאָגן דזשימין אָן: אַט־אַט, נאָך אַ יאָר, נאָך אַ יאָר, און בילי וועט זיין אַ זינגער; אַן אָפּערע־זינגער, וואָס די וועלט וועט פּאַשעט קלינגען מיט אים:

„יאָ־יאָ, ער וועט עס זיין״ — טראַכט קעסידער דזשימי, ווען ער דערמאָנט זיך וועגן דעם. — ער מוז זיין אַ זינגער. ער, ווען ער אַליין וואָלט סייכל געהאַט״...

דזשימי פאַרמאַכט די אויגן און זעט:

...אַ שיינע הויז... ס׳איז וואַרעם... אַ וואַרעמקייט אַזאַ — אַ מעכאַיע. באַהייצט איז דאָס הויז פון פאַרע־באַהייצונג; מען דאַרף זיך ניט פּאַרען מיט קוילן און דערביי שלינגען שטיקער שוואַרצן און שמוציקן שטויב, וואָס ליגט זיך אויף די צעוויטיקטע לונגען... ראַכוועקדיקע און ליכטיקע צימערן קוקן מיט גרויסע גלעזערנע אויגן אַרויס צו דער וואַרימער זון, צו דער ליכט און צו אַ לופטיקן גאָרטן... אַ הויב־מאַשין פירט אַרויף און אַראָפּ. מען דאַרף ניט שלעפּן די אַנגעוויטיקטע און געשוואָלענע פיס איבער אומצאָליקע טרעפּ אויף אַזאַ הויך... ביל, זיין ביל, איז ערגעץ אין טעאַטער... ער איז דאָרט אַרומגערינגלט פון הונדערטער פאַרערער. ער, דזשימי אַליין, זיצט אינדערהיים און שניצט אַ געקינצלט שליטעלע פאַר דעם שוואַרץ־אויגיקן און געקרויזלטן איניקל; דעם וועוויריקל, וואָס שפּילט זיך לעבן זיינע, דזשימיס פיס... אַ יונגע, שיינע און שלאַנקע פרוי, בילים וייב, טראָגט אים, דזשימין, אַנטקעגן מיט אַ גאָלדענעם שמייכל אַ הייסע און שמעקעדיקע גלאָז טיי אויף אַ זילבערנער טאַץ... דזשים פילט אַזוי גוט... הייסע טיי איז דאָך אַזוי מעכאַיעדיק צו טרינקען, ווען אינדרויסן איז אַזאַ שניידנדיקער און טרוקענער פראָסט...

דזשימען ווערט אַזוי גוט אויפן האַרצן, אַז ער שמייכלט אַזש. פּלוצלונג:

דזשימי צעלאַכט זיך מיט אַ שמאָלן, דריבנעם געלעכטערל. ער ווייסט: ביז בילי וועט אויפוואַקסן, ביז ער, דזשימי, וועט דאָס דערלעבן, — וועלן ביי אים נאָך די אויגן אַרויסקריכן; וועלן נאָך ביידע, סיי ער און סיי בילי, זיך גענוג אָנפּלאָגן. דזשימי ווייסט, אַז ניט אַזוי לייכט קאָן אַ קינד פון אַן אָרימען פאָטער זיך דערשלאָגן צו עפּעס. יאָ, — טראַכט ער, — נאָך גענוג צייטונגען וועט בילי מיט זיין יונגער,

קלינגענדיקער שטימע דארפֿן אויסשרייען אין די שנייאיקע און פּראָס־טיקע אָוונטן... נאָך געגוג פּעק וועט ער דאַרפֿן שלעפּן פֿונם שפּייז־קרעמל צו די קוינים, איבער די אומצאָליקע, הויכע טרעפּ... און ער?... דזשימי?... נאָך געגוג צאַצקעס וועט ער דארפֿן אויסשניצן און לויפֿן זיי פֿאַרקויפֿן אויף רווישיקע, געפּערלעכע גאַסן, דרייענדיק זיך צווישן לויפֿנדיקע אויטאָמאָבילן. און דערנאָך?... ווער ווייסט, צי נאָך דער גאַנצער האָרעוואַניע וועט ער באַווייזן אַרויסצעפֿירן בילין אַפֿן אָפֿענעם שליאַך?...

דזשימי זיצט און אַרבעט האַסטיק. ער זעגט אימפּעטיק די אַל־טע קאַסטן־ברעטלעך, פּיילט זיי און שלייפֿט זיי מיט אַ האַרציקער ליב־לעכקייט און קלאַפּט זיי צונויף מיט דער גרעסטער אויפֿמערקזאַמקייט:

— דאָס איז פֿאַר בילים וועגן. — באַפֿעסטיקט ער זיין געדאַנק ביי יעדן קלאַפּ. — דאָס וועל איך פֿאַרקויפֿן און פֿון דעם געלט אַפּילע קיין פּעני ניט רירן. אַלץ גייט פֿאַר אים. —באַשליסט דזשימי און שפּיגלט זיך אין דער פֿריש־באַשמירטער, שימערירנדיקער פֿאַרב, וואָס פֿאַר־דעקט אַזוי גלאַנציק דאָס פֿאַרטיקע אויסגעצאַצקעטע שליטל.

דזשים וואַרפֿט אַריין עטלעכע שטיקלעך קוילן אינם אָפּגייענדיקן אויוון און נעמט פֿאַרדריסלעך באַטראַכטן זיינע אַלטע, אָפּגעטראָגענע און צעריסענע שיך:

— און וואָס וועט זיין, אַז אַ שניי וועט טאַקע אַרויספֿאַלן? — פֿרעגט ער ביי זיך אויף אַ קאָל, אַזוי ווי ער וואָלט וועלן אַן אייצע געפֿי־נען. — ווי אַזוי וועל איך גיין?... ווי אַזוי וועל איך אַרבעטן און זיך טאָפּטשען מיט די קראַנקע, צעווייטיקטע און קימאַט־באָרוועסע פֿיס אין די אָנגעוואָרפֿענע און קאַלטע הרודעס שניי?...

אַ ווייל קוקט דזשימי אַרום זיך ווי אַ פֿאַרלוירענער. אין גע־דאַנק טוט אַ גריבל:

— עפּשער גאָר קויפֿן אַ פּאָר שיך מיטן געלט פֿונם שליטל?...

דזשים דערשרעקט זיך אָבער פֿאַר זיין אייגענעם געדאַנק און ווי אָפּצעטרייבן אים פֿון זיך, נעמט ער נאָכאַמאָל באַפֿעסטיקן זיין באַ־שלוס:

— ניין, דאָס געלט גייט פֿאַר בילין. אינגאַנצן פֿאַר אים!...

זיך נעמט ער באַרואיקן:

— זאָל נאָר אַ שניי אַרויספֿאַלן. זאָל נאָר זיין וואָס צו ראַמען... מען קאָן געפֿינען אַ מיטל ; די פֿיס אין שמאַטעס פֿאַרוויקלען... אַרומ־בינדן זיי אַזוי, אַז איך זאָל נאָך מיט די שיך קאָנען דורכקומען...

ער שטעלט זיך ווידער אַוועק באַטראַכטן דאָס שליטל אַן קוועלט אַז:

— דאָס איז פּונקט אַזוי געראָטן... געדאַרפֿט עס עפּשער גאָר אי־בערלאָזן פֿאַר אים, פֿאַר בילין?...

בילי איז דער איינציקער ביי אים. דאָס איינציקע, קאָן מען

זאגן, וואס ער פארמאגט. ווען בילי איז אלט געווען בלויז פינף יאר, איז זיין מוטער, אין א קימפעט, צוזאמען מיטן געבוירענעם קינד, געשטארבן. פון דעמאלס אן זענען זיי ביידע, ער און בילי, געבליבן איינע אליין אף דער וועלט.

דזשימי האט זייער ליב בילין. און בילין קאן מען ליב האבן. ער איז אזא לעבעדיקער, אזא שפילעוודיקער. א גרויסער שטיפער. און טוט ער אימיצן אפ א שפיצל — איז עס א געטאקטס, א שארפס און מיט כאכמע. קיינער קאן זיך אפילע ניט בייזערן אף אים דערפאר. בייזערן זיך אף בילין, איז אקוראט ווי בייזערן זיך אף דער שיינענדיקער, הייסער זון, דערפאר וואס זי שיינט און טוט אפטמאל א ברי. און שיין איז ער, בילי, ווי א זון א ליכטיקע אין א קלארן פרימארגן. די רויטע, פולע באקן דערמאנען אין צייטיקע עפל, וואס הייגען ניט אפגעריסענע נאך, אף אן אפגעפילעוועטן בוים, אין אן אפגעהיטן גארטן.

„איינגאנצן געראטן אין איר" — טוט דזשימי א טראכט און שמייכלט אונטער.

מיטאמאל טוט דזשימי א זיפץ:

— עך, וואלט זי כאטש נאך געווען געלעבט, וואלט זי אויך פארגעניגן געהאט פונם ליכטיקן בוים. זי וואלט געהאלפן בילין אוועקשטעלן אף די אייגענע פיס...

ער איז צוגעגאנגען צום אלטן וועש־שענקל, וואס איז שוין מיסטאמע א מאל צען געווען איבערגעפארבט און איז געשטאנען אין ווינקל שטוב ווי פאריאסעמט. דערויף, אפן שענקל, זענען געווען אויסגעשטעלט פאטאגראפישע בילדער. אלע אזעלכע אפגעבליאקעוועטע אלטע, וואס האבן אויסגעזען ווי פארוויאנעטע, ווייטע זיכרוינעס פון עפעס אן אונטערגעגאנגענער וועלט. דזשימי האט זיך גענומען איינקוקן אינם בילד פון זיין ווייב. דאס בילדל, וואס ער היט אפ ווי אן אויג אין קאפ. ער האט זיך שארף איינגעקוקט אין אירע ווייטקוקנדיקע, פארוואשענע אויגן, וואס האבן אפילע ביי איר לעבן אויסגעזען ווי פארוויינט. דזשימין האט זיך אויסגעדאכט, ווי זי, אפן בילדל, וואלט פארשטאנען זיין צאאר און געוואוסט זיין פראגע. אים האט זיך אויסגעוויזן, ווי זי וואלט אפילע געענטפערט מיט איר אמאליקן, דין־שמאלן שמייכעלע:

— דזשים, — האט זיך אים געדאכט ער הערט זי שעפטשען, — היט אפ אונזער קינד... מיין קינד... דיין קינד...

דזשימי האט זיך בארואיקט:

ער האט א בליק געטאן צום פענצטער.

אינדרויסן זענען געפאלן שווערע שטיקער שניי. געפאלן אזוי גראב און האמעטנע, פונקט ווי עס איז געווען דזשימיס געמיט. ער האט א שמייכל געטאן:

— ס'זאל נאר כאטש אזוי אנהאלטן איבער נאכט, וועט מען מיס־

טאַמע מאָרגן דאַרפן צוגיין... וועט אוואָדע זיין א טאָג אַרבעט...

ער איז צוגעגאַנגען צו בילים בעט און א קוק געטאָן אַף דעם שלאָפנדיקן בילים פּאָנים, וואָס האָט זיך געריוטלט מיט יונגן בלוט און וואַרעמקייט. ער האָט אַרויפגעוואָרפן אַן אַלטן מאַנטל איבער דער דעק און אים גוט איינגעדעקט. דערנאָך האָט ער צוגעוואָרפן עטלע־כע שטיקלעך קוילן אין אויוון אַריין, דערמונטערט דאָס אויסגייענדי־קע פייער און אַליין, א מידער, זיך אַריינגעוואָרפן אין בעט אַריין.

---

אַרום פינף פאַרטאָג האָט זיך דזשימי אויפגעכאַפּט. א באַר־וועסער איז ער אינדערפינצטער צוגעקראָכן צום פענצטער און א פאַר־בידעשטער אַרויסגעקוקט. די ווייסע צודעק פון גאַס האָט אים פריי־דיק געבלענדט אין די אויגן. די שטילע, רואיקע שלאָפעדיקייט פון גאַנצן אַרום, האָט אים צערטלעך געגלעט. ער האָט שטיל אַרויפגע־הויבן א שטיקל פענצטער און אַרויסגערוקט זיין וואַרים־פאַרשלאָפענע האַנט אינדרויסן אַרויס. די מאָרגן־קעלט האָט אים א שטשיפּע גע־טאָן און בליץ־גיך זיך אַרונטערגעלאָזט צו די שפּיצן פינגער פון זיינע פיס. ער האָט א ציטער געטאָן און אַף גיך פאַררוקט דאָס פענצטער.

— א נישקאָשעדיק פרעסטעלע און א היפּשער שניי. — האָט ער געמורמלט, פּונקט ווי ער וואָלט זיך מיט אימיצן געוואָלט טיילן אין דער פרייד.

א צופרידענער שמייכל האָט זיך צעגאָסן איבער זיין פּאָנים. ער האָט גענומען אונטערטאַנצן און רייבן איין האַנט אין דער צווייטער, ניט ווּיסנדיק אַליין צי ער טוט דאָס פון צופרידנקייט, אָדער פון קעלט.

דזשימי האָט זיך גענומען אָנטאָן. ער האָט אַרויפגעצויגן אַף זיך די אָפּגעטראָגענע קליידער, אַריבערגעצויגן דערויף אַן אַלטן, צע־ריסענעם מאַנטל, וואָס איז שוין איינגאַנצן געווען אָן אַרבל. ער האָט אַרומגעוויקלט זיינע שיך מיט עטלעכע שמאַטעס און זיי אַרומגעבונדן מיט שטריקלעך.

שטיל, ווי א גאַנעוו, האָט ער זיך אַרויסגערוקט פון שטוב און פּונקט אַזוי שטיל פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך.

אין וואַגאָן פון דער אונטערערדבאַן איז ער געזעסן שווער און דרימלענדיק. ווי דורך א נעפּל האָט ער געזען אַרום זיך עטלעכע גע־ציילטע מיטפאָרער, וואָס זענען — פּונקט ווי ער — געזעסן און אונ־טערגעדרימלט. דזשימי האָט זיי באַטראַכט און געטראַכט, אַז זיי — אַזעלכע מידע און שווערע — וואָלטן גאָר, פּונקט ווי ער, געדאַרפט פאַר־בלייבן אינדערהיים און ניט אַרויספאָרן אַזוי פרי אין אַזאַ קעלט זוכן צו פאַרדינען אַף ברויט.

ער האָט געפילט א פאַרדראָס. ער האָט עפּעס אַזוי ווי א שפּיי געטאָן לעבן זיך און פויל צוגעמאַכט די אויגן.

בעאיים ער, דזשימי, איז צוגעקומען אפֿן פּלאַץ, לעבן קאַנטאָר, וואו ער האָט זיך געדאַרפֿט מעלדן צו דער אַרבעט, זענען שוין דאָרט געווען אַ מאַסע מענטשן. זיי זענען געשטאַנען אין אַ ריי אויסגע־שטעלט לעבן אַ וואַנט און געוואַרט צוצוקומען נעענטער צום פֿענ־צטערל, צום עלצטן, וואָס זאָל זיי אויפֿנעמען און צעשיקן אױף אַרבעט. דזשימי האָט זיך אַוועקגעשטעלט הינטער אַלעמען, איינגעדרימלט און צוביסלעך זיך גערוקט נעענטער און נעענטער.

ענדלעך איז ער צוגעקומען צום פֿענצטערל. ער האָט דערלאַנגט זיין רעגיסטריר־נומער, האָט אַרויסבאַקומען אַן אַנדער פּאַפּירל און זיך אַוועקגעשטעלט, ווי אַלע אַנדערע, וואַרטן אױף אָנווייזונגען.

באַלד זענען אָנגעפֿאָרן עטלעכע גרויסע, אָפֿענע מאָטאָר־וועגענער, פֿון וועלכע עס האָט זיך געטראָגן אַ שטיקנדיקער רייעך פֿון צוגעלעגע־נע מיסט. עפּעס אַ גראָבער נעפֿעש האָט, שרייענדיק מיט אַ פֿעסטער שטימע, אַלעמען אויסגעטיילט אין גרופּעס און געהייסן זיך אַריינכאַפּן אין אַ באַשטימטן וואָגן.

די וועגענער זענען אַרויס פֿונם זייטיקן געסל, האָבן זיך פֿאַרנומען אױף דער עוועניו און מיט שטילן גערויש, קעדיי ניט איבערצוּוואַועקן די שלאָפֿנדיקע גווירים, זיך גענומען טראָגן דורך דעם פֿינצטער־שטילן פֿאַרטאָג אין דער ריכטונג צו די רייכע געשעפֿט־געגנטן.

דזשימי איז געשטאַנען אָנגעלענט מיט דער פּלייצע צו אַ זייטל פֿון וואָגן און זיך שטייף צוגעהאַלטן, ניט אומצעפֿאַלן ביי יעדן קער. פֿויל און פֿאַרשלאָפֿן האָט ער געקוקט אַרום זיך, פּונקט ווי עס וואָלט אים גאָרניט אָנגעגאַנגען. מיטאַמאָל האָט אַ ביסל רויך אים אַ שטיק געטאָן אין האַלז. ער האָט זיך פֿאַרהוסט און אַרומגעקוקט, אויסצו־געפֿינען פֿון וואַנען דער רויך איז געקומען.

לעבן אים, האָט ער געזען, איז געשטאַנען אַ יונגערמאַן און גע־רויכערט אַ פּיפּקע. דזשימי האָט אַ קוק געטאָן אױף יענעם. יענער, אין אַלטע, אָפּגעטראָגענע קליידער פֿון וועלכע עס האָט זיך פֿונדעסט־וועגן אַרויסגעזען אַ צייכן פֿון ציכטיקייט, — האָט אַ צעשאַר געטאָן דעם רויך מיט דער האַנט און זיך גענומען פֿאַרענטפֿערן:

— אַנטשולדיק, אַלטער. עס פֿאַרדריסט מיך. איך האָב ניט געוואוסט, אַז דער רויך וועט דיר אַזוי פֿאַרשאַטן...

דזשימי, כאָטש ער האָט געוואָלט עפּעס אַנדערש זאָגן, האָט מיט־אַמאָל גאָר אָפּגעענטפֿערט:

— אָ, עס מאַכט ניט, ברודער, עס מאַכט ניט. אָט־אָ־דאָס־אָ, — האָט ער אַ וויַז געטאָן אױף די ברעקלעך מיסט־אָפּפֿאַל, וואָס זענען גע־לעגן אַפֿן דנאָ פֿונם מאָטאָר־וואָגן, — אָט־אָ־דאָס־אָ, איז נאָך ערגער. פֿונדעסטוועגן...

יענער האָט פֿאַרגיטיקנדיק אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און צוגע־געבן:

— יע־עפ!... דערפאַר טאַקע רויכער איך... ביי מיר איז עס צום ערשטן מאָל...

דזשימי האָט זיך ווידער איינגעקוקט אינם יונגנמאַן און מיטאַמאָל דערפילט עפּעס א מאָדנע צוגעלאָזנקייט צו אים. ער האָט אים גע־וואָלט עפּעס אויספרעגן: זיך דערוויסן, פאַרוואָס ער, אזא יונגער און געזונטער מאַן, זאָל גאָר דאַרפן אָנקומען צו אזא אַרבעט, צו וועלכער — ווי אים, דזשימין, האָט זיך אויסגעוויזן — עס דאַרפן נאָר אָנקומען בלויז אזעלכע אַלטע און צעבראָכענע מענטשן ווי ער אַליין איז. ער האָט אים געוואָלט פרעגן, אָבער ניט געוואוסט ווי אזוי אָנצוהויבן. יע־נער האָט, אפּאַנים, פאַרשטאַנען דזשימיס פאַרוואונדערטע אויגן און אַליין א זאָג געטאָן צו אים:

— יע־עפּ, מיט צוויי יאָר צוריק וואָלט איך ניט געווען געגלויבט, ווען אימיצער וואָלט מיר געזאָגט, אז איך וועל דאַרפן גיין ראַמען שניי... דעמאָלס בין איך נאָך געווען, ווי מען זאָגט עס, אין די פעדערן.. אָבער צו וואָס דערמאָנען? — האָט יענער מיטאַמאָל א מאַך געטאָן מיט דער האַנט און אָפּגעהאַקט.

דזשימי איז נאָך מער פאַראינטערעסירט געוואָרן. ער האָט זיך אָנגענומען מיט דרייסטקייט און א פרעג געטאָן:

— וואָס איז, פאַרלוירן דעם דזשאָב?...

— יע־עפּ. — האָט יענער קורץ אָפּגעהאַקט.

דזשימי האָט באַקומען אן אויפגעמונטערטע צונג:

— יאָ, מענטש, — האָט ער טרויעריק א זאָג געטאָן. — דער טייוול האָט עס אונז צוגעזאָצלט מיט א פיין צייטעלע... א קריזים...

— ניט דער טייוול, ברודער, האָט עס געבראַכט אָף אונז, נאָר אָט,

— האָט יענער א ווייז געטאָן אָף א פּאַלאַץ־הויז, פאַרביי וועלכן זיי זענען אַקוראַט דורכגעפאָרן. — אָט, די וואָס וואוינען אינווייניק, זיי...

דזשימי האָט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— דאָס איז ריכטיק. זיי האָבן אַלץ צוגענומען ביי אונז. זעסט, אָט איך, צו פערציק יאָר, וואָס זיי האָבן געמאַכט פון מיר... די הענט און פיס איבערגעהאַקט. דאָס האַרץ אונטערגעשלאָגן...

— און מיר, — האָט דער יונגערמאַן פאַרביינגט אויסגעצויגן, — האָבן זיי דאָס מויל פאַרמאַכט...

דזשימי האָט אים אָנגעקוקט:

— ? ? ? . . .

— יע־עפּ, — האָט דער יונגערמאַן געשאָקלט מיטן קאָפּ. — א זינגער געווען. היינט, בלויז עטלעכע גאָר גרויסע האַלטן זיך נאָך ווי עס איז אַביסל. די איבעריקע... עט...

דזשימי האָט א ציטער געטאָן:

— מיינסט, אז דו ביסט א זינגער?... אן אָפּערע־זינגער?...

— ניין. אזוי געזונגען אין טעאַטער, אין א כאָר... היינט, ברו־

דער, דאַרף מען דאָס שוין ניט. אַביסל די ראַדיאָס און דאָס איבערי־
קע... מענטשן זענען צופרידן, אז זיי קאָנען נאָך קויפן א שטיקל
ברויט... קיין זינגער דאַרפן זיי ניט...

דזשימין האָט זיך געדאַכט, ווי אימיצער וואָלט אים מיט עפּעס
איבערן קאָפּ דערלאַנגט. אין מויעך האָט א ציטער געטאָן:

„בילי"!...

ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָך עפּעס אויספרעגן דעם יונגנ־
מאַן. אָבער דער אויטאָ־וואָגן האָט זיך אָפּגעשטעלט און עס האָט זיך
דערהערט א באַפעל:

— ארויסקריכן!...

פאַרזיכטיק, מיט א צעבראָכענעם געמיט, איז דזשימי אַרויסגע־
קראָכן פונם וואָגן און זיך אוועקגעשטעלט. עפּעס האָט ער מיטאמאָל
דערפילט א געפרווירענע שטעכעניש אין זיינע פינגער און גענומען
אַרויפהויכן אַף זיי מיט זיין אָטעם. אין די אויערן האָט אים גע־
קלונגען דעם יונגנמאַנס לעצטע ווערטער:

— קיין זינגער דאַרפן זיי שוין ניט מער...

ווי אַן אויסגעמידטער פון א לאַנגן, שווערן טאָג פּראַצע, אזוי האָט
דזשימי געשלעפּט זיינע שווערע פיס צום ראָג גאַס, וואוהין מען האָט
אים געהייסן צוגיין. דאָרט זענען געלעגן אין א קופּע א מאַסע גרוי־
סע, ברייטע לאָפּעטעס, קירקעס און בעזימער. דזשימי האָט באַקומען
א לאָפּעטע און זיך גענומען צו דער ארבעט. מיט שווערע און פּאַמע־
לעכע טריט האָט ער געשפּאַנט אינמיטן גאַס און מעכאַניש געקוקט א
פּלאַכטע שניי אין פּאַראויס. צוגעשאַרט גרויסע קופּעס צו א קאַנאַלי־
זאַציע־עפענונג, אינמיטן גאַס, וואו עטלעכע ארבעטער זענען געשטאַ־
נען און מיט זייערע לאָפּעטעס ביסלעכווייז אריינגעוואָרפן דעם צוגע־
שאַרטן שניי אין צעעפנטן לאָך, וואָס האָט עם קעסיידער פאַרצערט, ווי
עפּעס א גרויסע, אויסגעהונגערטע כאַיע. א מיסט־וואָגן האָט זיך
ארומגעגליטשט מיט אַן אָנגעהאַנגענעם גרויסן מעסער אין פאָרנט און,
ווי מיט א קאָסע, אַרונטערגעהובלעוועט דאָס צוגעוואַקסענע און איינ־
געטראָטענע שניי, וואָס איז צוגעהאַרטעוועט געוואָרן צום ברוק.

צום ראָג גאַס, וואָס אָנטקעגן, איז צוגעפאָרן א ספּאָרט־אויטאָמאָ־
ביל, מיט אַן אויפשריפט פון שטאַטישן ריינקייט אָפּטייל. אינווייניק,
אינם אויטאָמאָביל, זענען געזעסן צוויי אָנגעפּעלצטע יונגעלייט אין יו־
ניפאָרמירטע היטלען. זיי האָבן גערעדט צווישן זיך און אָנגעוויזן
מיט די הענט אהין און אהער. יעדע ווייל האָבן זיי געכאַפּט א בליק
אין אַן אנדער ווינקל, ווי זיי וואָלטן געהיטן, אז די אַרבעטער זאָלן זיך
ניט אונטערפוילן; אז קיינער פון זיי זאָל זיך כאָלילע ניט אָפּשטעלן אַף
א מינוט אָפּצורוען. מיטאמאָל האָבן זיי צוגערופן איינעם פון די
ארבעטער, גערעדט עפּעס פאַר א ווייל מיט אים, אים צוריקגעשיקט
צו זיין פּלאַץ און צוגערופן א צווייטן.

דזשימין האָט מען אויך צוגערופן:

— ווי אַלט ביסטו, אַלטער? — האָט אים איינער פון די באַכע־דים אַ פרעג געטאָן, גלייך ווי ער איז צוגעקומען צום אויטאָמאָביל און זיך באַגריסט.

— ארום פערציק יאָר. — האָט דזשימי געענטפערט פאַרזאָרגט.

— לייגסט. ביסט פיל עלטער. — האָט יענער איראָניש און, צו־דער זעלביקער צייט, גוטמוטיק אַ זאָג געטאָן, דראָענדיק דערביי מיט אַ פינגער.

— אף איין זייט בלויז איז ער פערציק. — האָט דער אנדערער צוגעוואָרפן, צופינטלדיק מיט אַן אויג צו יענעם, וואָס לעבן אים.

דזשימי האָט זיך גענומען שווערן:

— בענעמאָנעס, דזשענטלליט, בענעמאָנעס. פערציק יאָר איז מיר געוואָרן אָט ערשט דאָ ניט לאַנג.

די דזשענטלליט האָבן זיך צעלאַכט. איינער האָט ווידער אַ פרעג געטאָן:

— האָסטו אַ ווייב, אַלטער?...

— ניין, געשטאָרבן. — האָט דזשימי, אַ צעווייטיקטער, אָפּגעענט־פערט און דערפילט ווי צום צעווייגען זיך פון קרענקונג.

— אזוי?... אַ באַכער, הייסט עס?... — האָט דער עלטסטער פון די צוויי אויסגעצויגן מיט אַ געמאַכטער איבעראַשונג און דערביי אַ קוק געטאָן אף דזשימין מיט אַ פאַרזשמורעט אויגל. — נו, אויב אזוי, דאַרף מען דאָך דיר אזוי נויטיק קיין ארבעט ניט געבן... ס'זענען פאַ־ראַן מער נויטבאַדערפטיקע מענטשן, אזעלכע, וואָס האָבן מישפּאָכעס... ניט אזוי? — האָט ער זיך, מיקלוימערשט ווי צום באַרעכטיקן, אַ ווענד געטאָן צום אנדערן.

— ריכטיק. — האָט דער צווייטער צוגעוואָרפן. — איך זע טאַקע ניט איין, פאַרוואָס אף זיין פּלאַץ זאָל בעסער ניט ארבעטן אַ מאַן, וואָס דאַרף אויסהאַלטן אַ ווייב מיט קינדער...

דזשימי איז געשטאַנען און געשוויגן. אים האָט זיך אויסגע־דאַכט, אַז אַ מאַסע קליינע מוראַשקעס קריכן איבער זיין פּאָנים און קערפּער. ער האָט אַ הויב געטאָן זיין שווערע, איינגעברודיקטע האַנט און אַ וויש געטאָן דאָס פּאָנים מיטן שמוציקן ארבל. דערביי האָט ער מיט צעווייטיקטע בליקן און מיט צאַאַר געקוקט אף די צוויי יונגעלייט, ביי וועמען אין די הענט עס איז איצט געלעגן זיין גורל. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, דערקלערן, נאָר האָט זיך אינגאַנצן פאַר־לוירן און ניט געוואוסט פון וואָס אָנצוהויבן.

איינער פון די יונגעלייט האָט ווידער אַ זאָג געטאָן:

— וואָס־זשע, דו דאַרפסט דען בעעמעס אזוי נויטיק די ארבעט?.. קאָנסטו עס אונז באַווייזן? קאָנסטו עס אונז איבערצייגן?...

— יעס סער, — האָט דזשימי גענומען שטאַמלען מיט האָפנונג.

— איך... איך האָב אַ קינד... איך דאַרף אים אויסהאַלטן.. איך..

דער צווייטער האָט אים איבערגעשלאָגן:

— איין קינד?... וואָרים ווייסטו כאָטש וויפל באַלאָנים עס זענען פאַראַן אַף דער אַרבעט?... איין וואָרט בלויז און... עס קומען הונ־דערטער אַף דיין פּלאַץ... ווייסטו דאָס?...

דזשימי האָט געצוקט מיט זיינע אויסגעגלאָצטע אויגן און אַלץ ניט געקאָנט באַגרייפן, נאָך וואָס די יונגעלייט האָבן אים אַהערגערופן און נאָך וואָס זיי דערציילן אים דאָס אַלץ. ער האָט ביי זיך דאָרט, אינדערפינצטער, געטראַכט:

„פאַרוואָס פייניקן זיי מיך, אויב זיי ווילן מיך ניט?... צו וואָס נאָך מוטשען מיט פראַגעס?...

— וואָס זשע שווייגסטו?... דו פאַרשטייסט דאָך אַוואַדע, אַז מיר האָבן אַ גרויסע דייגע דאָ און אַז מיר קאָנען דיך לאָזן אַרבעטן, אויב... אויב דו וועסט נאָר זיין אַ מענטש מיט סייכל... דו פאַרשטייסט... מיר קאָנען זאָגן, אַז דו... אַז דו ביסט זייער גוט ביי דער אַרבעט... מיר קאָ־נען אַפילע פאַרשרייבן, אַז דו האָסט אַ ווייב מיט עטלעכע קינדער... אַלץ הענגט אָפּ פון אונז...

— יאַ־יאַ, — האָט דער צווייטער צוגעגעבן. — דו דאַרפסט נאָר פאַרשטיין וואָס דו האָסט צו טאָן....

ער האָט דערביי וואָוילינגעריש אַ גנייווישן פינטל געטאָן מיט אַן אויגל צו דזשימין און זיך צעלאַכט מיט אַ פוילן, ציינישן געלעכטערל, וואָס האָט דזשימין אויסגעקוקט אַקוראַט אַזוי פויל און ציניש ווי דער נעפּעש אַליין.

ערשט איצט האָט זיך דזשימי אַ כאַפּ געטאָן און פאַרשטאַנען, וואָס זיי מיינען און וואָס זיי ווילן פון אים. ער איז געוואָרן אויפגע־צאַרנט. ער האָט דערפילט, ווי זיינע פויסטן קלאַמערן זיך איין און זיינע ציין הויבן אָן צו קריצן. ער האָט דערשפּירט ווי דאָס בלוט האָט אים אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ. אין יענער מינוט איז ער גרייט גע־ווען אָנצונעמען אַ פול מויל מיט שפּייעכץ און דאָס, צוזאַמען מיט זיין שווערן קאַאָס, אַ גאָס טאָן אַף די פּענימער פון די צוויי אויסגעפּוצטע און אויסגעכאַליעטע הינט אינם אויטאָמאָביל. אַ שפּיי טאָן אַף די צוויי כאַיעשע שקלאַפן־טרייבער, וואָס האָבן נאָך אַוואַדע קיינמאָל אין זייער לעבן אַליין ניט פאַרזוכט דעם טאַאַם פון אַרבעט, און לעבן נאָר פון באַגאַזלענען אַנדערע. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, אָפּענטפערן, אָבער ער האָט זיך באַהערשט. געוואוסט האָט ער, אַז ער טאָר ניט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז קוים רעדט ער נאָר אַרויס אַן איינציק וואָרט, וואָס וועט זיי ניט אַזוי שמעקן, וועט אַף זיין פּלאַץ גלייך אַוועקגע־שטעלט ווערן אַ צווייטער אַרבעטער, וואָס וועט מיט דער אייגענער, אויסגעוואָרעמטער לאַפּעטע זיינער, שאַרן דעם שנייי, אַנטשאַט אים.

די איבעריקע אַרבעטער זענען דערווייל אַנגעשפּיצט געוואָרן. יע־

נע, וועלכע זענען נאָך ניט דורכגעגאַנגען די זעלביקע פראָצעדורע, האָבען זיך, ווייזט אויס, שוין דערוואוסט פון די ערשטע, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך דאָרט און האָבן זיך אַליין אויך געשראָקן.

איינער פון די, וואָס אין אויטאָמאָביל — דערזעענדיק, ווי די אַרבעט האָט זיך אָפּגעשטעלט — איז האַסטיק און מיט רעציכע אַרויסגעשפרונגען פון זיין פלאַץ, האָט אַ גרילץ געטאָן מיט זיין פייפל און בייז אויסגערעוועט:

— העי, איר דאָרט, פאַרשאָלטענע פוילאַקעס!... וואָס האָט איר זיך דאָרט אָפּגעשטעלט?... דאָ שפּילט מען זיך ניט!... געאַרבעט, איידער דער שנײ וועט נאָך אָנהויבן אַליין צעגיין אונטער זיך!...

— איז וואָס זשע זאָגסטו, אַלטער? — האָט דער צווייטער יונגערמאַן אַ פרעג געטאָן דזשימין. — ווילסטו פאַרבלייבן אַרבעטן אָפּן פלאַץ, אָדער?... דו ווייסט דאָך שוין וואָס איך מיין...

און אין אַ ווייל אַרום, זעענדיק, אַז דזשים ענטפערט ניט, האָט ער צוגעגעבן.

— וועל... — איך וואָלט אַפילע יאָ געוואָלט פאַרקוקן וואָס דו האָסטו ניט קיין באַרעכטיקונג פאַר דער אַרבעט... אָבער, דו ביסט נאָך דערצו אומגעלומפּערט און... איך פאַרשטיי, אַז עס איז ניט דיין שולד. דאָס איז ביי דיר, מיסטאָמע, פון אַלטקייט. אָבער... די שטאָט קאָן זיך ניט דערלויבן צו צאָלן געלט גלאַט אַזוי זיך. דאָס איז שטייער־צאָלערס פאַרמעגן... פאַר זייער געלט ווילן זיי האָבן אַרבעט... אָט, איך וועל דיר געבן דיין אָפּזאָג־צעטל, וועסטו אַוועק אין אָפּיס און באַקומען פאַר דיינע פאַר שאָ אַרבעט... עס פאַרדריסט מיר, אָבער...

מער האָט דזשימי שוין ניט געהערט. עפּעס האָט אים גענומען רוישן אין קאָפּ. ער האָט אינגאַנצן געציטערט. איין האַנט האָט זיך ביי אים גענומען טרייסלען, ווי ער וואָלט מיטאַמאָל געטראָפן געוואָרן פון אַ פּאַראַליז־אָנפאַל. די צווייטע — די אין וועלכער ער האָט די לאָפּעטע געהאַלטן — האָט זיך מיטאַמאָל אַ הויב געטאָן אַרויף, צום אויטאָמאָביל־פענצטערל. פון גאָרגל האָט זיך אַ ריס געטאָן אַ הימטעריש געבריל, וואָס האָט די גאַס צעלעכערט מיט אַ שאַרפן שניט:

— הונט, פאַרשאָלטענער הונט! — האָט דזשים אַ ברום געטאָן מיט אַ פרעמדן קאָל, וואָס האָט אויסגעזען, ווי עס וואָלט געקומען פון ערגעץ ווייט מיט אַן איבערגעכאַזערטן ווידערקאָל, — בלוטיקער הונט!

דער ווידערקאָל האָט אַ וויבריר געטאָן אָף די אַרומיקע הייזערווענט און איז מיט ציטערניש אָפּגעשטאָרבן. באַלד האָט זיך דערהערט אַ זעץ און אַ גלאָז־געבראַזג. אַ שווערער און טיפער קרעכץ — אויסגעמישט מיט צעשאָטענע שטיקער גלאָז — איז קלינגענדיק אַרונטערגעפאַלן אָפּן נאַר־וואָס רויט־געוואָרענעם, באַבלוטיקטן שניי, וואָס האָט זיך גענומען שמעלצן אונטער די אָנקומענדיקע שטראַלן פון דער אויפגעגאַנגענער זון.

# מייקלס דערפאַרונג





מייקל אָ'פלאהערטי — אַן אַכצן־יאָריקער אירישער באָכער, מיט ליכטיק־געלע און שטילע אויגן און מיט מיידלעשע, ווייכע ליניעס אף א ווייסן, צאַרטן פּאָנים, וואָס האָט זיך שטענדיק געשאָטנט אונטער א צעשויבערטער קוטשמע שטרוי־קאָלירטע האָר, — איז פּונקט ווי זיין אויסזען—געווען אַ שטילער און שמייכלענדיקער. בעטעווע ניט קיין שלעגער; קיין פליג אף דער וואנט ניט געקאָנט טשעפּען. אָבער, אויב עס וואָלט אים אימיצער גע־פּרואווט זאָגן, אַז ער וועט ניט ענדיקן היי־סקול, — וואָלט דער דאָזיקער שטילער באָכער יענעם געוועז אזוי דערלאנגט, אַז יענער וואָלט עס שוין געהאט אף לאנג צו געדענקען. אזא זאך וואָלט פאר מייקלען געווען די גרעסטע באלײדיקונג. דאָס וואָלט ביי אים געהייסן, אַז מען לאכט אָפּ פון זיין אידעאל צו לערנען און שטודירן.

האָט אָבער געטראָפן א זאך און מייקל האָט דערפאר שוין די היי־סקול טאקע ניט געענדיקט.

געשען איז עס אָט אזוי:

איינמאָל אינדערפרי, ווען מייקל האָט זיך אויפגעכאפּט און זיך גענומען — ווי אלעמאָל — גרייטן אין שול אריין, — האָט ער דער־הערט עפּעס א מאָדנעם שאָרך אין פאָטערס שלאָף־צימער. ער איז א ווייל געבליבן שטיין א צעטומלטער און ניט געקאָנט באגרייפן, וואָס דער שאָרך איז. געוואוסט האָט ער, אַז דער פאָטער זיינער דארף שוין לאנג זיין ביי דער ארבעט. ער איז גלייך אריין אהין און דערזען:

דער פאָטער זיינער — א בלאסער — איז געלעגן אין בעט און געקוקט אף דער סטעליע מיט מאָדנע אויסגעלאָשענע אויגן.

מייקל האָט זיך דערשראָקן. זיינע אויגן — אויסגעשטאַרטע —

זענען געבליבן פארשטייפט, קוקנדיק אף איין פונקט, צום פאטער. ער האט געוואלט פרעגן וואס עס איז געשען, אבער ער האט עס ניט גע־קאנט. די ציינער זענען ביי אים ווי פארהאקט געווארן און ער האט ניט געקאנט קאנטראלירן די מוסקולן פון מויל. עפעס נאר ווי ער וואלט פאראליזירט געווארן.

דער פאטער האט אים באמערקט. ער האט מיט א פינגער מייק־לען צוגערופן צום בעט, האט געקוקט אף אים, ווי איינער, וואס טרינקט זיך און בעט הילף באם איינציקן פארבייגייער. און פונקט ווי ער וואלט זיך געוואלט פארענטפערן פאר עפעס אן אפגעטאנענער אוולע, האט ער א צוק געטאן מיט זיינע בלוי־געווארענע ליפן:

— מיי־קל!...

מער האט ער ניט גערעדט. ער האט א ווייז געטאן אף א טיכל, וואס איז געלעגן אף א בענקל לעבן בעט. דאס טיכל איז געווען דורכ־גענעצט און באפארבט אין רויטן.

מייקלען האט אנגעהויבן שווינדלען פאר די אויגן. ארום אים האבן זיך אפגעווישט די קאנטורן און קאלירן פון זאכן. עס האט זיך אים געדאכט, אז דער דיל אונטער זיינע פיס פארלירט די פעסט־קייט און הויבט זיך הינטער אים העכער און העכער. עס האט זיך אים געדאכט, אז דער דיל איז שוין אזוי הויך, אז אט־אט איז ער שוין ביי זיינע אויגן. ער האט געמיינט, אז ער זינקט איין און פארלירט דעם אנשפאר. ער האט זיך אנגעכאפט אין בעט.

א שטארקער, לאנגער הוסט האט ארומגעכאפט דעם פאטער. יע־דער הוסט — א שניט ביי מייקלען אין הארצן. ער איז געבליבן שטיין א פארלוירענער און גאר ניט געזען. געהערט האט ער בלויז — ווי אין א כאלעם — ווי דער פאטער כארכלט, פארגייט זיך און קאן דעם אטעם ניט כאפן.

ער האט א טראכט געטאן:

„ א דאקטאר".

א האלב־אנגעטאנענער איז ער ארונטערגעלאפן אין דערבייאיקן קלייטל צום טעלעפאן.

מייקל האט אריינגעווארפן די מאטבייע אין טעלעפאן־קעסטל און מיט אומגעדולד זיך געקאאסט, פארוואס די טעלעפאן־מיידל פארבינדט אים ניט אזוי גיך מיטן נומער וואס ער האט געבעטן. ער האט פאר־דראסיק געגומען שאקלען דעם האקן און אריינגעשריגן אין טרייבל:

—גיכער, צו אלדע טייוול!... זענט איר דארט אנטשלאפן געווארן, צי וואס?...

דער אומגעדולד — א ברענענדיקער — האט אים פארפאלגט. עס האט זיך אים אויסגעוויזן, אז די מינוטן וואס ער פארלירט דא, באם טעלעפאן,—טראנספארמירן זיך אין שארפע נעגל פון ווילדע כאלאאסן, וואס לייגן זיך דערוויל דארט אפן פאטערס האלז און שטיקן אים.

מייקל איז אזוי צערודערט געווארן, אז ער איז גרייט געווען אפצערייסן דאס טרייבל פונם טעלעפאן־קעסטל, צעהאקן דעם טעלעפאן, אבי זיך וואס גיכער דערשלאגן צום דאקטאר.

ענדלעך האט זיך אין טרייבל דערהערט א דיקער אויסרוף:

— העללאו!...

פאר מייקלען — א נײ־געבוירענע האפנונג. און מיט מוירע, אז אימיצער וועט נאך דעם דאקטאר אוועקרופן פריער צו זיך, — האט ער, קימאט א וויינענדיקער, אים געבעטן, אז ער זאל גלייך קומען.

ער איז צוריק ארויף אין שטוב.

דער פאטער איז געלעגן א בלוילעך־בלאסער. פון מויל האט אים געזעצט א רויטלעכע שוים. א געמיש פון שפייעכץ מיט בלוט, וואס איז געבליבן פארבאקן און ניט אפגעווישט.

מייקל האט אף גיך צוגעטראגן א גלאז קאלטע וואסער.

דער פאטער האט אפגעאטעמט. ער האט א וויש געטאן דאס מויל מיטן ארבל פון זיין שלאף־העמד און מיט א קרענקלעכן, געמאכטן שמייכל, — א שמייכל, וואס נאר געפערלעך־קראנקע פארמאגן — האט ער גענומען בארואיקן מייקלען.

מייקל האט געפרואווט אפענטפערן מיט א שמייכל. ער האט א שארפן קוק געטאן אפן פאטערס פאנים, אף זיינע אויסגעשטארטע, טרוקענע אויגן, אף זיינע וואקס־קאלירטע באקן און דער שמייכל איז גלייך פארגליווערט געווארן אף די שפיצן פון זיינע ליפן. מיט א צע־וויטיקט־שמערצלעכן אויסדרוק האט מייקל אפגעהאקט א ברום געטאן:

— דער דאקטאר... ער קומט באלד...

שטילערהייט האט ער זיך אוועקגעזעצט לעבן פענצטער, דורך וואנען א הארבסטיקער טאג, צוזאמען מיטן גאס־גערויש, האט זיך אין צימער אריינגעטראגן.

דער דאקטאר האט גארניט ניט פארשריבן. ער האט בלויז אפ־גערופן מייקלען אן א זייט און אים טרוקן־באפעלעריש א זאג געטאן:

— מען דארף אים גלייך נעמען אין שפיטאל. איך וועל אפרופן און באזארגן א פלאץ. דאס איבעריקע...

ער האט דערביי צעשפרייט די הענט און ניט פארענדיקט, וואס ער האט געוואלט זאגן.

מייקל איז שוין יענעם טאג אין שול ניט געגאנגען. ער איז אוועק באזארגן עטלעכע זאכן. ער האט געדארפט ארויסנעמען פון באנק דעם פאטערס עטלעכע אפגעשפארטע דאלאר, קעדיי צו קאנען באצאלן די קאסטן אין שפיטאל און האבן פאר נאך אנדערע הויצאעס.

ער האט געהאלטן דאס באנק־ביכל אין האנט און געקוקט אף די ציפערן, וואס האבן — ווילדע און צאפלדיקע — געטאנצט פאר זיינע אויגן ארויף און אראפ. געוואוסט האט ער, אז די דאזיקע ציפערן זענען געשריבן געווארן אין א צייט פון עטלעכע און דרייסיק יאר. די

צייט פונם פאָטערס לאַנגער און שווערער אַרבעט. פאַרשטאַנען האָט ער, אַז דער פאָטער האָט עס געשפּאָרט, קעדיי זיך צו פאַרזאָרגן אויף די עלטערע יאָרן און אַז ער, מייקל, זאָל קאָנען גיין אין קאָלעדזש. אַז ער זאָל ניט דאַרפן זיין, ווי ער, אַ גאַסן־קערער און טאָן אַן אַרבעט אַ שמוציקע, אַן איבלדיקע. געוואוסט האָט מייקל, אַז אין דער אונטערגעצויגענער סומע זענען אויך פאַראַן פיל פּעניס, קוואָדערס און האַלבע־דאָלאַרס וואָס ער אַליין, מייקל, האָט אהיימגעבראַכט פון זיין צייטונג־פאַרקויף אין די אָוונטן.

מייקל האָט מיט שרעק אַ טראַכט געטאָן:

„איצט וועט דאָס גאַנצע געלט אַוועקגיין"...

ער האָט זיך דערמאָנט, ווי מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, בעאַיים די מוטער זיינע איז קראַנק געוואָרן, האָט מען אויך געריהרט פונם געלט. מער פון אַ העלפט האָט מען דעמאָלס דערפון אויסגעגעבן, קעדיי זי צו ראַטעווען, אָבער איר ניט געקאָנט ביים לעבן דערהאַלטן. איצט—פּונקט ווי דעמאָלס — וועט דאָס געלט צערינען, זיך צעפאַלן אַזוי גיך, אַז מען וועט אַפילו קיין רעכנונג ניט קאָנען נאָכהאַלטן.

— צוויי הונדערט דריי און פערציק דאָלאַר מיט עטלעכע און אַכציק סענט! — האָט מייקל צו זיך אַ זאָג געטאָן. — דאָס איז דאָס גאַנצע פאַרמעגן. מען וועט עס צעשלעפּן און צענעמען. אוי וועט מען עס צענעמען!... — איז מייקל זיכער געווען. — אָבער מען מוז דאָך דעם פאָטער ראַטעווען. אַ קאַפּאָרע דאָס געלט. עס וועט אַפילו זיין ווינציק. אָבער ער, מייקל, וועט שוין זען צו קריגן נאָך. ער וועט פּאָשעט פון די הענט רייסן...

מייקל האָט דעם פאָטער אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל. מיט ווייטיק האָט ער צוגעקוקט ווי מען האָט אים אין ווייסע, האַרטע וועש איבערגעטאָן און אַוועקגעפירט אויף אַ הויכן שטופּ־בעטל, אין דער ווייטקייט פונם טונקל־באַלויכטענעם, סוידעסדיקן קאָרידאָר.

מייקל איז געבליבן שטיין. מען האָט אים ניט געלאָזט מיטגיין. פאַר אים האָט זיך עפּעס מיטאַמאָל ווי אַ גרויסע, שווערע וואַנט אַוועקגעשטעלט און דעם וועג פאַרצאַמט. ער האָט זיך דערפילט אַזוי איינזאַם און פאַרלוירן, פּונקט ווי ער וואָלט איינער אַליין אויף דער וועלט געבליבן, נאָך אַ גרויסער אויסראָטנדיקער מאַגייפע. זיינע געדאַנקען האָבן זיך ביי אים געפּלאָנטערט אין מויעד. ער האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן און צו וואָס זיך צו נעמען.

פאַר אים איז קלאָר געווען איין זאַך:

„מען מוז דעם פאָטער ראַטעווען!"...

ער האָט צונויפגענומען זיינע געדאַנקען און באַשלאָסן:

ער וועט צוגיין צום דעמאָקראַטישן קלוב. דאָרט, וואו זיין פאָטער איז אַ מיטגליד און אַן אַקטיווער אַרויסהעלפער אין צייט פון וואַלן. זיי וועלן זיכער העלפן. דער פאָטער האָט אַלעמאָל דער־

ציילט, אַז זיי דאַרט, פון קלוב, זענען רייכע, פיינע מענטשן און זענען טאָמיד גרייט צו העלפן אַן אייגענעם מענטשן אין נויט.

מייקל האָט זיך קוים דערוואַרט צום אָוונט. ער איז אַהינגעגאַנגען און געטראַכט:

„ער וועט זיי דערציילן וואָס עס איז געשען. ער וועט זיי בעטן, אַז זיי זאָלן אַרויסהעלפן דעם פאָטער אין זיין איצטיקער לאַגע. ער וועט זיי באַווייזן, אַז ניט נאָר דער פאָטער, נאָר אַפילו זיינע עלטער־זיידעס זענען אויך געווען אַנהענגער פון דער דאָזיקער פּאַרטיי און...

— זיי וועלן זיכער העלפן. — האָט ער אַ באַרואיקטער געשפּאַנט אויף די טרעפּ.

די טירן פון קלוב זענען פאַרשלאָסן געווען. מען האָט מייקלען ניט אַריינגעלאָזט. פאַרשטאַנען האָט ער, אַז דאַרט מוז אַוואַדע פאָרקומען עפּעס אַ הוליאַנקע. פון הינטער די טירן האָבן זיך געהערט קוילעס. אַ געמיש פון ווילדע אויסגעשרייען מיט שיקערן געזאַנג האָט זיך פאַרטויבנדיק דורכגעריסן דורך די טירן און ווענט.

מייקל האָט שטאַרקער אָנגעקלאַפּט אין טיר און געוואַרט. די טיר האָט זיך פּאַמעלעך און שמאָל אַן עפן געטאָן. ס'איז אַרויסגעקומען אַ פאַרשוין מיט אַ צעבראָסטעטן העמד־־קאַלנער און אויפגעקנעפּלטער וועסט און האָט אים, מייקלען, שאַרף אָנגעקוקט. דעם דאָזיקן פאַרשוינס פּנים — אַ פאַרשיקערט־געשוואָלנס, אונטער אַן אויסטערליש פּאַפּירן מיצל — האָט נאַריש געשמייכלט. און קוים איינשטייענדיק אויף זיינע קורצע, וואַקלענדיקע פיסלעך, האָט דער פאַרשוין געפינטלט מיט זיינע קליינע, אָנגעלאָפענע אויגעלעך און פריינדיק אַ ברום געטאָן:

— יע־עפּ, סאַני־באָי?!...

מייקל האָט אים אָנגעקוקט.

— וואָס פאַרלאַנגסטו, סאַני־באָי? — האָט יענער — זופנדיק צווישן די פאַרגעלטע ציין — צעצויגן און מיט אַ שליקעכץ איבערגעפרעגט.

מייקל האָט זיך פאַרלוירן און אָנגעהויבן שטאַמלען:

— איך... מיין הער... כ'בין געקומען, ע... וועגן מיין פאָטער ער...

יענער האָט מעכאַניש און גיך אַן ענטפער געטאָן:

—סאָרי, סאָני־באָי, דיין פאָטער איז דאָ נישטאָ.

— איך ווייס... — האָט מייקל אים געפּרוּווט געבן צו פאַרשטיין.

— מיין פאָטער איז קראַנק. ער איז אין שפּיטאָל.

יענער האָט אַ שלוקעכץ געטאָן:

— היפּ... וואָס זשע זוכסטו אים דאָ, סאָני־באָי? דאָ, היפּ, איז ניט קיין שפּיטאָל...

מייקל האָט ווידער געשטאַמלט פאַרלוירן:

— איך?... איך בין אַ'פלאַהערטי. פּעטריק אַ'פלאַהערטי'ס זון.

מיין פאטער איז דא, אין אייער קלוב, א מיטגליד...

— אוהום!... — האט יענער פאשעט א ברום געטאן און גלייכ־גילטיק געפרעגט. — וואס זשע ווילסטו פון מיר?... וואס קאן איך טאן פאר דיר, סאני־באי?

מייקל האט זיך שיער ניט צעוויינט:

— ער, דער פאטער, ער איז קראנק... ער מוז גלייך האבן אייער הילף... איר...

דער פארשוין האט — ווי א פאראליזירטער — א שאקל געטאן מיט דער נאכהענגענדיקער האנט און זיך גענומען רוקן אף צוריק, איבערלאזנדיק די טיר האלב־אפן הינטער זיך:

— ווארט דא אוים א ווייל, סאני־באי. — האט ער ברומענדיק צוגעווארפן. — איך וועל זיך אריינכאפן און א קוק טאן וואס מיר קאנען טאן פאר אים. כ׳וועל דיר גלייך צעוויסן טאן.

מייקל האט גארניט ניט געענטפערט. ער האט דערווייל געכאפט א בליק אין דער טיר־שפארע און געבליבן שטיין ווי א געפלעפטער.

דארט אינם העל־באלויכטענעם זאל, וואס איז געווען אויסגעפוצט מיט א מאסע קאלירטע פאפיר־לאמפן, האט מייקל — אף דער סצענע, אנטקעגן טיר — דערזען האלב־נאקעטע טאנצנדיקע מיידלער. זיי האבן פלינק פארביי־געשוועבט פארביי זיינע אויגן, ווארפנדיק דערביי מע־שונע־ווילד מיט זייערע נאקעטע, אונטערשטע טיילן קערפער. די געסט — אויסגעפוצטע און באלעבאטיש צעלייגטע אף זייערע שטולן —האבן האנאעדיק געראויכערט זייערע ציגארן און מיט גייווע געבלאזן דעם רויך צום פארוואלקנטן סופיט, וואס איז געווען באהאנגען מיט קאלירטע פאפירלעך און באזעצט מיט פליגן. זיי, די געסט, האבן קעסיידער געלאכט, כיכיקעט און, אונטערטורקענדיק איינער דעם צווייטן, צוגע־ווארפן ציניש באמערקונגען. מייקל האט זיך פארשעמט. ער איז אזש אונטערגשפרונגען:

— אזא מיעסקייט!... אזא שאנד!...

די טיר האט זיך ווידער ברייט צעעפנט און ס׳האט זיך נאכאמאל באוויזן דאס אייגענע פארשיקערטע פאנים פון פריער. ניט איבער־טרעטנדיק די שוועל האט ער מייקלען א זאג געטאן:

— סארי, סאני־באי. אבער היינט קאנען מיר גארניט ניט טאן פאר דיר. פארשטייסט... מיר זענען פארנומען... מיר האבן א וויכטיקן מי־טינג... קום צו אן אנדערשמאל...

מייקל האט ניט געקוקט אף אים. ער איז בלויז געשטאנען און מיט אויסגעשפיצטע אויערן אויסגעהערט דאס מורמלעריי, ניט ארויסווייזנדיק אפילע דעם מינדסטן צייכן פון זיין פארדראס, וואס האט ביי אים אין הארצן געזאטן. אומווילנדיק האט ער דערביי גע־כאפט א בליק איבערן פארשוינס ארונטערגעבויגענעם קאפ און פאר זיינע אויגן האבן זיך ווידער פארבייגעטראגן די טאנצנדיקע מיידלעך.

מייקל איז מיטאמאָל פאַרשטיינערט געוואָרן; פאַרביי זיינע אויגן האָט — ווי א בליץ — זיך פאַרבייגעוויגט א מיידלעשע פיגור מיט גאַר א באַקאַנטן פּנים און... די טיר האָט זיך מיטאַמאָל פאַרהאַקט.

א דערשלאָגענער און צעטראָגענער איז מייקל געבליבן שטיין הינ־טער דער פאַרהאַקטער טיר, ווי מען וואָלט אים זיין לעבן אָפּגעזאָגט. דער אומגעריכטער אָפּזאָג האָט אים, ווי א קאַלטער וואַסער־שפּריץ, דעם קערפּער דורכגענומען. ער האָט ניט געקאָנט באַגרייפן ווי אַזוי מען איז דאָרט, אינווייניק, אַזוי קאַלט געבליבן צו זיין פּאַטערס אומ־גליק. א פאַרצווייפלטער האָט ער געפּרוווט א טראַכט טאָן, וואָס ווייטער צו טאָן און וואוהין זיך צו ווענדן נאָך הילף פאַרן פּאַטער. אָבער זיינע געדאַנקען האָבן זיך ביי אים ניט געבונדן. ווי אַף צו להכעיס איז צו אים אין מויעך גאַר געקראָכן די פיגור מיטן פּנים פון דער מיידל, וואָס ער האָט נאָרוואָס, דורך דער אָפענער טיר, אַף דער סצענע געזען.

ער איז געשטאַנען צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט, האָט געריבן מיט דער האַנט זיין שטערן און געפּרוווט אויפזוכן אין זיין זיקאָרן עפּעס א ברעג, וואָס זאָל אים אָנקנופּן און דערמאָנען, וואו ער האָט די דאָזיקע מיידל אמאָל באַגעגנט.

מיטאַמאָל איז א געדאַנק — ווי א מאַסקירטער גאַזלען — אויסגע־וואַקסן אין זיין מויעך און ווי מיט א שאַרפער שפּיז אַן עגבער געטאָן:

— ס'איז דאָך זי, מייבל!...

מייקל האָט א ציטער געטאָן. א צעפּייניקטער שמייכל האָט זיך א שלענגל געטאָן איבער זיינע צונויפגעדרייטע ליפּן און ער האָט גענו־מען פאַרטרייבן דעם דאָזיקן געדאַנק, וואָס האָט זיך — ווי א דאַקוטש־ליווע פליג — אָנגעזעצט אַף אים:

— נאַרישקייטן! — האָט ער געמורמלט צו זיך. — ס'איז ניט זי. ווי קומט זי אהער גאָר?...

מייקל — ווי ער וואָלט זיך געוואָלט ראַטעווען פון דעם דאָזיקן פאַרפאָלגנדיקן געדאַנק — האָט זיך האַסטיק א לאָז געטאָן לויפן אַרונ־טער פון די טרעפּ. געפילט האָט ער, אַז ער דאַרף עפּעס טאָן, קעדיי זיך צו באַרואיקן; פאַרשטאַנען, אַז ער מוז וואָס גיכער פאַריאָגן פון זיך דעם ווילדן געדאַנק, וואָס האָט אים, ווי מיט שטעקנס, דעם מויעך גע־דראָשן:

„טעלעפאָנירן" — האָט ער זיך געפּרוווט אָנכאַפּן ווי אין א שטרוי, — „זיך דורכרעדן מיט איר, קעדיי זיך איבערצייגן... ניין, ניט איבערצייגן זיך, נאָר באַרואיקן. באַרואיקן און פאַרטרייבן יענעם אומגליקלעכן געדאַנק, וואָס האָט זיך געראַנגלט מיט אים און וואָס האָט אים געהאַלטן אין איין רייצן:

— אַז זי איז דאָך גאָר אינדערהיים ניטאָ. זי האָט זיך דאָך באַ־יואָרנט; געזאָגט, אַז זי מוז אוועקגיין...

— וועל איך דאָ וואַרטן. — האָט מייקל, — פּונקט ווי ער וואָלט זיך געקריגט מיט אימיצן, — שאַרף אָפּגעענטפערט. — אויב דאָס איז טאַקע מייבל, וועל איך זי דאָך דערקאָנען, בעאיים זי וועט שפּעטער אַרונטערקומען...

ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויף דער גאַס, לעבן דעם אַריינגאַנג און טאַמעוואַטע געקוקט אַרום זיך.

אויף דער נאַסער גאַס האָבן זיך מאַסן אויטאָמאָבילן פאַרביי־געטראָגן. די גומענע רעדער האָבן זיך געגליטשט איבערן ברוק און אַרויסגעלאָזט אַזאַ נאַסע קווי־טשעריי, וואָס האָט אין מייקלס אויערן אָפּגעהילכט ווי דאָס מעסער־שניט פון פאַרנדיקע שיפן אויף אַ גלאַטן וואַסער. פון צייט צו צייט האָט אַן אויטאָ־סירענע שרייענדיק אַ בלאָז געטאָן און דערשראָקן אַן איינזאַמען פאַרבייגייער, וואָס איז אַ פאַרכאַ־לעמטער אַריבערגעגאַנגען די גאַס.

מייקל האָט זיך איינגעקוקט אין די דורכפאַרנדיקע מאַשינען און געזען:

קימאַט אין אַלע מאַשינען זענען געזעסן פּאָרלעך. זיי האָבן זיך געהאַלטן אַזוי נאָענט, אַזוי אינטים, — ווי געליבטע. פיל פון זיי — לאַכנדיקע און צופרידענע — האָבן זיך געטוליעט איינס צום אַנדערן און אָפט אפילו זיך געקושט.

ביי מייקלען האָט אויפגעברויזט אַ בייזער האַס צו די דאָזיקע פאַרבייפאָרער. ער האָט געפילט ווי אויסצוזוכן אַ שטיין און אַ יאַג טאָן אין אַזאַ מאַשין; צעשמעטערן די שויבן און אַזוי אַרום נעקאָמע נעמען פון יענע, וואָס פאָרן אין זיי.

— ווי אַזוי קאָן מען עס אַזוי? — האָט זיך מייקל געמוטשעט מיט פראַגעס. — ווי קאָן מען עס אַזוי פראַנק און פריי, אויף דער גאַס, אין אַלעמענס אויגן?...

— און איז דען מייבל ניט ערגער? — איז דער געדאַנק ווידער כוצפּעדיק אַנטקעגנגעשפּרונגען און געררייצט. — אָט, ווער עס דאַרף קריגן מיטן שטיין...

אַן אויפגערעגטער האָט זיך מייקל גענומען אַרומדרייען אויפן טראָ־טואַר. ער האָט געקוקט אין די טונקל־באַלויכטענע פענצטער פון די רייכע קראָמען, וואָס האָבן בעלמעדיק געוואונקען צו די פאַרבייגייער. ער האָט באַטראַכט די פיגורן פון די אומשולדיק־שמייכלענדיקע און שרייענדיק־באַפּאַרבטע מאַנעקענס, וואָס זענען געווען אויסגעשטעלט אין פאַרשידענע גראַציעזע פּאָזעס און אָנגעטאָן אין שיינע, עלעגאַנטע קליידער. ער האָט זיך איינגעקוקט אין די געצאַצקעטע ציפערן פון די פרייז־קאַרטלעך און אַ טראַכט געטאָן:

„מייבל האָט אויך אַזעלכע פיינע קליידער און מאַנטלען. אָבער פונוואַנען נעמט זי דאָס?... וואו נעמט זי דאָס געלט צו קויפן אַזעלכע שיינע היטעלעך, בייטעלעך, שיך און זאַכן?"...

געוואוסט האָט ער, מייקל:

מייבל איז אַן אָרים קינד. זי האָט ניט קיין פאָטער און ניט קיין מוטער. אָבער פונדעסטוועגן וואוינט זי, צוזאַמען מיט נאָך אַ מיידל, אין פיינע צוויי צימערן. זי האָט אַפילו אַ טעלעפאָן ביי זיך. בגדים, קליידער און מאַנטלען קימאַט יעדן טאָג, לויטן וועטער. און אינגאַנצן פאַרדינט זי פערצן דאָלאַר אַ וואָך...

דער געדאַנק, ווי אַ זינגער, איז ווידער אַנגעלאָפן און, אַנוויזנדיק אַרויף, אַ רייץ געטאָן:

— זעסטו שוין?!... אָט פונוואַנען זי, מייבל, האָט געלט אויף קליידער און אַנדערע זאַכן. זי קויפט עס פאַרן געלט, וואָס זי באַקומט פון אַן אַלטן נויעף; פאַר לאָזן זיך האַלזן, פאַר לאָזן זיך קושן פון אַן אויוווער־באַטלדיקן געלט־זאַק...

— דאָס איז אַ בילבל! — האָט מייקל געוואָלט אָפּענטפערן זיין אַקשאָנעסדיקן געדאַנק, וואָס האָט אינוויניק, אין זיין מויעך, ווי אַ זייגער געקלאַפּט. ער איז אָבער צו שוואַך געווען. ער האָט אַפילו ניט געקאָנט מער טראַכטן. ער האָט בלויז גלייכגילטיק גענומען קוקן אויף די פאַרבייגייער, וואָס האָבן זיך מאַסנווייז אָנגעהויבן אַרויסצוגיסן פון די דערבייאיקע טעאַטערס, רעדנדיק צווישן זיך פריילעך, אין זייער געמיטלעך־געלאַסענעם שפּאַציר.

לעבן מייקלען האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט אַ שיין־געקליידעטע און שפּאָר־געפאַרבטע מיידל. זי האָט אים שעלמיש אַ קוק געטאָן אין די אויגן אַריין און קאָקעטיש אַ שמייכל געטאָן:

— וואָס עפּעס אַזוי איינזאַם, טייערער?... — האָט זי, מיט אַ צווייטייטיקן און איבערטריבן־לאַסטשענדיקן טאָן, פריינטלעך אַ פרעג געטאָן. — וואָלסטו, שייניגקער, עפּשער גאָר מיט מיר אַ שפּאַציר געטאָן?... אינגאַנצן פינף דאָלאַר?!...

מייקל האָט אויף איר אַ שאַרפן קוק געטאָן, אויסגעשפּיגן און טראַציק זיך אוועקגעדרייט פון איר.

זי האָט זיך אויף אַזאַ ענטפער, ווייזט אויס, ניט גערעכנט. זי האָט דעריבער פרעך אַ לאַך געטאָן, ווי איינער רעדט: „נו, האָב איך ניט געטראָפן" און איז אַוועק מיט לייכטע און געקינצלט־גראַציעזע טריט.

דורך דער הויפּט־טיר פונעם קלוב האָבן איינציקווייז אָנגעהויבן אַרויסגיין פאַרשיקערטע און רייך־געקליידעטע מענער. רויכערנדיק זייערע צעווייקטע ציגאַרן און וואַקלענדיק זיך אויף זייערע מיט בראָנפן־אָנגעגאָסענע פיס, האָבן זיי זיך זיגזאַגיש געדרייט איבערן טראָטואַר און האָבן זיך געשטופּט, שניידנדיק פאַר זיך אַ וועג צווישן די פאַרבייגייער. געניטע שאָפער־יונגען האָבן מיט אַ קוויטש אָפּגעשטעלט זייערע צוגעפאָרענע טעקסיס, אויפגעפּראַלט די טירן, איינציקווייז, אָדער מיט אַ דאַמע, אַריינגעכאַפּט אימיצן און זענען אַנטלאָפן.

מייקל האָט זיך צוגערוקט צו דער וואַנט. אין דער האַנט האָט

ער פאַרקוועטשט אַ שטיין און, מיט אויסגעשטאַרטע אויגן, זיי־טיק און שטייף געקוקט צו דער טיר.

זיין האַרץ האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן שטאַרקער צו פּאָמפּען. ער האָט דערפילט, ווי זיין בלוט האָט זיך האַסטיק אַ גאָס געטאָן דורך די אָדערן, אים פאַרפלייצט דעם מויעך, שווער געמאַכט די פיס און אים געבלענדט אין די אויגן. ער האָט זיך מיט קאַלטן שוויים באַגאָסן.

מייבל, קאָקעטיש געאָרעמט מיט אַ געפּוצטן און געפּאַשעט־פּעטן מאַן, וועלכער האָט אויף זיין גרויסן קאָפּ געטראָגן אַ פאַררוקטן גלאַנציקן צילינדער, האָט זיך אַרויסגעשלייכט פון דער טיר. זי האָט פרעך, מיט אַ כוצפּעדיקן אַרויסרוף, געלאַכט און, — צוזאַמען מיט יענעם ווערעמ־דיקן שיקער, — זיך פאַרקירעוועט אין דער זייטיקער · גאַס. מייקל האָט נאָכגעקוקט און געזען ווי זיי זענען צוגעגאַנגען צו אַ גרויסן אויטאָמאָביל, וואָס האָט — וואַרטנדיק — אויסגעזען ווי ער וואָלט דער־ווייל אונטערגעדרעמלט, וואַרפנדיק אַ פאַרשלאָפענע, מאַטע שיין פון די קליינע לאַמטערנעלעך. דער מאַן האָט זיך גענומען פּאָרקען מיט זיינע ציטערדיק־פאַרשיקערטע פינגער ביים שלאָס פון דער מאַשין און קוים די טיר געעפנט. דערנאָך האָט ער זיך טיף אַריינגעזעצט, האָט אַ ציי געטאָן מייבלען צו זיך, איר געקושט און זי האָט דערביי הילכיק־קאָקעטיש געלאַכט.

מייקל איז אַלץ געשטאַנען ביים ראָג, האָט נאָכגעפאָלגט מיט זיינע בליקן און געציטערט. ער האָט געוואָלט אויפהויבן די האַנט, אַ וואַרף טאָן דעם שטיין, צעשמעטערן די שויבן פון דער מאַשין־טיר און כאָטש דערמיט אָפּקילן זיין אויפגעזאָטן בלוט. זיין האַנט האָט זיך אָבער ניט געהויבן. דער שטיין האָט אים אַלץ נידעריקער געצויגן צו דער ערד און ער, ווי אַ בלייענער, האָט זיך אַרונטערגעלאָזט אויפן ברוק.

---

אינדערפרי האָט זיך מייקל אָנגעטאָן. עפּעס אַ ביטערער נאָכ־טאַאַם פון געפּייניקטן שלאָף האָט אים אין האַלז געקיצלט. ער האָט אויפגעקאָכט קאַווע און פאַרביסן מיט אַ שטיקל דאַרע ברויט, וואָס איז פאַרבליבן פון עטלעכע טעג. צוליבן דאַרן ברויט האָט ער זיך דער־מאָנט, אַז נעכטן האָט ער אפילע קיין גלאָז וואַסער אין מויל ניט גע־האַט. און מאָדנע; נעכטן האָט ער עס אפילע ניט געפילט.

ער איז אַוועק אין שפּיטאָל.

ס'איז נאָך פרי געווען. מען האָט נאָך ניט אַריינגעלאָזט. מייקל איז געשטאַנען אויף די ברייטע טרעפּ פון שפּיטאָל־אַריינגאַנג. ער האָט באַטראַכט די איבעריקע מענטשן, וואָס האָבן — ווי ער — זיך געפּע־דערט אַריינצוגיין צו זייערע קרוווים און אויך געמוזט וואַרטן אינדרויסן. ער האָט זיך צוגעקוקט צו יענע, וועלכע זענען אָנגעקומען צופאָרן אין גרויסע אויטאָמאָבילן און האָבן זיך, דרייסטע, אַריינגע־גליטשט אין די ברייטע טירן, וואָס אַ יוניפאָרמירטער דינער האָט מיט

כניפּעדיק־אונטערטעניקע שמייכעלעך פאַר זיי צעעפנט. מייקל האָט געקוקט און זיך געוואונדערט. ער האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, פאַר־וואָס דאָ, אין שפּיטאָל, מאַכט מען אויסנאַמען פאַר אַ טייל מענטשן. ער איז צוגעגאַנגען צום דינער און גאַנץ נאַאיוו געפרעגט:

— זענען דען זייערע קרויווים געפערלעכער קראַנק ווי מיין פאָ־טער?... פאַרוואָס לאָזט איר זיי יאָ אַריין און מיך?...

יענער האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ מינע, ווי איינער, וואָס האַלט זיך איין פון לאַכן:

— ער, זונעלע, זיי קאָנען קומען ווען זיי ווילן נאָר אַליין. זייערע קרויווים ליגן אין פּריוואַט־צימערן. זיי צאָלן דערפאַר. — האָט יענער אַ זיפץ געטאָן.

מייקל האָט בייז שפּאַצירט אַרויף און אַראָפּ איבער די טרעפּ. יעדע ווייל האָט ער מיט אומגעדולד אַ קוק געטאָן אויפן גרויסן זייגער, וואָס האָט, — ווי אים האָט זיך אויסגעוויזן, — אינוויינעק, אַנטקעגן דער טיר, ווי אַ קראַנקער געכריפּעט.

די טירן האָבן זיך געעפנט.

אַ שווערער רייעד האָט זיך געטראָגן פון די ווייסע ווענט אינם לאַנגן קאָרידאָר, דורך וועלכן מייקל איז דורכגעגאַנגען. פון די זייַ־טיקע פּאַלאַטעס האָבן זיך געהערט קרעכצערייען און געוויינען. כלאָ־ראָפאָרם און עטער האָבן זיך פון ערגעץ שטילערהייט פאַרגאַנוועט און האָבן אין גאָרגל געשטיקט. די מאַרשירנדיקע טריט איבערן צעמענ־טירטן דיל, האָבן געשפּאָלטן די שווערע שפּיטאָל־שטילקייט, און אָפּגע־הילכט ווי פיל מיליטער וואָלט דורכמאַרשירט. די גלאַטע, גלאַנציק־געפאַרבטע ווענט האָבן אויסגעזען ווי קאַלטע מאַציוועס. איילנדיקע קראַנקן־שוועסטער האָבן פאַרגליווערטע שמייכעלעך אויף זייערע ליפּן אַנטקעגנגעטראָגן, גרייטע צו דינען מייקלס ציטערדיק האַרץ און בלאַנדזשענדיקע אויגן, וואָס האָבן דעם פאָטער געזוכט.

אין עק זאַל, אין דער טונקלקייט פון אַרונטערגעלאָזטע ראָלעטן, איז דער פאָטער — דער לעצטער אין דער לאַנגער ריי בעטלעך — גע־לעגן אַזוי אָפּגעשוואַכטער און בלאַסער. פון וויטן נאָך האָט ער מיט צעווייטיקטע, האַלב־פאַרלאָשענע אויגן, געקוקט אויפן אָנקומענדיקן זון, באַטראַכט זיין אומרואיק פּנים און זיין צערודערטקייט.

מייקל האָט אַ געצוואונגענעם שמייכל געטאָן. דער פאָטער האָט אומרואיק און שוואַך אַ פרעג געטאָן:

— וואָס איז געשען, מייקל? עפּעס זעסטו דאָך אויס קראַנק?!...

מייקל האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— ס'איז גאָרניט... איך...

— אָבער מייקל... — האָט דער פאָטער אַ ציטערדיקער ניט אָפּ־געלאָזט. — דו ביסט דאָך עפּעס אַזוי בלאַס געוואָרן... ווי דו וואָלסט פאַר די פאַר טעג גאָר עלטער געוואָרן...

מייקל האָט געפּרואווט לאַכן:

— נו, זיכער בין איך עלטער געוואָרן. שוין א טאָג אריבער. און אין א טאָג...

דער פּאַטער האָט באַצוואונגען צוריקגעשמייכלט. ער האָט גע־דריקט מייקלס האַנט און אים א וויַיז געטאָן אַף דער שטול, לעבן בעט:

— זיץ. איך דאַרף עפּעס רעדן מיט דיר!...

ער האָט ארויסגענומען עפּעס א פּאַפּירל פון אונטערן קישן און אים דערלאַנגט.

מייקל האָט געקוקט אַפן פּאַפּירל, וואָס האָט געציטערט ביי אים אין דער האַנט. דאָס וואָרט „סאַניטאַריום" האָט אים געשווינדלט פאַר די אויגן און איז אויסגעוואַקסן אין א שרעקעוודיקער גרויס. ער האָט געפּרואווט פאַרשלינגען די טרערן, וואָס זענען געהאַנגען אַף די ברעגן פון זיינע צאַפּלדיקע וויעס און זיך איינציקווייז ארונטערגעקייקלט אַף זיינע הייסע באַקן. ער האָט זיך אַנגעשטרענגט:

— וואָס זשע?... אויב מען מוז...

דער פּאַטער האָט אים איבערגעשלאָגן:

— אָבער מייקל... מיר... פון וואַנען וועלן מיר... אַרימעלייט?...

מייקל האָט אים ניט געלאָזט פאַרענדיקן:

— איך... זאָרג זיך ניט... איך וועל שוין זאָרגן...

ער איז גלייך אוועק אין קאַנצעלאַריע פון שפּיטאָל. ער האָט זיך דאָרט אויסגעפרעגט וועגן אַלע קלייניקייטן, געקראָגן אַלע נויטיקע אַנווייזונגען וואוהין צו פאָרן און ווי אויפצופּאַסן אַפן קראַנקן. דערנאָך האָט ער פון שפּיטאָל־סקלאַד ארויסבאַקומען דעם פּאַ־טערס קליידער און, אַן איילנדיקער, — ווי ער וואָלט מוירע געהאַט, אַז יעדע פאַרלוירענע מינוט קאָן זיך שלעכט אָפּרופן אַפן פּאַטערס צו־שטאַנד — אַף גיך אים גענומען אָנטאָן און מיט ציטערניש געשטופּט די רעדער־שטול צו דער פרייער לופט ארויס.

דער צוג—א בייטאָגעדיקער — האָט זיך, ווי אויף צולעהאַכעס, פּאַמעלעך געשלעפּט. די צוויי הונדערט מייל צום שטעטל, — וואָס וואָלטן ביינאַכט, ווי א כאַלעם איבערגעלאָפן — האָבן פאַר מייקלען אויסגעזען אַזוי אויסערגעוויינלעך לאַנג, אַזוי ווייט, ווי מען וואָלט זיי קיינמאָל ניט געקאָנט דערפאָרן.

מייקל איז געזעסן, האָט געקוקט אַפן פּאַטער, וואָס האָט מיט שטייַ־פע, פאַרטרערטע בליקן געגאַפט אַף די פאַרביילויפנדיקע בערג, דורך וועלכע דער צוג האָט זיך דורכגעשניטן. ער האָט געשוויגן און מוירע געהאַט איבערצעשלאָגן דעם פּאַטערס געדאַנקען. ענדלעך האָבן זיך באַ־וויזן קליינע, ווייסינקע הייזלעך, צעוואָרפענע און צעשפּרייטע אַף די וויַיטע, באַגרינטע רוקנס פון די בערג. מייקל האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס זענען אוואָדע די פּלעצער, וואו נאָך אַזעלכע קראַנקע ווי דער פּאַ־טער האַלטן זיך אויף. די דאָזיקע ווייס־געפאַרבטע הייזלעך האָבן פון

ווייטן אנטקעגנגעקוקט מיט זייערע, אין זון־געטונקטע, פאסאדן, און האבן מייקלען אזויפיל צוגעזאגט...

אבער ניט אזוי גיך איז עס צוגעגאנגען. מייקל איז נאך פריער ארומגעלאפן איבערן שטעטל, האט אפגעשלאגן טירן, געבעטן, גע־פרואווט איבערצייגן און זיך געוואונדערט, פארוואס מען פארשטייט אים ניט און מען האט ניט קיין איינזען מיטן פאטער. ערשט שפעט אין אוונט איז אים קוים געלונגען דעם פאטער איינצוארדענען אין איינעם פון די ביליקע פלעצער.

אינדרויסן איז שוין גוט פינצטער געווען. מייקל האט זיך ארומ־געדרייט איבער די טונקעלע געסלעך פונם פרעמדן, אומבאקאנטן שטעטל און ניט געוואוסט וואס צו טאן און וואוהין צו גיין. פארשי־דענע פלענער האבן זיך קעסיידער געביטן אין זיין מויעד און צעשלאגן די פון־פריער שוין באשטימטע און אויסגעלייגטע געדאנקען.

ענדלעך האט ער באשלאסן:

„היינט וועט ער שוין ווי עס איז דורכקומען. ס'איז נאך ניט אזוי שטארק קאלט. ער וועט אריין אין א פארק. ער וועט שוין ווי עס איז איבערשלאפן ערגעץ אף א באנק. און מארגן, מארגן וועט ער זען וואס ער האט ווייטער צו טאן”...

אינדערפרי, אין די עטלעכע שעה וואס ער האט געהאט, ביז ער האט געקאנט אריינקומען צום פאטער, אין סאניטאריום, האט ער זיך ארומגעדרייט איבער די גאסן און געסלעך פונם שטעטל. ער האט זיך נאכגעפרעגט פון טיר צו טיר; אויסדערציילט, פארוואס ער מוז דא בלייבן און איז גרייט געווען זיך אוועקצושטעלן ארבעטן פארן בלויזן עסן מיט א פלאץ צום שלאפן. אבער אומעטום האט מען אים געגעבן איין ענטפער:

— מיר דארפן ניט...

א צעבראכענער און אנטוישטער איז מייקל אוועק צום פאטער. ער האט זיך מיט אים אפגעזעגנט און איבערגעגעבן דאס געלט. פאר זיך האט ער בלויז איבערגעלאזט אף הויצאעס און עטלעכע מאטבייעס קליינגעלט. אן איילנדיקער איז ער אוועק צוריק אין שטאט.

---

מייקלס איינציקער געדאנק, בעאיים ער איז געפארן אף דער באן, איז געווען:

„ארבעט”.

באשלאסן האט ער, אז ווי נאר ער קומט אין שטאט אריין, וועט ער זיך ארויסלאזן זוכן עפעס צו טאן. געהאפט האט ער, אז מיט דעם פארדינסט זאל ער קאנען ניט נאר אויסהאלטן זיך אליין, נאר אויך צו ביסלעך ארויסהעלפן דעם קראנקן פאטער. געוואוסט האט ער, אז דאס געלט, וואס ער האט איבערגעלאזט דעם פאטער, איז גענוג בלויז פאר א גאר קורצער צייט.

א ניט־אויסגעשלאָפענער און א מידער פון דער נאכטיקער רייזע, האָט מייקל מיט שווינדלדיקע אויגן איבערגעקוקט די אנאָנסן אין די ציַיטונגען. ער האָט געגרישטערט, געזוכט און זיך פאַשעט דערפרייט, בעאיים ער האָט דערזען אן אנאָנס, אז עס ווערט געזוכט א אינגל אין זיינע יאָרן פאר פאַבריק־אַרבעט. אפילע די באמערקונג אין אנאָנס, אז בלויז קריסטן, אמעריקאנער געבוירענע, זאָלן קומען, איז אים אויך אויסגעקומען ווי בעקיוון פאר אים.

מייקל האָט אויפגעלעבט. עפּעס אן אומגעריכט גליק!—האָט ער געטראכט, — דאָס ערשטע מאָל אין לעבן, וואָס אים איז ביכלאָל אויס־געקומען האָנאָע צו האָבן דערפון, וואָס ער איז א קריסט. ביז איצט האָט ער, פארקערט, מעקאנע געווען די אידישע כאווירים זיינע. ער האָט אלעמאָל גערעכנט, אז זיי זענען מער מאזלדיק פאר אים. איצט האָט ער ערשט איינגעזען, אז ער דאַרף זיך פילן גליקלעך, וואָס ער איז א קריסט און איז שוין פון לאנגע דוירעס אן אמעריקאנער.

איילנדיק און צופרידן איז ער אוועק צום אנגעגעבענעם פּלאץ. דאָרט, איבער דער ארייגאַנג־טיר, האָט ער דערזען א גרויסע עלעק־טרישע שילד:

„די אוניווערסאל פּייפּער־באקס קאָמפּאני".

און אונטער דעם, אויף דער גלאָז־טיר, מיט קליינע, גאָלדענע בוכ־שטאבן:

„דייוויד גאָלדשטיין, אייגנטימער".

מייקל האָט געקוקט אפן אויפשריפט און געבליבן שטיין א פאר־ציטערטער. צום ערשטן האָט ער גערעכנט, אז ער איז ניט אפן ריכ־טיקן פּלאץ. ער האָט א קוק געטאָן אין אנאָנס און זיך איבערצייגט, אז ער האָט ניט פארבלאָנדזשעט. ער האָט בלויז ניט געקאָנט פארשטיין, פארוואָס אין ציטונג איז געווען אנגעוויזן, אז מען וויל בלויז א קריסט און ווי דער נאָמען, דייוויד גאָלדשטיין, האָט אים אויסגעזען, דאַרף עס זיין גאָר א אידישער נאָמען. ער האָט דעריבער מוירע געהאט אַנ־צורירן דאָס הענטל פון דער טיר. געשראָקן זיך, ווי א כאַיע לעבן א פאסטקע. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אז עפּעס איז פאראן א קונץ אין דעם.

„א איד, — האָט ער געטראכט, — און וויל דאַווקע ניט קיין אידן?"...

מייקל איז געשטאנען אין איין ציטערניש און געטראכט וועגן אנטלויפן. ער האָט אפילע ניט געוואָלט אריינגיין אהין, אינם „פאר־שאָלטענעם" פּלאץ, — ווי ער האָט עס אין זיין געדאנק אָנגערופן. ער האָט זיך אבער דערמאָנט:

„דער פאָטער. מען מוז אים העלפן"....

ער האָט פארקוועטשט די מוירע, זיך איינגעהילט מיט אביסל געמאכטן מוט און איז אימפּעטיק אריינגעגאנגען אין קאָנטאָר,

א דיקער, שווער־אַטעמדיקער מאַן, — האָט ער געזען, — איז גע־זעסן לעבן א מאַסיווען, גרויסן שרייב־טיש. פון זיין ברוינעם, געזונטן פּאָנים, האָט געזעצט א הייסקייט. וואָס האָט אים, מייקלען, אזש גע־ברימ. יענעמס רויטע באַקן — האָט אויסגעזען, — ווי זיי וואָלטן זיך שיער געווען געשפּאָלטן פון בלוט־צופלוס. ער האָט דיקטירט עפּעס צו א הויכער, בלאָנדער מיידל, וואָס איז געזעסן אנטקעגן אים און דערביי צוגעשאָקלט מיט א גראָבן ציגאַר צו יעדן ארויסגערעדטן זאַץ. נאָך מייקלס אריינקומען האָט יענער זיך פויל אויסגעדרייט, אויפגעהויבן זיינע קליינע אויגן און א קוק געטאָן אף אים:

— וואָס פאַרלאַנגסטו, יונגערמאַן? — האָט ער, פּונקט אזוי פויל ווי זיין בליק, א פרעג געטאָן.

מייקל האָט זיך פאַרלוירן. ער האָט א ווייל געשוויגן, אָבער זיך גלייך געכאַפּט און אָנגעוויזן אף דער צייטונג:

— איר... איר האָט אָנאָנסירט...

— אַ, יאָ, געדעכט! — איך האָב גאָר אינגאַנצן פאַרגעסן. — האָט יענער, מיט א פּאַוזע פון איינעם, וואָס דער גאַנצער אייסעק גייט אים גאָר ווייניק אָן, אויסגעצויגן. — ווי דענקסטו, פרענסיס?...

יענע האָט א שמייכל געטאָן:

— יעס, מיסטער גאָלדשטיין. מיר האָבן אָנאָנסירט.

— נו, מיילע, — האָט גאָלדשטיין שווער געפּרייכט. — גיב זשע אים אן אַפּליקאַציע־בלאַנק און זאָל ער דאָס אויספילן.

פרענסיס איז פלינק צוגעגאַנגען צו א טישל, וואָס ביי דער וואַנט. זי האָט גענומען א לאַנגן געדרוקטן בויגן פּאַפּיר, דאָס דערלאַנגט מייקלען און צוגעוואָרפן:

— אף די אַלע פראַגעס דאָ, דאַרף מען ענטפערן. אף אַלע. — האָט זי, ניט קוקנדיק אַפילע אף אים, א זאָג געטאָן.

זי האָט אים אָנגעוויזן אף אַ בענקל לעבן טישל און אַליין איז זי צוריק אוועק צו איר פּלאַץ, צום מאַסיוון שרייב־טיש, און ווידער גע־נומען שרייבן, וואָס גאָלדשטיין האָט דיקטירט.

מייקל האָט זיך מיט מוירע אַוועקגעזעצט. ער האָט גענומען אריינשרייבן די ענטפערס אף די צענדליקער פראַגעס, וואָס זענען, שור־רע נאָך שורע, אין זיין האַרץ, ווי שלאַנגען געקראָכן. אין אָנהויב, ביי די געוויינלעכע פראַגעס, האָט ער, מייקל, נאָך גאַנץ לייכט און גיך אָפּגעענטפערט. נידעריקער, אָבער, איז עס אים צוגעגאַנגען שווערער. ער האָט זיך פאַרטראַכט און אָפט ניט געוואוסט, וואָס צו ענטפערן. עס האָט אים ביכלאַל געוואונדערט, צי וואָס מען דאַרף עס אזעלכע פראַ־געס, וואָס זענען גאָר אינגאַנצן פּערזענלעך און וואָס האָבן קיין שום שייכעס ניט מיט דער אַרבעט.

מיט אויסגעשטאַרטע אויגן האָט ער געקוקט צום מאַסיוון שרייב־טיש, וואו מיסטער גאָלדשטיין איז געזעסן און דאָרט געבלאָזן דעם

רויך פון זיין גראָבן ציגאַר. ער, מייקל, האָט אָנגעהויבן ציטערן און דערביי אומווילנדיק א רוק געטאָן דאָס בענקל הינטער זיך.

— נו, וואָס, פאַרטיק, יונגערמאַן? — האָט מיסטער גאָלדשטיין, זיך אומקוקנדיק, א פרעג געטאָן.

— יעס סער, — איז מייקל א דערשראָקענער אויפגעשפּרונגען און ציטערדיק צוגעטראָגן דאָס פּאַפּיר צו גאָלדשטיינען.

יענער האָט דאָס פּאַמעלעך און פויל דורכגעקוקט. ער איז, ווייזט אויס, צופרידן געווען פון די ענטפערס, איבערגעגעבן דאָס פּאַפּיר דער מיידל און א פרעג געטאָן:

— וואָס דענקסטו דערפון, פרענסיס?...

זי האָט שנעל א בליק געטאָן אויפן אָנגעשריבענעם בויגן און פונקט אזוי שנעל אָפּגעענטפערט:

— איך רעכן, מיסטער גאָלדשטיין, אז עס איז אָ־קעי...

יענער האָט ווידער באַטראַכט מייקלען פון אויבן ביז אונטער און געלאָזן א זופּ געטאָן:

— ווייסטו יונגערמאַן, מיר צאָלן צען דאָלאַר די ערשטע זעקס וואָכן. און דערנאָך...

מייקל האָט צושטימענדיק א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

מיסטער גאָלדשטיין האָט א קוועטש געטאָן א קנעפּל פון אן עלעקטרישן גלעקל ביי זיך, אפן טיש. אין א ווייל ארום האָט זיך אין דער שוועל פון א זייטיקער שווערער אייזערנער טיר באַוויזן א מאַן און, א שווייגנדיקער, מיט א פראַגע אין זיינע אויגן, געוואַרט אויף א באַפעל.

— נעם דעם דאָזיקן באָכערל און שטעל אים אוועק צום ווענגעלע!

— האָט גאָלדשטיין, אָנווייזנדיק אויף מייקלען, יענעם א זאָג געטאָן. — און אויב ער וועט נאָר זיין א מענטש און אַרבעטן ווי מען דאַרף, זאָלסטו אים דערנאָך אינזינען האָבן איבערצוזעצן צו דער אַרבעט.

יענער האָט זיך מאָדנע א נויג געטאָן פאַר מיסטער גאָלדשטיינען. דערנאָך האָט ער א וואונק געטאָן צו מייקלען און אים אריינגענומען איבער דער צווייטער זייט פון דער שווערער, אייזערנער טיר, אין פאַבריק אריין.

---

אינווייניק, אין פאַבריק, וואו מען האָט מייקלען אריינגעפירט, האָט ער קוידעם קאָל דערזען שאַכטלעך. פאַרשידנאַרטיקע און פאַרשידנקאָלירנדיקע. גרויסע און קליינע. לאַנגע קעסטלעך פאַר שיך־קלייטן, ברייטע און פלאַכע פאַר קליידער, קיילעכדיקע און הויכע פאַר פרויען־היט און מענער קאַפּעליושן; פּודעלעך פון פאַרשידענע גרויס און פון פאַרשידענע ראַשיקע קאָלירן פאַר צוקערוואַרג און שאָקאָלאַד; פּודעלעך פאַר אַפּטייקן און פאַר הונט־שפּייז. אַלע פּודעלעך — אויס־געשטעלטע אין קונציקע טורעמלעך, אָדער גלאַט אָנגעוואָרפן אויף לאַנגע טישן. מייקל האָט געזען א מאַסע יונגע מיידלעך, קימאַט קינדער,

זענען געזעסן בײַ לאַנגע טישן און זיך צוגעשאָקלט, קלעפּנ־דיק פאַרשידענע שאַכטלעך. אַ גערוך פון קלעי איז געהאַנגען אין דער לופט און אַ טויטע שטילקייט האָט זיך געשפּרייט איבער די ווענט. קיינער האָט קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט. עס האָט זיך בלויז געהערט דאָס שטילע שורשען פון די פלינקע פינגער איבערן פּאַפּירוואַרג און דאָס קלאַפּן פון פאַרטיק־אוועקגעוואָרפענע פּודעלעך.

מייקל האָט באַקומען אַ שטופּ־וועגעלע. זיין אַרבעט איז באַשטאַ־נען אין צונויפנעמען די צוגעשניטענע און איינגעקאַרבירטע שטיקער קאַרטאָן פון דער פּרעס־דרוק־און שנייד־מאַשין־אָפּטיילונג, און זיי פאַנאַנדערפירן איבער דער גאַנצער פאַבריק; צעלייגן די אַרבעט פאַר די קנייטשער און איינטיילן יעדן זיין מין. אָפּטמאָל איז אים אויך אויסגעקומען צונויפנעמען די פאַרטיקע פּודעלעך און זיי אַף זיין וועגעלע אַרויספירן אינדרויסן, צו דער פּלאַטפאָרמע, וואו גרויסע טראָקס האָבן זיי פאַרנומען און אוועקגעפירט.

מייקל האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט מיט כיישעק. פלינק האָט ער געשטופּט דאָס וועגעלע, געלייגט די קאַרטאָנדלעך אַף די טישן און דערביי צוגעוואָרפן גוטמוטיקע שמייכעלעך צו יענע, וועמען ער האָט די קאַרטאָנדלעך דערלאַנגט. ער איז געגאַנגען פון טיש צו טיש און אים האָט געוואונדערט, פאַרוואָס, בעאַיים ער קומט צו צו אימיצן, האָבן יענע זייערע אויגן אַפילע ניט אויפגעהויבן צו אים. ער האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס אַלע זיצן אַזעלכע שווייגנדיקע, אַזעלכע מאַשינענדיקע און קיינער רעדט אַפילע קיין וואָרט ניט אויס צום צווייטן. געדאַכט האָט זיך אים, אַז אין שעפּער דאַרף זיין לע־בעדיק; אַז מען זינגט, מען לאַכט און מען וויצלט זיך. און דאָ, ניט נאָר, וואָס קיינער האָט ניט געזונגען, נאָר אַפילע אַ פּאַשעטן שמייכל האָט ער ביי קיינעם אַף די ליפּן ניט געזען. אַלץ האָט אים אויסגעזען אַזוי טויט, פרעמד און טרוקן, נאָר ווי אַף אַ בעסאָלמען. בלויז איינ־מאָל האָט ער ביי איין טישל זיך אָנגעטראָפן אַף אַ באַהאַלטענעם שמייכעלע פון אַ יונגן באָבערל, וואָס האָט אויסגעקוקט צו זיין אין דער זעלביקער עלטער, וואָס ער, מייקל.

געזען האָט מייקל, אַז דער מאַן, וואָס האָט אים, מייקלען, אַריינ־געפירט צו דער אַרבעט און האָט אים דאָס וועגעלע געגעבן, — האָט אַליין קיינמאָל גאָרניט ניט געטאָן, נאָר האָט זיך ווי אַ הונט אַף דער קייט אַרומגעדרייט און געהיטן בלויז, אַז די אַנדערע זאָלן אַרבעטן. דערביי האָט ער שטענדיק געזידלט און געשריגן, אונטערטרייבנדיק די קינדער מיט אַ שווערן בורטשען:

— שאָקלט זיך אונטער, קינדער, טוט זיך אַ ריר!...

פאַרשטאַנען האָט מייקל, אַז דאָס איז דער אויפזעער און אַז פאַר אים דאַרף מען זיך היטן.

ער, מייקל, האָט אויך באַמערקט, ווי יעדעסמאָל, ווען דער דאָזי־

קער אויפזעער איז נאָר אמאָל ארויס פאר א ווייל פון פאבריק, איז זי, די פאבריק, ווי דורך א קישעף אינגאַנצן אנדערש געוואָרן. געלעכטער און שטילער געזאַנג האָט זיך — ווי פון א פלוצלונג־צעעפנטער שליוזע — ברייט א צעגאָס געטאָן און פארפלייצט די ווענט און די שמוציק־פאַרגראָטעוועטע פענצטער מיט פרייד. אלץ און אלע האָבן גאר אן אנ־דער אויסזען באקומען. מייקל האָט ליב געהאט יענע פאָר מינוטן. די ארבעט איז אים גאָר לייכטער אָנגעקומען. די פריילעכע מעלאָדיע, וואָס איז אים אזוי באַקאַנט געווען, — האָט אים געגלעט. ספעציעל האָט ער האנאָע געהאַט פון די נייע, אומבאַקאַנטע ווערטער, וואָס האָבן פאר אים געקלונגען אזוי האָפערדיק און צוזאָגנדיק. אין גערדאנק האָט ער געפרואווט מיטזינגען דאָס לידל, געוואָלט איינקריצן אין זיקאָרן די פריידיקע ווערטער, וואָס האָבן דערציילט וועגן כאווערישקייט, קאמף און נעקאָמע פון די רייכע און באלעבאָטים, וואָס זויגן אויס דאָס בלוט פון די ארבעטער; ווערטער, וואָס האָבן דערציילט וועגן א שענערער און בעסערער וועלט, וואו עס וועלן שוין מער ניט זיין קיין אָרימע און אָרימקייט. מייקל איז דערפון געווען צופרידן. ער האָט געוואָלט, אז דאָס זאָל זיך אזוי ציען און ציען. אָבער איידער וואָס־ווען, איידער ער, מייקל, האָט נאָך באוויזן אויפצוכאַפּן א נייעם פערז פונם ליד, האָט דער אויפזעער — ווי פון הינטער דער ערד ארויס — זיך צוריק באַ־וויזן פון ערגעץ און די פאבריק איז ווידער אָנגעגאָסן געוואָרן מיט פינצטערן טרויער און געדריקטער שטילשווייגעניש.

גליקלעך האָט זיך מייקל געפילט, ווען ס'איז אים אויסגעקומען ארויסצעפירן דעם וואָגן מיט פארטיקע פודעלעך אינדרויסן ארויס, צו דער צעמענטענער פלאטפאָרמע, וואו גרויסע אויטאָ־טראָקס האָבן דאָס אויפגעלאָדן און אוועקגעפירט. דעמאָלס, אין די עטלעכע געציילטע מינוטן וואָס ער, מייקל, האָט געדארפט וואַרטן, איז ער דאָרט געבליבן שטיין א פארבענקטער, געקוקט ערגעץ אינדערווייט און געטראַכט וועגן זיינע כאוויירים אין הויי־סקול. אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אז זיי שפילן דאָרט אוואדע אין דער צייט אזוי זאָרגלאָז אין פילקע; יאָגן זיך אַרום פריילעכע און פרייע און זענען ניט געפענטעט, אַזוי ווי ער, אין קיין טפיסעדיקע פאבריק. דעמאָלס האָט ער זיך דערמאָנט אינעם פאָטער און ס'האָט אים וויי געטאָן, וואָס ער, דער פאָטער, ליגט דאָרט אזוי ווייט, פאראיינזאמט און האָט אוואדע ניט פאר קיינעם זיין הארץ אייסצעגיסן.

אָבער יעדעסמאָל, פונקט אינמיטן טראַכטן; אַלעמאָל ווען ער איז מיט זיינע געדאַנקען אַוועק ווייט־ווייט פון פאַבריק, האָט זיך — ווי אף צולעהאַכעם — מיטאמאָל דערהערט דעם אויפזעערס אויסגעשריי:

— מייקל, דאָס וועגעלע אַהער!... וואָס ביסטו דאָרט, צו אַלדע טייוול, פארפאלן געוואָרן?...

נאָך אזא מיטאמאָליקן רוף האָט זיך מייקל דעריוואָכט. ווי מען

האלט פלוצלונג הינטער אים געוועז אויסגעשאסן פון א קאנאן. א צעטומלטער האט ער א כאפ געטאן דאס אפגעליידיקטע װעגעלע, איכיפעזטיק געגומען ארויפלאדן די צעשניטענע שטיקער קארטאן און צאפלענדיק, ווי געיאגט פון אימיצן, זיך געלאזט לויפן צעפירן דאס צו די טישן.

אין די שפעטע אווטן, אזוי גיך ווי ער האט זיך באפרייט פון דער ארבעט, האט ער, מייקל, — א מידער, צעבראכענער און דערשלאגענער — זיך אהיימגעשלעפט מיט זיינע צעוויטיקטע פיס. אפן וועג האט ער אין אטאמאטישן רעסטאראן געכאפט א פארציע בעבלעך מיט שינקע, פארטרונקען מיט א טעפל הייסער קאווע און איז אוועק צו זיך, אין שטוב. דארט האט ער זיך אוועקגעזעצט שרייבן א בריוו צום פאטער. דאס איז געווען מייקלס טעגלעכער איינציקער פארגעניגן.

אין די בריוו האט ער זיך אבער קיינמאל ניט באקלאגט. ער האט ניט געוואלט, אז דער פאטער זאל עפעס וויסן. געטראכט האט ער:

„ער האט געגוג זיינע אייגענע צארעס אן דעם"...

שלאפן איז אים שווער אנגעקומען. א שווערע מידקייט האט זיך אויסגעליידיקט פון זיין, מייקלס, קערפער, האט אנגעפילט די שטוב און איז נאך שווערער צוריקגעפאלן אף זיינע מידע, קלעפעדיקע אויגן.

די צווייטע וואך איז שוין פאר מייקלען די ארבעט ניט אזוי שווער געווען. ער האט זיך געפילט אביסל אויסגערוט און טאקע שוין מער צוגעוואוינט געווען. דאס וועגעלע האט זיך שוין פיל גלאטיקער און לייכטער אונטערגעגעבן ביי אים אין די הענט: פלינקער האבן שוין זיינע פינגער געקאנט פאנאנדערטיילן די סארטן קארטאנדלעך, וואס ער האט געדארפט צו די טישן דערלאנגען. אלץ איז שוין געווען היימי־שער און האט ניט אזוי לאנג געדויערט. ער האט זיך שוין געקאנט פארגינען ביגנייווע ארויסצעכאפן אין אפטרעט, קעדיי דארט פאר א ווייל זיך אפצערוען פון דער שווערער ארבעט און פון דער נאך שווע־רערער שווייגעניש וואס האט זיך אנגעהויבן הויקערן אף זיינע יונגע פלייצעס.

אין פאבריק איז אלץ צוגעגאנגען ווי שטענדיק. די שווייגעניש האט אלעמען געדריקט און דער אויפזעער האט זיך ארומגעדרייט און געשריגן. אפטמאל, אז אימיצער פון די קינדער האט זיך מיט עפעס פארזינדיקט; אויסגערעדט א ווארט איינער צום צווייטן, וואס האט ניט געהאט צו טאן מיט דער ארבעט, אומפארזיכטיק א לאך, אדער א זינג געטאן, אז דער אויפזעער זאל דאס דערהערן, — איז נאך ערגער גע־ווארן. דער אויפזעער האט זיך גלייך א לאז געטאן צו די פארשולדיקטע און — ווי א ברוטאלע, הונגעריקע כאיע — א לייג געטאן זיינע גרויסע לאפעס אף זייערע אקסלען און זיי ארויסגעפירט אין קאנטאר, הינטער דער שווערער טיר, פון וואנען זיי זענען שוין ניט צוריקגעקו־מען. אנשטאט זיי, האט ער, דער אויפזעער, א ווייל שפעטער אריינגע־

פירט אנדערע, וואָס האָבן פאַרנומען די לײדיק־געוואָרענע פּלעצער.

געוויינטלעך פלעגט דאָס טרעפן קימאַט יעדן טאָג. עס איז זיך שווער געווען אויסצעהיטן ניט אַ זינג צו טאָן, צי אויסצורעדן אַ וואָרט. דער אויפזעער האָט אָבער געהיטן און גלייך באַשטראָפט דערפאַר. דערבײַ איז די שטילקייט אין פאַבריק געוואָרן נאָך שווערער ווי טאָמיד. די איבערגעבליבענע קינדער זענען געבליבן זיצן בײַ די טישן שטילע, און קימאַט ניט געאָטעמט... זיי האָבן זיך נאָך מער צעשאָקלט און אַפילו די אויגן ניט אויפגעהויבן אַ קוק צו טאָן אויף די ארויסגעפירטע. יענע אַליין, די ארויסגעפירטע, זענען אויך דאָס ראָוו געגאַנגען שטילע, מיט ארונטערגעלאָזענע קעפּ און קיין וואָרט ניט ארויסגערעדט. טייל־מאָל בלויז האָט אימיצער גענומען בעטן בײַם אויפזעער, אַז ער זאָל אים מוחל זיין; אָפּט זיך צעוויינט און אַפילו גענומען קושן די הענט בײַ אים, אין דער האָפנונג, אַז ער זאָל ראַכמאָנעס האָבן. עס האָט אָבער קיינמאָל ניט געהאָלפן.

איבער דער קורצער צייט וואָס מייקל האָט דאָרט געאַרבעט, האָט ער זיך אָנגעזען מיט פיל אַזעלכע פאַלן. ער איז שוין אַפילו צוגע־וואוינט געוואָרן דערצו. געאַרט האָט אים בלויז דאָס שווייגעניש. ער האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס קיינער, אַפילו די ארויסגעפירטע אַליין, זאָגן ניט קיין וואָרט און פּראָטעסטירן ניט. עס האָט אים געעקלט, בעאיים ער האָט געזען ווי אימיצער נעמט וויינען, בעטן, אָדער זיך שטעלן אויף דער קני, ווען מען האָט אים ארויסגעפירט. עטלעכע מאָל האָט עס אים אַזוי אויפגערעגט, אַז ער אַליין האָט שוין געוואָלט ארויסשפּרינגען און עפּעס זאָגן. אָבער דער געדאַנק, אַז מען וועט אים דערפאַר ניט פאַרשוויגן, אַז ער אַליין וועט אויך די אַרבעט פאַרלירן, — האָט אים צוריקגעהאַלטן.

מיט צעוויטיקטקייט האָט ער נאָכגעקוקט די ארויסגעפירטע קינ־דער און אויף זייערע לײדיק־געוואָרענע פּלעצער. מיט פאַרדראָס האָט ער געקוקט אויף די איבערגעבליבענע, שווייגנדיקע און אויף־טויט־דער־שראָקענע אַרבעטער, וועלכע האָבן געפּרוווט דערטרינקען זייער שרעק מיט שנעלערער און אינטענסיווערער אַרבעט. מיט סינע און פאַראַכ־טונג האָט ער באַטראַכט די נײַ־אָנגעקומענע, וואָס דער אויפזעער האָט ארייַנגעבראַכט און וועלכע האָבן פאַרנומען די פּלעצער פון די ארויס־געפירטע. ער האָט געטראַכט:

„ווי אַזוי קאָן מען עס דערלאָזן, אַז אַנדערע זאָלן אַזוי לײַכט אוועקגעזעצט ווערן אויף די פּלעצער פון די ארויסגעוואָרפענע?".

און איז אַ ווייל ארום:

„און עפּשער האָט מען מיך אַליין אויך ארייַנגענומען אָפן פּלאַץ פון אַזאַ ארויסגעפירטן?"...

פאַרשטאַנען האָט מייקל, אַז דאָס איז ניט גוט, אַז עס איז ניט ריכטיק. אָבער וואָס זאָל ער איצט טאָן?... וואָס קאָן ער איצט טאָן?...

אבער ספּעס מוז דאך געטאָן ווערן דערצו. — האָט ער געטראַכט ביי זיך. — מען דאַרף ניט דערלאָזן, אַז מען זאָל אַרויסוואַרפן.

מיט די דאָזיקע פראַגעס האָט זיך מייקל געמוטשעט אַ שטיק צייט. יעדעס מאָל ווען אַזאַ זאַך איז נאָר פאָרגעקומען אין פאַבריק, איז ער אומרואיק געוואָרן. אבער וואָס טוט מען דערצו?... ווי אַזוי טוט מען? אַז ער איז דאָך פּאַרט אַליין....

אין געדאַנק האָט ער אויסגערעכנט קימאַט אַלע אינגלעך און מיידלעך פון פאַבריק און ניט געקאָנט זיך אָפּשטעלן אויף קיינעם. מיט־אַמאָל האָט ער אויפגעלויכטן:

„אָט, יענער שמייכלענדיקער באָכערל. יענער, זעט אויס, צו זיין אַ וואוילער יונג. מיט יענעם מעג מען, ווייזט אויס, יאָ רעדן״...

אין אָוונט, אַרויסגייענדיק פון דער אַרבעט, האָט ער זיך אָוועק־געשטעלט ביים טויער פון פאַבריק און אַזוי גיך ווי יענער האָט זיך אויסגעגליכט מיט אים, האָט ער אים פאַרהאַלטן:

— יעס סערי, — האָט מייקל, ניט וויסנדיק ווי אַזוי אָנצעהויבן, אַ וואָרף געטאָן, — נאָר ביי אַ אידן קאָן זיך טרעפן אַזאַ זאַך...

— וואָס מיינסטו דערמיט? — האָט יענער, ווי ער וואָלט ניט פאַר־שטאַנען, איבערגעפרעגט.

— אָט, — האָט מייקל גיך אָפּגעענטפערט, — איך מיין ווענן די קינדער וואָס מען האַלט ביי אונז אין איין אַרויסשפּירן. נאָר אַ אידישער באַלעבאָס, דאַכט זיך, קאָן זיך דערלויבן אָפּצוזאָגן אַן אַרבעטער פאַר בלויז אַ זינג, אָדער אַ רעד טאָן... ביי אַ קריסט וואָלט שוין אַזאַ זאַך ניט געקאָנט טרעפן... אַ קריסט...

יענער האָט זיך צעלאַכט:

— רעדסט נאַרישקייטן. ס'איז ברודערל, ניט דערפאַר וואָס ער איז אַ איד, נאָר דערפאַר, ווייל ער איז אַ באַלעבאָס. און באַלעבאַטים, זאָלסטו וויסן, טייערער, זענען אַלע אַזוי. ניטאָ ביי זיי קיין כילעק צווישן אַ איד, אַ קריסט, אָדער אַן אַיִרישן... אַלץ איין טייוול.

— אבער... — האָט זיך מייקל גענומען דינגען. — דו זעסט דאָך, אַז ער נעמט אַפילע ניט אַריין קיין אידן צו דער אַרבעט. איז דאָס דען ניט קיין באַוויז, אַז ער טוט דאָס דערפאַר, ווייל מיר זענען קריסטן; און ער וויל אונז מוטשען?

— ניין, ס'איז ניט דערפאַר.—האָט יענער געשמייכלט און גע־לאָזן אָפּגעענטפערט. — ס'איז בלויז דערפאַר, ווייל ער ווייסט, אַז זיי, די אידישע באָיעס, וואָלטן זיך ניט געלאָזט אַזוי מוטשען. זיי וואָלטן אים פאַר אַזאַ זאַך...

מייקל האָט צעעפנט אַ פּאָר פרעגנדיקע אויגן.

— יאָ־יאָ, ברידערל, — האָט יענער אַן ערנסטער ווייטער גערעדט. — איך ווייס עס. איך אַרבעט שוין גאַנצע פינף יאָר. שוין פיל פאַבריקן דורך דער צייט איבערגעגאַנגען. איך האָב שוין גאָר אַ סאַך געלערנט...

— וואָס־זשע, קאָנען מיר גאָרניט טאָן, אז מען זאָל אזוי ניט מוטשען? — האָט מייקל, קוקנדיק מיט צוטרוי אין יענעמס אויגן אריין, געפרעגט. — איז גאָרניט פאַראַן קיין וועג צו מאַכן, אז מען זאָל אונז ניט באַהאַנדלען אזוי ווי די הינט?...

דער באַכערל האָט מייקלען גוט־ברודעריש א קלאַפּ געטאָן איבער דער פּלייצע און שמייכלענדיק — ווי געוויינטלעך — מיט צוטרוי גע־ענטפערט:

— א, עס איז פאַראַן א וועג. מען קאָן טאָן. און אויב...

מייקל האָט דערפילט א זיסע וואַרעמקייט פון יענעמס רייד. ער האָט דערפילט אזא צוגעלאָזענע כאַווערישקייט, געוואָלט זיך דורכרעדן מיט יענעם און הערן פון אים א טרייסט־וואָרט. יענער אָבער האָט מיט־אַמאָל איבערגעהאַקט זיינע רייד, האָט אים דערלאַנגט זיין האַנט און א זאָג געטאָן:

— וועל, ברודער מייק, עס פאַרדריסט מיך וואָס איך מוז אוועק־גיין. אָבער מיר וועלן זיך נאָך זען. מיר וועלן נאָך רעדן וועגן דעם...

מייקל איז געבליבן שטיין א צעטראָגענער. פאַר א צייט האָט ער נאָכגעקוקט די איילנדיקע טריט, וואָס האָבן יענעם אוועקגעטראָגן אין דער טונקעלער גאַס. מיט בענקשאַפט געטראַכט וועגן דעם נייעם כאַווער וואָס האָט צו אים אזוי האַרציק, ווי אַן אייגענער ברודער, גערעדט.

---

וואָכן האָבן זיך גערוקט איינע נאָך דער אַנדערער און אַנטלאָפן. טעג האָבן זיך מיט אַנדערע טעג געביטן. מייקל האָט שוין אין די שאַ־בעהדיקע אוונטן געטראָגן עלף מיט א האַלבן דאָלאַר סכירעס. פון וועגעלע האָט מען אים שוין געהאַט צוגענומען און אוועקגעזעצט ביים טיש, צו קנייטשן און קלעפּן די שאַכטלעך. די דאָזיקע אַרבעט האָט ער שוין אויך באַזיגט און זי געטאָן ווי אַן אַלטע, געניטע האַנט. ער האָט שוין אפילע דערפילט, אז די צען שאָ, וואָס ער דאַרף יעדן טאָג אַריינלייגן אין דער אַרבעט, — זענען אַביסל צו פיל פאַר זיינע יונגע קויכעס. ער האָט פאַרשטאַנען, אז אַזעלכע זעקס און פופציק שאָ יעדע וואָך, וועלן אים אַליין סאָף קאָל סאָף אויך ניט שוינען און... ווער ווייסט צי ער אַליין וועט אין קורצן אויך ניט דאַרפן אוועק אַהין, וואו דער פאָטער זיינער ליגט און שפּייט דאַרטן אויס שטיקערווייז זיינע אויסגעהאָרעוועטע, פאַרוואונדעטע לונגען?...

די מוירע פאַרן מאָרגן האָט אים פאַרצערט.

פון סאַניטאַריום האָט ער, מייקל, דערהאַלטן א בריוו. דאָס שוואַרצע רעמעלע, וואָס אפן קאָנווערט, האָט אים אין מויעד א זעץ געטאָן. ער האָט גלייך פאַרשטאַנען, אז דער סאָף איז געקומען. ער האָט פאַרביסן די ליפּן און שטיל געקוקט אפן בריוו. ער האָט אפילע ניט געקאָנט וויינען. ער האָט געוואָלט אַהינפאָרן, כאָטש נאָכאַמאָל א קוק טאָן אפן פאָטער און זיך געזעגענען מיטן איינציקן נאָענטן,

וואָס איז פון אים אָפּגעריסן געוואָרן. ער האָט אָבער קיין געלט ניט געהאַט. אויסער דעם האָט מען אים אין פאַבריק געלאָזט וויסן, אַז אויב ער זאָל פאַרלאָזן זיין פּלאַץ אַפילע בלויז אויף אַן איינציקן טאָג, וועט ער שוין מער ניט קאָנען צוריקקומען.

מייקל איז געווען צעוויטיקט.

אויף צומאָרגנס, ביים אהיימגיין, האָט מייקל געפונען ביי זיך אין קעשענע עפּעס אַ געדרוקט פּאַפּירל. מיט כשאַד האָט ער געקוקט דערויף און זיך געוואונדערט, ווי אַזוי דאָס איז צו אים אין קעשענע געקומען. געפילט האָט ער, אַז מען דאַרף זיך היטן דערמיט. ער האָט דעריבער אַ פאָרזיכטיקער זיך אוועקגערוקט אַן אַ זייט און דאָס גענומען דורכ־לייענען. דאָרט האָט זיך דערציילט וועגן אומגערעכטיקייטן, וואָס ווערן אין פאַבריק באַגאַנגען און וועגן זאַכן, וואָס האָבן, דאַכט זיך, מיט אים אַליין, מייקלען, געטראָפן. דאָרט האָט זיך דערציילט ווי אַזוי די באַלעבאַטים עקספּלואַטירן די אַרבעטער, פאַרמוטשען זיי מיט לאַנגע שעען אַרבעט און קליינע סכירעס; אַז זיי קויפן אויף די אַרבעטערס שוועסטער, טעכטער און געליבטע און איזדיעקעווען זיך איבער זייערע געפילן.

מייקל האָט געקוקט אין פּאַפּירל. אַלץ וואָס דאָרט האָט זיך גע־שריבן האָט אים אויסגעזען אַזוי עמעסדיק נאָענט, אַזוי אייגן, אַז ניט ווילנדיק האָט ער אַ מורמל געטאָן:

— אַזוי איז עס דאָך טאַקע. אָט האָבן זיי ביי מיר מיין פאָטער צוגענומען; דערהאַרגעט פאַר דער צייט. מיך פון דער שול אַרויסגע־ריסן, צו דער אַרבעט געשטעלט און זויגן מיין מאַרך פון די ביינער אויס. זיי האָבן ביי מיר מיין מייבלען מיט עטלעכע פּאַפּירלעך אָפּגע־קויפט. מיט אַ ניי קליידל פאַרשיקערט. און איצט...

ער האָט אינגאַנצן געציטערט. דערמאָנט האָט ער זיך, אַז אַמאָל שוין מיט אַ שטיק צייט צוריק, האָט ער, מייקל, קימאַט פּונקט אַזאַ סאָרט פּאַפּירל ערגעץ געקראָגן. דאָרט האָט זיך אויך געשריבן וועגן אַזעלכע זאַכן. אָבער ער האָט דעמאָלס ניט פאַרשטאַנען און ניט גע־גלויבט. ערשט איצט האָט ער זיך דערמאָנט, ווי דאָרט האָט זיך דער־ציילט, אַז די רייכע האָבן די גאַנצע דייע אין דער וועלט; אַז זיי רע־גירן און באַשאַפן אַזעלכע געזעצן, וואָס גיט זיי דאָס רעכט געזעצלעך צו באַגאַנוועגען און באַשווינדלען די וואָס אַרבעטן און וואָס באַשאַפן דאָס רייכקייט. מייקל האָט זיך דערמאָנט, ווי דאָרט האָט זיך דערציילט, אַז די רעגירונג, די ריכטער, די שולן, די קירכעס און די צייטונגען ליגן ביי די גווירים אין די הענט און טוען אַלץ, וואָס זיי, די רייכע באַלע־באַטים ווילן. דאָרט איז באַוויזן געוואָרן, אַז אויב אַן אָרימאַן גאַנוועט אַמאָל אַ ברויט צו שטילן דעם הונגער פון זיין פאַמיליע, פאַרשיקט מען אים אין טפּיסע און אַז אַ רייכער, אויב ער וועט אַמאָל אָנגע־קלאַגט פאַר שווינדלען, אָדער פאַר שינדן די הויט פון זיינע אָרימע אַר־

בעטער, — ווערט ער באפרייט. דארט איז אויך אנגעוויזן געווארן, אז די ארבעטער, די געקריוודעטע, דארפן זיך צונויפנעמען, ארגאניזירן און קעמפן, אז אזא ארדנונג זאל אפגעשאפט ווערן; אז ס'זאל באשאפן ווערן אן אנדערע וועלט. א וועלט פון גלייכע. א וועלט, אין וועלכער אלע זאלן ארבעטן; ס'זאל מער ניט זיין קיין שקלאף און קיין האר, קיין אונטערדריקער און אונטערדריקטע, קיין איבערגעפרעסענע און נויט־לײדנדיקע.

מייקל האט זיך דערמאנט, ווי ער האט דעמאלס דאס דאזיקע פאפירל, צוליב קוריאזיטעט, געוויזן איינעם פון זיינע לערער אין היי־סקול. יענער האט עס אבער מיט בייזקייט צעריסן און א זאג געטאן:

— דאס האבן געשריבן אנארכיסטן, באלשעוויקעס און פרעמדע. מענטשן, וואס ווילן ניט ארבעטן. אזעלכע וואס זענען אהערגעקומען פון ווילדע, אפגעשטאנענע לענדער; וואס קאנען זיך ניט איינלעבן אין אונזער לאנד און ווילן דא באשאפן כאאס און אומארדנונג. מענטשן, וואס ווילן ביכלאל אפשאפן די גאנצע מענטשלעכע קולטור.

— וואלסטו געוואלט, — האט דער לערער זיך דעמאלס א ווענד געטאן צו מייקלען, — אז מען זאל ביי דיר צונעמען דאס וואס עס איז דיינס? דאס, וואס עס איז ביי דיר ליב און טייער?...

איצט האט שוין מייקל פארשטאנען, אז דער לערער, וואס האט אים דעמאלס, אין היי־סקול, געלערנט, האט א ליגן געזאגט. איצט ערשט האט ער זיך געכאפט, אז די מייסע וואס יענער האט אים געזאגט, אז אין אמעריקע איז ניטא קיין בילעק צווישן ארים און רייך, איז א ליגן. אז דאס איז בלויז א בעקיוון־אויסגעטראכטע געשיכטע, קעדיי צו פארבלענדן די אויגן און פארטומלען די קעפ. א סימען האט ער געהאט; אט, די באהאנדלונג וואס די ארבעטער באקומען דא, אין פאבריק. איצט פילט ער דאך דאס אליין אף זיינע אייגענע פלייצעס...

ער האט נאכאמאל און ווידעראמאל איבערגעלייענט דאס פאפירל. געדאכט האט זיך אים, אז דאס דאזיקע איז ספּעציעל פאר זיינעטוועגן געדרוקט געווארן; אז דאס רופט מען אים, טאקע אים, אז ער זאל זיך ארגאניזירן און דאס באקעמפן. אבער וואס צו טאן, צו וועמען זיך צו ווענדן, — האט ער ניט געוואוסט. אין פאפירל איז געווען בלויז א קורצער אונטערשריפט: „דער פאבריק־קאמיטעט".

מיטאמאל האט מייקל א טראכט געטאן:

„א פרעג טאן דזשאניין. יענער מוז עס אוודאי וויסן".

מיט אומגעדולד האט ער זיך קוים דערוואַרט אפן אוונט פון צווייטן טאג. אזוי גיך ווי ער איז נאר פארטיק געווארן פון דער ארבעט, איז ער ארויסגעלאפן צום פאבריק־טויער, מוירע־האבנדיק, ניט צו פארלירן דזשאניין. מיט א קלאפנדיק הארץ האט ער אים אפגעשטעלט:

— העלא, דזשאני, ברודער! האסט עפשער צייט א פאר מינוט?...

דזשאן האט א שמייכל געטאן:

— א־רייט, ביג באי!...

זיי האבן פארקירעוועט אין א זייטיקער געסל אריין.

— ווייסטו עפעס דערפון? — האט מייקל, ווייזנדיק אים דאס פאפירל, א פרעג געטאן.

דזשאן האט אים דורכגענומען מיט שמייכלענדיק - פארשנדיקע אויגן און מיטאמאל אים א נעם געטאן ביי דער האנט:

— קום!

מייקל האט אויפגעלויכטן. ער האט אפילו ניט געפרעגט וואוהין און צוליב וואס. ער איז געגאנגען לעבן דזשאנין מיט לעבעדיקע טריט, און — ווי א הונגעריקער — געשלונגען זיין יעדער ווארט.

דזשאן האט אים צוגעפירט צו א הויז און אים אריינגעפירט אין א קליין, שוואך־באלויכטן זאלעכל, וואו עס זענען געזעסן פיל מענטשן און האבן גערעדט צווישן זיך. מייקל האט זיך איינגעקוקט אין די מענטשן, באטראכט די אויסגעהארעוועטע, אבער שיינענדיק־ליכטיקע פעניגער און דערפילט אין זיי א נאענטקייט. אים האט זיך געדאכט, ווי ער וואלט די אלע, ווייסע און שווארצע, שוין פון לאנג געקאנט.

ער האט זיך פאמעלעך צוגעזעצט.

עס האט זיך אנגעהויבן א פארזאמלונג. מייקל האט זיך איינגעהערט אין די רייד. ער האט פריידיק אויפגענומען די ווערטער פון דעם רעדנער, וואס האט דערציילט וועגן אזעלכע עמעסדיקע זאכן, וואס ער, מייקל אליין, האט זיי שוין לאנג געפילט, נאר ניט געקאנט באנעמען. ער האט זיך דערוואוסט פון זאכן, וואס דארט, אין היי־סקול, האט מען עס אים מיט פארשידענע ליגנס פארדעקט און פארגלעטיקט. דא האט ער ערשט באקומען אן ענטפער אף זיין גרויסן און טיף־שמערצלעכן ווייטיק, וואס האט אים זיין לייב געשניטן און דעם מויער געדרי־לעוועט. אים האט זיך אויסגעוויזן, ווי פאר אים וואלט זיך איצט צע־עפנט א נייע וועלט. זיין הארץ איז געשפרונגען פאר פרייד. ער האט דערפילט, אז ער איז ניט אליין. אז צוזאמען מיט אים זענען נאך פאראן טויזנטער, וואס ליידן און וואס זענען גרייט אף א גרויסער נעקאמע, אפצעצאלן פאר די לאנגע יארן פון נויט, באליידיקונג און אונטער־דריקונג. מענטשן, וואס לערנען זיך; גרייטן זיך אפצושאפן די אלע אומגערעכטיקייטן און באשאפן א נייע וועלט...

זיינע געדאנקען זענען אוועק וייט, ווייט. אוועק אהין, אין יענעם לאנד, וועגן וועלכן דער רעדנער האט דערציילט, אז דארט איז שוין אנדערש; אז דארט זענען די ארבעטער די באלעבאטים פאר זיך און האבן קיין בייטשן ניט מער איבער די פלייצעס. מייקל האט זיך דער־פילט ווי ניי געבוירן. מיטאמאל האט ער זיך א צאפל געטאן:

— ווער איז דערפאר, אז אויך דא זאלן מיר אזא וועלט באשאפן?

—האט אין מייקלס אויערן א קלונג געטאן דעם רעדנערס הילכיקער אויסרוף. — ווער פון אייך איז גרייט צו קעמפן דערפאר?...

מייקל האט דערפילט ווי אויפצעשפּרינגען און אויסשרייען זיין גרייטקייט.

— ווער פון אייך, כאווירים, איז גרייט — ניט געקוקט אפן טעראָר פון די באַלעבאַטים מיט זייער פּאָליציי — אַרויסצוגיין אין גאס צו דע־מאנסטרירן זיין אייניקייט מיט דעם אַלוועלטלעכן ארבעטער־קלאס? — האט מייקל געהערט דעם רעדנערס וויטערדיקע פראגע.

מייקל האט דערזען הענט. מאסן הענט — געביילטע אין פויסטן — האבן זיך ארום אים, איבערן גאנצן זאל, געהויבן אינדערהויך. ער האט דערפילט ווי זיין אייגענע האנט ביילט זיך אין א פעסטער פויסט און הויבט זיך ארויף צוזאמען מיט די איבעריקע פויסטן. ער האט דערפילט א ווארעמקייט... א וויכער ציטער מיט מאַדנע אינווייניקסטע טרערן האבן זיך ביי אים פונם האלז אין די לונגען אריינגעגאסן. ער האט דערפילט, אז אויך ער איז גרייט.

— אַרייז יע פּריזאָנערס אַף סטאַרוועישאַן! — האט מייקל דער־הערט א ניי ליד, וואס האט זיין הארץ מיטאמאָל אָנגעפילט מיט בריי־טער, אומענדלעכער פרייד.

— פּאָר דזשאַסטיס! — האט מייקל דערפילט אזא זיסע האנאַע.

— גערעכטיקייט... וועגן דעם האָט ער דאָך אזוי לאַנג געטראַכט...

מיט פעסטע טריט און אנטשלאָסענעם ווילן האט מייקל מיטגע־זונגען:

— דאס איז אונזער לעצטער און אנטשיידענער שלאַכט...

אים האט זיך געדאכט, אז א נייע גוואורע האָט זיך אין אים באַ־וויזן. א גוואורע — אַרויסצעגיין אין דער שלאַכט און זיגן.

מיט פארטרערטע אויגן האט ער זיך געלאָזט צו דער טיר צוזאמען מיט אַלעמען, פילנדיק, אז ער האָט באַקומען א נייע וועלט, א ניי לעבן. דזשאָן האָט אים אָנגעגענגט. ער האט אים א קוק געטאָן אין די אויגן אריין און באמערקט אין זיי דעם ניי־געבוירענעם, לעבעדיקן פונק. ער האט אים אָנגענומען ביי דער האנט און גוטמוטיק א פרעג געטאָן:

— נו, מייקל?...

מייקל האט געשוויגן.

— וואס זשע, מייקל, — האט דזשאָני ווידער א פרעג געטאָן — וועלן מיר גיין?

מייקל האט א שפּיז געטאָן מיט זיינע יונגע, אויפגעגלאַנצטע אויגן. ער האט דערפילט א קרעפטיקייט אין זיין שטימע און ענערגיש, מיט זיכערקייט, אָפּגעענטפערט:

— יאָ, כאַווער דזשאָן, מיר וועלן גיין!... אַוואדע וועלן מיר גיין!...

# שאָטן, ליכט און שאָטן



(די מיטגלידער פון
די פרייהייט געזאַנג
פאַריינען, וועלכע
פאַרנעמען זיך מיט
קולטורעלער אַרבעט
נאָך אַ שווערן טאָג פּראַצע — אַ מאַטאָנע.)

---

אז מען איז יונג און שיין; אז מען האָט א שווארצן קאָפּ האָר, וואָס זענען אזש רויט פון שווארצקייט; אז מען האָט אויגן — ברענענ־דיקע, וואָס קאָנען מיט איין קוק פארסארפען; אז דער יונגער, שלאַנ־קער קערפּער איז בויגיק ווי ביי א יונגן הירש, פלינק און באוועגלעך; און אז מען ווייסט נאָך אליין פון די אלע מיילעס, — מעג מען אוודאי ווערן שטאָלץ ביי זיך...

מערי האָט געוואוסט די דאָזיקע זאכן.

זי איז אינגאנצן אלט געווען ארום פופצן יאָר, ווען זי איז מיט איר מוטער אַנגעקומען קיין אמעריקע. אַנגעקומען אינגאַנצן בלויז צוויי וואָכן נאָכדעם ווי דער פאָטער איז דאָ פון אן אומגליק ביי דער ארבעט אומגעקומען. קיין מישפּאָכע, קיין לאנדסלייט, אַדער באקאנטע — האָט מען ניט געהאט ווער עס זאָל אן אייצע געבן. און גרינע איז מען געווען — האָט מען אָפּגענומען די עטלעכע הונדערט דאָלער פארגיטיקונג, וואָס די פארזיכערונג און די אייגנטימער פון דער פאבריק האָבן אויס־געצאָלט. פאַר דעם געלט האָט מען געדונגען א דירע און געקויפט

אַביסל מעבל; באַוויינט אינדערשטיל דעם אומגעקומענעם און געגומען טראַכטן וועגן אַ טאַכלעס.

די מוטער האָט געאייצעט:

מערי מוז גיין אין אַ פאַבריק אַרבעטן, אַנדערש וועט ניט מעגלעך זיין דורכצוקומען. אין די אָוונטן — זיך לערנען צו ביסלעך, און שפּע־טער, אויב עס וועט נאָר באַשערט זיין און ס'וועט זיך עפּעס טרעפן, דאַן... ווער קאָן וויסן...

מערי האָט פאַרשטאַנען. זי האָט דאָרט, אין דער פּוילישער שטאָט נאָך, געהערט, אַז אין אַמעריקע איז אַלץ מעגלעך; אַז דאָ קאָן זיך אַ שיינע מיידל גאַנץ גרינג איינאָרדענען; אַז אַ רייכער מאַן קאָן זיך נאָך פאַרליבן אין איר און זי גליקלעך מאַכן. זי קאָן נאָך ווערן אַ מיליאָנער־קע; וואוינען אין אַ רייכן פּאַלאַץ און אַרומפאָרן אויף אַ קאָסטבאַרן אַטאָמאָביל, אָנגעטריבן פון אַ שאָפער...

אַז מען טראָגט זיך אַרום מיט אַזעלכע געדאַנקען און האָפענונגען, איז שווין גאַנץ נאַטירלעך, אַז אַלץ זאָל אויפגענומען ווערן צייטווייליק; ווי אַן אַפּקומעניש. ווי עפּעס אַ זאַך, וואָס מען מוז....

אין מערי געשטאַנען אין אַ פאַבריק פון צוקערוואַרג, האָט גע־וויקלט די נאַשוואַרג אין קאָלירטע פּאַפּירלעך, געפּאַקט זיי אין צאַצקע־דיקע שאַכטלעך און אַנגענומען פאַר ליב די אַכט דאָלאַר אַ וואָך, וואָס זי האָט דערפאַר באַקומען. מיט אַנדערע מיידלעך פון שאַפּ האָט זי קיין שום געשעפטן ניט געהאַט און ניט געוואָלט האָבן. זי האָט אַפילו קיין איינציק וואָרט צו קיינעם פון זיי ניט אויסגערעדט. זי האָט אויך ניט מיטגעזונגען די לידלעך, וואָס האָבן זיך אַמאָל, פון צייט צו צייט, איי־בער דער פאַבריק צעגאָסן. זי האָט בלויז געלעבט מיט איר אייגענער פאַרבאָרגענער האָפענונג.

טעג שטייען ניט אויף קיין אָרט. טעג בינדן זיך אין וואַכן, אין כאָדאָשים, און שטעלן זיך אָוועק אַן אַ זייט, ווי געבונדענע סנאָפּעס שטרוי נאָכן שניט. מערי איז אַפילו ניט נאָכגעלאָפן די פאַרגאַנגענע טעג. זי האָט בלויז געוואַרט אויף נייע, אויף מאָרגנדיקע. אויף טעג, וואָס וועלן ברענגען צו וואָר איר האָפענונג.

דער גלייכגילט צום שאַפּ, פאַרוואַנדלט זיך אין אַ האַס. און דער האַס וואַקסט אַלץ גרעסער און גרעסער. דערמיט וואַקסט אויך די פרעמדקייט צווישן איר און די אַנדערע מיידלעך פון דאָרט. עפּעס נאָר ווי אַ וואַנט וואָלט געשטאַנען צווישן זיי. זי — מיט אירע געדאַנ־קען, פאַנטאַזיעס און כאַלוימעס, איז אַן אָפּגעזונדערטע וועלט פאַר זיך. זי וויל אַפילו ניט אַ טראַכט טאָן, וועגן וואָס די אַנדערע מיידלעך דענ־קען און וואָס זיי קלערן. פאַרטאָן אין אירע אַמביציעס וואָס גיכער צו אַנטלויפן פון שאַפּ, וואָס גיכער צו דערגרייכן איר ציל, — זעט זי ניט זייער לעבן און זייער קאַמף, זייער ביטערקייט און זייער פרייד...

אָבער די מיידלעך, — זיי זענען דאַווקע יאָ פאַראינטערעסירט אין

איר. פּרואווּן זיי רעדן צו איר, פּרואווּן זיי זי צוציען, אָבער זי וויל ניט הערן. לאָזן זיי אָפּ פון איר און רופן זי:

— די מיליאָנערקע!...

מערין אַרט דאָס אָבער ניט. זי קומט איבער די פּאָר שאָ און לויפט פון דער ארבעט גלייך אין שול. פון דאָרט — אַמאָל צו אַ טאַנץ און אַמאָל אין די מואווים. און אומעטום טראָגט זי מיט מיט זיך אירע פאַנטאַזיעס און האָפנונגען:

„זיך אויסמענטשלען"...

מערי האָט אַן אויסגעאַרבעטן פּלאַן. זי וועט ענדיקן די שול. אויפ־נעמען אַ קורס אויף דער שרייב־מאַשין און סטענאָגראַפיע. ארויסרייסן זיך פון שאַפּ. קריגן אַ שטעלע אין אַן אָפיס ביי אַ לאָיער, אָדער גאָר ווערן אַ פּריוואַט־סעקרעטאַר ביי אַ באַנקיר...

מערי מאָלט זיך שוין אַפילו אין געדאַנק דאָס בילד פון אַ שיינעם, ליכטיקן אָפיס. מיט פרייידיקן ציטער שטעלט זי זיך פאָר ווי זי זיצט דאָרט ביי דער שרייב־מאַשין און דער יונגער שעף אירער וואַרפט אויף איר הונגעריקע בליקן... מערי שמייכלט. זי נוצט אויס די געלעגנהייט און מאַכט קאָקעטישע ביינדלעך... ער רעדט צו איר אַזעלכע זיסע רייד... ער באַשיט זי מיט מאַטאַנעס און געלט... ער נעמט זי צו בעלער אין זיין אָטאָמאָביל... זי לויפט איבער די רייכע קראָמען, קויפט און קליידט זיך אין די טייערסטע און שענסטע קליידער... זי נורעט זיך איין אין טייערן פוטערוואַרג... ער נעמט זי אין רייכער געזעלשאַפט, צו טענץ און אַפּערעס... און מענער — רייכע און יונגע — וויקלען זיך אַרום איר, וויקלען זיך און וויקלען זיך...

מערי וויקלט מיט אירע לאַנגע פיינע פינגער די מיט־שאָקאָלאַד־באַצויגענע צוקערוואַרג און קוקט מיט פאַרבענקטע אויגן אַרויס דורכן שווער־באַצויגענעם, שטויביקן פענצטער, דורך וואַנען עס שיינט אַריין אַ פאַרברודיקטע, אונטערגייענדיקע זון...

זי קוקט און טראַכט.

„נאָך אַ כווּדעשׂ, נאָך אַ כווּדעשׂ... די צייט שטייט ניט אויף קיין אָרט... די צייט דערנענטערט זיך... זי קומט אָן...

:: :: ::

אַז מען זיצט אָפּ עטלעכע יאָר אין אַן איינגן פינצטערן אָפיס, וואו עס קומט ניט אַריין קיין ברעקל שיין פון דער ליכטיקער זון; אַז מען זיצט אָפּ עטלעכע יאָר און אַלע כאַלוימעס ווערן צערונען ווי אייז אַנט־קעגן אַ גליענדיקער זון; און אַז דאָס פּלאַץ וואו מען זיצט איז אַ פאַרשפּאַרטס און מען זעט אַפילו ניט אַן אין די אויגן קיין לעבעדיקן מענטש, — דעמאָלט, אַז דער באַלעבאָס טוט אַ וואָרף אַ לאָקאַניש־טרוקן שטיקל נייעס, אַז מען קלויבט זיך איבער מיטן אָפיס אין אַ נייעם פּלאַץ, אין אַ ליכטיק־גרויסן און צו דער גאַס צו, — מוז עס אַוודע מאַכן אַ שטאַרקע ווירקונג.

האָט טאַקע מערי אויפגעלעבט בעאיים זי האָט דאָס דערהערט. פריילעך האָט זי אַ ציטער געטאָן און טיף אָפּגעאָטעמט, ווי זי וואָלט זיך געוואָלט אָנזעטיקן מיט דער גוטער נייעס. אַף אירע וויים־געפּודער־טע באַקן האָט זיך אַ נאַטירלעכע רויטקייט דורכגעשפּאַרט. אַ זיסער שמייכל האָט אַף די פאַררויטלטע ליפּן אויפגעפלאַמט. די שליסלען פון דער שרייב־מאַשין האָבן גענומען בלאַנדזשען אונטער אירע לעבעדיקע פינגער און זי האָט שטום, מיט גלאַנציקע, טרערן־אָנגעגאָסענע אויגן, אַ קוק געטאָן דעם באַלעבאָס אין די אויגן אַריין.

—אַ, אַ ניי פּלאַץ!...

ווי זיס דאָס וואָרט קלינגט אין די אויערן!... אָט דאָ, אינם אַלטן אָפיס, איז דאָך אַלץ אַזוי טרוקן און איינזאַם... קיין מענטש זעט מען גאַנצע טעג ניט פאַר די אויגן... בויך דער שרייב־מאַשין, דעם טעלעפאָן און דער שטומער, גרין־געפּאַרבטער קאַסע, וואָס טראַגן אַריין אַביסל לעבעדיקן רויש אין אָפיס, איז דאָך אַלץ אַזוי טויט און שטיל... די עלעקטרישע באַלייכטונג, אונטער וועלכער מערי אַרבעט גאַנצע טעג, פירט שטענדיק אַ רעגלמעסיקן קאַמף מיט דער פינצטערניש, וואָס רייסט זיך אַריין דורך דעם מיט גראַטעס־באַשלאָגענעם פענצטער, פון דער געל־ברוינער, שמוציקער וואַנט, אינדרויסן... מאָלט זיך דערפון אינווייניק אויס אַ געמיש פון שווערע ליכט־קאָנטראַסטן און ס'וואַרפט שאַרפע ליכט־און־שאָטן־קאָנטורן אַף די אין אומאָרדנונג־צעוואָרפענע קעסטלעך סכוירע, וואָס זענען שוין באַצויגן מיט סאַמיק־שמוציקן און איבלדיקן שפּינוועבס...

וואונדערט זיך מערי:

אַ ניי פּלאַץ!...

מערי רעדט ניט. מערי שווייגט. בלויז אירע אויגן פרעגן:

— נאָרט טאַקע ניט דאַסמאָל דער באַלעבאָס?...

שוין עטלעכע יאָר ווי מערי אַרבעט ביים אייגענעם באַלעבאָס, אָבער קיינמאָל האָט ער איר וועגן אַ נייעם פּלאַץ ניט געזאָגט. פאַר־קערט; שטענדיק געזאָגט אַז דער דאָזיקער פּלאַץ איז גענוג גוט...

מערי שווייגט. זי וויל ניט פרעגן. איין וואָרט אָבער טוט זיך ניט־ווילנדיק אַ ריס אַרויס פונם האַרצן:

— וואו?...

— אַף דער פערצנטער גאַס. — באַקומט זי אַ גיכן, צוגעוואָרפע־נעם ענטפער אַף אירע פרעגנדיקע בליקן.

אַף דער פערצנטער גאַס!...

אַרבעט שוין ניט די רעכן־מאַשין ווי עס דאַרף צו זיין. פּאַרטשע־פּעט די שרייב־מאַשין צו צוויי בוכשטאַבן מיטאַמאָל. און טראַכטונגען פליען פונם מויעך און רייסן זיך צו דער טיר. געדאַנקען שפּאַצירן אַרום אַף דער פערצנטער גאַס און קוקן אין די פענצטער אַריין.

אין אַזאַ צושטאַנד קאָן מערי ניט געדענקען, ווען דער ערשטער

וועט זיין. דער טאָג, ווען מען וועט זיך איבערקלייבן. דער כוידעש־קאַלענדאַר — מיט אַן אויסגעמאָלטן בילד פון אַ שווייגנדיקן אוונט — שווייגט פאַראַקשנט פון וואַנט אַראָפּ און וואַרפט אַרונטער פון זיך שטומע, האַרטע ציפערן; שוואַרצע און רויטע, מיט אַ פראַגע:

— צו וואָס דער ערשטער, אַז מיר זענען אַזויפיל?...

אָבער די צייטונג, וואָס אויפן טיש לעבן מערין, זיפצט און רייצט ווי אַף צו להכעיס:

— ס'איז איצט קוים דער דרייצנטער... קוים דער דרייצנטער...

— נאָך גאַנצע זיבעצן טעג...

ביי מערין צעשפּילט זיך אַ פּאַרדראָס:

— נאָך גאַנצע זיבעצן טעג?!... ווי לאַנג וועלן זיי זיך ציען, אַז דער איינציקער, דער היינטיקער, שלעפּט זיך און קריכט ווי אַ טשערע־פּאַכע אין זיגזאַג?...

זיי וועלן אָבער מוזן אַריבערגיין. פּאַמעלעך, — אָבער דאָך אַרי־בערגיין. אָט, האָט דאָך דער היינטיקער לאַנגער טאָג זיך אויך געענ־דיקט... אָט איז זי שוין אַף דער פערצנטער גאַס און...

— אַ, פאַרוואָס האָט זי ביים באַלעבאָס דעם נומער ניט גע־פרעגט?!... זי וואָלט דאָך געקאָנט אַ קוק טאָן און אָנזעטיקן זיך מיט דער זיסער האָפנונג!...

אומזיסט אַרויסגעוואָרפן דאָס געלט פאַר דער מואַווי... און ווי אַזוי קאָן זי טאַקע אויסזיצן איבערן גאַנצן בילד, אַז אין האַרצן ברענט און דאַקוטשעט:

— אַ, ווען וועט עס זיך שוין ענדיקן?...

אַ גאַנצע נאַכט, יעדע פּאָר מינוט, וועקן מערין טראַכטענישן פון שלאָף. זיי שלעפּן פון איר אַרונטער די דעק און מוטשען:

— ווען איז דער ערשטער?... וואו איז דאָס פּלאַץ?... ווען וועט עס זיך ענדיקן?... האָט דער פּלאַץ כאָטש גרויסע פענצטער צו דער גאַס צו?... וועט עס זיין פריי דאָרט?...

אַ מאָדנער אַקשן, דער געדאַנק. ער וועקט ניט מיד. ער דאַרף ניט שלאָפן. וואָס אַרט עס אים פאַר מערין?... ער וויל זיך אפילו ניט באַ־פרידיקן דערמיט, וואָס מערי באַשליסט, אַז מאָרגן וועט זי שוין אַף באַשטימט פרעגן ביים באַלעבאָס וואָס און וואו...

אָבער אַף צומאָרגנס איז אויך ניט בעסער. די צונג וויל זיך ניט באַוועגן. די ליפּן זענען פאַרשלאָסן און דער באַלעבאָס גייט אַרום אַ שווייגנדיקער.

שווייגט מערי, וואַרט אַף אַ געלעגנהייט און פרעגט ניט.

ערשט שפּעטער, אַז דער דרוקער ברענגט נייע בלאַנקן מיט קאָנ־ווערטן, וואָס וואַרפן פון זיך מיט אַ נייער קאָמבינאַציע פון ציפערן, דאַרף מען שוין ניט פרעגן ביי קיינעם. לויפט מערי אין אוונט גלייך אַהין צום פּלאַץ און באַטראַכט עס מיט נייגעריקן הונגער.

דער פּלאַץ איז שיין. צוויי גרויסע, ברייטע פענצטער צו דער פריער, רווישנדיקער גאַס צו און אַרום איז אַזוי ליכטיק און לעבעדיק!..

צעשפּרינגט זיך מערי אַזוי פריילעך און ווייסט אַליין ניט פון וואַנען עס האָט זיך גענומען צו איר:

— אָט דאָ וועט גוט זיין. דאָ וועלן מענטשן פאַרבייגיין. —מורמלט מערי צו זיך אַליין. — דאָ וועט זיך אימיצער אָפּשטעלן און אַריינקוקן. אַמאָל — עפּשער אַ באַקאַנטער...

קאָן מען זיך דען גליקלעכער פילן?...

עך, זאָל כאָטש דאָס גליק ניט פאַרשטערט ווערן!...

מערי האָט מוירע. האָט איר דען אַ ביסל ניט דערציילט אַמאָל, ווי איינער, אַ פאַרמישפּעטער, איז אַמאָל אָפּגעזעסן צען לאַנגע יאָר אין טפּיסע און דערנאָך, בלויז עטלעכע טעג פאַר זיין באַפרייאונג, איז ער פון דערוואַרטונג אַף באַפרייט צו ווערן, מיטאַמאָל משוגע געוואָרן?... און נאָך מער; אין לעצטן טאָג, ווען די טפּיסע־טויערן זענען שוין גע־שטאַנען אָפן פאַר אים, איז ער — אין אָנבליק פון דער פרייד — גאָר געשטאָרבן?...

איז דאָס עמעס?... מוז באַפרייאונג טאַקע טויט ברענגען?... אָדער איז דאָס אַ בעקיוון־צוגעטראַכטע געשיכטע, קעדיי מענטשן זאָלן זיך שרעקן און ניט זוכן קיין באַפרייאונג?...

מערי פאַרשטייט, אַז דאָס איז אַ ליגן—מען קאָן ניט שטאַרבן פון פרייד און זיכער ניט פון באַפרייאונג!... — שרייט זי אויס אין די געדאַנקען, קעדיי זיך צו באַרואיקן.

אָבער פאַרוואָס האָט זי דאָס איצט באַקומען אַזעלכע מאָדנע קאָפּ־ווייען?... פאַרוואָס פילט זי איצט שמערצן — קיינמאָל ניט געפילטע נאָך?... וועט עפּעס געשען מיט איר?... וועט זי אַליין טאַקע ניט קענען די פרייד איבערטראָגן?...

מערי שטאַרקט זיך. מיט איר טאָר עס ניט געשען. זי וועט עס ניט דערלאָזן. מיט ציין און נעגל וועט זי זיך אין לעבן איינקלאַמערן און זיך האַלטן ביז...

מערי לאַכט און די שרייב־מאַשין זינגט אונטער אירע טאַנצנדי־קע פינגער.

איז גוט!... זאָל די שרייב־מאַשין זינגען !... זאָלן די אָנגעשריבענע בלאַנקען גיכער אַרויסטאַנצן און זיך קושן מיט איר פריילעכן געמיט !...

— היינט פאַרנאַכט מוז זי טאַנצן! — באַשליסט מערי. — אַן אָפּ־רו טאַנצן!... עך, וואָלט גאָר ניט מיעס געווען זיך אָנצעשיקערן!...

אָבער צום טייוול!... פאַרוואָס קלינגט עפּעס היינט דער טעלעפאָן מער ווי אַלעמאָל?... פאַראָס רייצט ער זי פונקט היינט, ווען זי איז אַזוי אויפגעלעבט?... ווען איר גלוסט זיך אַרומכאַפּן און פּאַשעט צעקושן די עטלעכע אַרבעטער, וואָס זענען אָנגעקומען און גרייטן זיך אוועק־צוגיין אויפריכטן דעם נייעם פּלאַץ?... פאַרוואָס מוטשעט עס איר פונקט

דאָז, ווען די בלאַנקענדיקע זעגן און הובלען פון די באַלמעלאַכעס, שמייכלען אַזוי ליבהאַרציק צו איר מיט טויזנטער צונגען?... פאַרוואָס פאַראומערט עס איר דאָס לעבן פונקט היינט, ווען די נייע ברעטער מיט זייער אומשולדיקער ווייסקייט און זשיוויצע־שמעקעדיקייט זענען פאַר איר ווי דער שענסטער און פרישסטער רייעך פון בלומען?...

אַט מוז זי זיך יעדע ווייל אַפּרייסן און לויפן צום טעלעפאָן; אָפּ־ענטפערן וואָכעדיקע רייד וועגן קעסטלעך סכוירע, וועגן רעכענונגען, כּוויוועס און אַנדערע קלייניקייטן. אַ, ווען יענע, וואָס אויף דער אַנדערער זייט טעלעפאָן, וואָלטן געוואוסט וואָס פאַר אַ סוינע זי איז זיי דערפאַר, וואָלטן זיי אַוודאי ניט געקלונגען. זיי וואָלטן איר זיכער געלאָזט אויס־יאַנטעווען איר פרייד...

גליק קומט אומגעריכט. ווער וואָלט זיך עס טאַקע געקאָנט פאָר־שטעלן, אַז דער באַלעבאָס אַליין, — אַט דער טרוקענער באַלעבאָס, וואָס שווייגט קעסיידער און מרוקעט בלויז שטילערהייט אויב זי רוט אַ מינוט — זאָל גאָר הייסן פאַרשליסן דאָס פּלאַץ און איר, מערין, רופן מיטצוגיין אָפּן נייעם פּלאַץ?... ווי קומט עס, וואָס ער זאָל וועלן, אַז זי זאָל גיין זאָגן איר מיינונג, ווי אַזוי מען זאָל דאָס נייע פּלאַץ איינאָר־דענען; וואו מען זאָל איר שרייב־טיש שטעלן און וואו מען זאָל די אי־בערצאַמונג מאַכן?...

פליט דעריבער דאָס היטעלע און דער מאַנטל אַליין אין האַנט אריין. נוצט מען שוין ניט קיין פודער און קיין ליפּ־פּאָמאַדע. לויפן די טרעפּ צו דריי מיטאַמאָל אויף צוריק אונטער די פיס און לאָזן זיך ניט באַטרעטן פון די איילנדיקע, שפּרינגענדיקע טריט.

דאָס צווייטע מאָל, זינט מערי אַרבעט אויף דעם דאָזיקן פּלאַץ, פאָרט זי מיטן באַלעבאָס אין זיין אַטאָמאָביל... מערי דערמאָנט זיך:

דאָס ערשטע מאָל איז עס געוועזן שוין לאַנג. מיט אַ צייט צוריק. נאָך דעמאָלס, ווען זי איז אָנגעקומען אויף דער שטעלע און געדאַרפט ליגן „באַנדס"; אַ געלט־פאַרזיכערונג, אַז זי זאָל קאָנען פאַרנעמען די אַרבעט אינם אָפיס און זיין די קאַסירערן. דעמאָלס, אין דער מאַשין, האָט דער באַלעבאָס איר געזאָגט, אַז איר וועט זיין גוט ביי אים; אַז זי וועט זיין גאָר גליקלעך. ער האָט איר צוגעזאָגט, אַז גאָר אין אַ קורצער צייט וועט זי זיך אַרויפאַרבעטן און וועט פאַרדינען פיל מער, ווי דאָס, וואָס זי באַקומט. געזאָגט, אַז זי וועט באַקומען אַ גוטן און שיינעם אָפיס, אַזוי גיך ווי ער וועט זיך נאָר אַרויפאַרבעטן.

מערי טוט אַ שמייכל:

עפּעס אַזוי נאַריש האָבן דעמאָלס זיינע ווערטער געקלונגען. עס איז איר דעמאָלס אויסגעקומען, ווי אַ פאַרליבטער בחור וואָלט איר צוגעזאָגט אַזעלכע גאָלדענע גליקן, וואָס קאָנען קיינמאָל ניט פאַר־ווירקלעכט ווערן...

**זי טוט אַ זיפץ:**

— און ער האָט זיך טאַקע אַרויפגעאַרבעט. ער איז טאַקע רייך געוואָרן. וועד ווייסט עס דען נאָך אַזוי גוט ווי זי, מערי?... דורך אירע הענט זענען דאָך דורכגעגאַנגען אַלע כעשבוינעס. זי ווייסט; ער האָט זיך איבער דער צייט שוין געקויפט דאָס צווייטע הויז. ער האָט אַ נייעם, קאַסטבאַרן אַטאָמאָביל און...

און זי?!...

זי פאַרדינט שוין אויך מיט גאַנצע צוויי דאָלאַר מער יעדע וואָך.

מערים אויגן טוען אַ בליץ מיט ביטערן פייער:

— נאָך אַלעמען איז ער פאַרט אַ כאַזער!...

אָבער מער ווי אַ בליץ איז ניט נעקומען. דער דונער, וואָס וואָלט געדאַרפט קומען נאָכן בליץ, איז ערגעץ אין איר טיפער ברוסט פאַרלוירן געגאַנגען. און וואָלט דער דונער געווען געקומען, וואָלט זי זיך מיסטאָמע דערמאָנט, אַז די צוויי דאָלער, וואָס זי האָט יאָ באַקומען געהעכערט, זענען אויך מיט טרערן אַנגעקומען...

אָט אַזוי:

דעם ערשטן דאָלאַר — ווען איר מוטער איז אַ שווער־קראַנקע אין שפּיטאָל געלעגן. און דעם צווייטן?...

עך, וואָלט זי דאָס געדאַרפט אַ דונער טאָן!... אָבער, האָט זי אים דען דעם קוש מיט איר גוטן ווילן געגעבן?... האָט זי זיך דען דעמאָלס ניט געפּרואווט אַרויסרייסן פון זיינע שטייף־איינגעקלאַמערטע הענט?...

פון דעמאָלס אָן, זינט זי באַקומט דעם צווייטן דאָלאַר, פילט זי זיך עפּעס ווי אַ פאַרשולדיקטע. אַזוי זינדיק, אַז זי קאָן דעם באָלעבאָס אין די אויגן ניט קוקן, בעאַיים זי דאַרף אַנקומען צו אים, אַז ער זאָל זיין נאָמען אונטערשרייבן אַף איר טשעק. עפּעס באַפאַלט איר דאַן אַזאַ מוירע, ווען ער נעמט דעם טשעק אין האַנט, באַקוקט די אויפגעשריבענע סומע און מורמלט אונטער דער נאָז אַזוי גלייכגילטיק און קאַלט:

— אָו־הום... דריי־צן דאָ־לאַר... קאָ־רעקט...

שוין עטלעכע מאָל האָט זי, ביים אויסשרייבן דעם טשעק פאַר זיך, געוואָלט אים מאַכן אַף בלויז צוועלף דאָלאַר. געוואָלט צוריקשליידערן אים די גוטוויליקע העכערונג, וואָס ער האָט איר נאָך דעם קוש געגעבן. האָט זיך אָבער אַלעמאָל געמאַכט אַזוי, אַז פּונקט אָט דער דאַזיקער דאָלאַר איז איר נויטיק געווען, אַז זי האָט זיך דאָס ניט געקאָנט דערלויבן.

מערי קוקט זייטיק אַפן באָלעבאָס, באַטראַכט זיין זיכער זיצן ביים רודער פונם אַטאָמאָביל און זיין זעלבסטווירדיקע, אויפגעבלאָזענע האַלטונג. זי הערט זיך איין אין זיין שטייפן, פּאַראַקשנטן שווייגן, וואָס ער פאַרטויבט מיט אַ קעסיידערדיקן בלאָזן פון דער סירענע.

אין טאָג־ליכט, אינווייניק, האָט דער נייער פלאַץ אויסגעזען שענער און גרעסער, ווי אינדרויסן, דורכן פענצטער. אַ געמיש פון זון און אויל־פאַרב האָט זיך געטראָגן און פאַרכאַפּט דעם פרייִדיקן אָטעם.

גאָלדענע שטראָל־פּעדים האָבן געבלישטשעט אפן פּרישן, ריין־אויס־געוואוילטן דיל און זיך געשפּיגלט אין די האַפּערדיקע אויגן. מערי האָט טיף געאָטעמט און אין מויעד האָט א האָפנונג אויפגעבליצט:

„איצט וועט ער עפּשער העכערן דאָס געהאַלט. מען וועט אפילע ניט דאַרפן בעטן"...

א באַווייז האָט מערי:

דער באַלעבאָס, מיט א פריינטלעך שמייכעלע און מיט א ליבלע־כער, קימאַט ניט־באַלעבאַטישער שטימע, האָט מיטאַמאָל א פרעג גע־טאָן ביי איר, וואו זי וויל האָבן איר שרייב־טיש און וואו מען זאָל שטעלן די איבערצאַמונג. און נאָך מער; ער רעכנט זיך מיט איר פאַר־לאַנג. ער זאָגט איר:

—דו וועסט דאָך דאָ דאַרפן זיצן, זאָל עס זיין באַקוועם פאַר דיר..

איז דען א וואונדער, וואָס ביים צוריקפאָרן קאָן זי רואיק אפן אָטאָמאָביל ניט איינזיצן?... וואָס זי וויל שוין וואָס גיכער זיין אינדער־היים ביי זיך; זיך דורכריידן מיט דער מוטער און אויסדערציילן פאַר איר איר פרייד און גליק?...

די מוטער קוקט אַף איר, וואונדערט זיך און פרעגט:

— וואָס איז געשען אזעלכעס?... וואָס פּלוידערסטו היינט אזוי־פיל?...

לאַכט מערי:

— ס'איז גאָרניט ניט געשען, מאַמע. דאַרפסט זיך ניט באַאומרו־איקן. איך בין ניט מעשוגע. עמעס, איך קאָן עס עפּשער ווערן, אָבער דערווייל....

טאַנצט מערי און לאַכט. לאַכט און פּלוידערט אָן אויפהער.

:: :: ::

מערי האָט געוואוסט, אז זי וועט זיך דערוואַרטן. זי האָט גע־וואוסט, אז סאַף קאָל סאַף וועט פאַרט קומען דער ערשטער. דער גליק־לעכער טאָג, ווען זי וועט זיך אַרויסרייסן פונם אַלטן, פאַרשטיקטן און פאַראיינזאַמטן פּלאַץ...

שטייט זי אָן אומגעדולדיקע ביי דער טיר און קוקט מיט פרייד אַף די קאַסטנס און פּעק, וואָס הויבן זיך אַלץ העכער אפן גרויסן לאַסט־אויטאָ, גרייט אַף איבערצופירן.

זי זעצט זיך אין פאָרנט, לעבן שאָפער, און שפּאַרט זיך מיט אים. זי טאַינעט:

— איר מעגט פאָרן גיכער. מען וועט ניט באַשטראָפן דערפאַר!

אָבער דער שאָפער פאַרשטייט איר ניט:

— וואָס זאָגט איר זיך אזוי? — פרעגט ער קאַלטבלוטיק. — וועט מען קומען עטוואָס שפּעטער. קיינער האַלט דאָך ניט ביים שטאַרבן!...

„אַ, דער שאָפער, — טראַכט מערי, — ווען ער זאָל וויסן ווי שטאַרק זי האָט געליטן דאָרט, אינם אַלטן פּלאַץ, וואָלט ער אזוי גלייכ־גילטיק ניט גערעדט"...

זארגפול ווישט מערי יעדעס קעסטל סכוירע מיט א שמאטע, איידער מען צעשטעלט זיי אף די נייע, ריינע פאליצעס.

זי וויל:

זאל קיין שטויב און שפינוועבס ניט אריינקומען אין נייעם פלאץ. זאל דא זיין פריי און ריין. זאל דא אלץ זיין אזוי ליבלעך, ווי די פארפארבטע, ליכטיקע ווענט, ווי די געלאקירטע אפצאמונג און ווי די גלאנציקע שייבנעדיקע שויבן!...

זאל די טיר שטיין פריי און אפן. זאל ליכט און לופט אריינשטראמען. זאל איר ברוסט אטעמען די פרייד פון דרויסנדיקער לופט, וואס שטראמט אריין צום שרייב־טיש, צוזאמען מיט דער ליכט פונם ברייטן, ליכטיקן פענצטער!...

עד, וואוהין איז עס דער טאג אזוי גיך אנטלאפן?... פארוואס?... זאל עס זיין עפשער דערפאר, ווייל עס איז פאר אים שווער געווען די מאסע מיט גליק?...

אבער צו וואס זארגן?... אז גלייך אף צומארגנס קומט אן אנדערער גליקלעכער טאג. א טאג, וואס איז פול מיט זון, ליכט און האפנונג. ברייננגט די גאס טויזנטער איילנדיקע פארבייגייער, הונדערטער שפאצירנדיקע און צענדליקער באקאנטע. טראגט זיך פארביי דעם פענצטער א שוועבנדיקער קאליידאסקאפ פון קאלירן קליידער און פארשיידנארטיקע הייטלען. הערט זיך א סימפאניע פון רייד, אן ארקעסטער פון געלעכטער און עס וועקט און מוטיקט.

מערי ווערט גאר אויפגעלעבט ווען אימיצער שטעלט זיך אפ ביים פענצטער און קוקט אריין. עס צעטאנצן זיך פלינקער אירע פינגער אף דער שרייב־מאשין און עס הילכט העכער איר לעבעדיקער ענטפער אין טרייבל פון טעלעפאן:

—א, מיר האבן איצט אזא גוטן נייעם פלאץ!...

מערי איז צופרידן, וואס זי איז פונקט ניט אזוי שטארק פארנומען און קאן זיך, דעריבער, צוקוקן, ווי דער שילדן־מאלער שרייבט די נייע שילד אפן פענצטער. קאן זי באטראכטן דעם צארטן געבויג פון די דינינקע גאלד־בלעטלעך, וואס קלעפן זיך צום גלאז. קאן זי זיך שפיגלען אינם גלאנץ פון בלאנקענדיקע בוכשטאבן, וואס קאנקורירן מיט די לעבעדיקע זון־שטראלן...

מערי איז צופרידן:

עס וועט שיין זיין. עס וועט מענטשן צוציען. זיי וועלן זיך ביים פענצטער שטעלן און אריינקוקן. אפט וועלן זיך באקאנטע פענימער באווייזן, וועט זי זיך מיט זיי מיט א שמייכל, שמייכלענדיקן גוט־מארגן דורכווארפן און אויפנעמען זייערע פריינטלעכע ענטפערס...

און פאנטאזיעס וואקסן. און צופרידנקייט וואקסט. און פרייד שפרייט זיך. און מעריז דאכט זיך, אז אט־אט וועט דאס אלץ זיך צעוואקסן אזוי ברייט און גרויס, אזוי שטארק און מאכטיק, אז עס וועט

פאַרפולן דאָס גאַנצע האַרץ, וואָס צעשטראָמט איר קאָכיק בלוט אין אַלע אירע גלידער. זי פילט, אַז באַלד וועט זי פון דער פרייד אַזוי אָנ־געזאַפּט ווערן, אַז זי וועט אַן אויפהער פריילעך פּלאַפּלען; אַז זי וועט זיך פריידיק צעטאַנצן; און צעזינגען וועט זי זיך, אַזוי צעזינגען — אַז עס וועט אַזש די גאַס פאַרקלינגען.

מערי איז פאַרשיקערט פון פרייד.

פאַר אירע אויגן דרייט זיך אַ פייערדיק ראָד פון גליק. איר דאַכט זיך, אַז דאָס איז אַ קאַרנאַוואַל פון בלומען. דאָס ראָד דרייט זיך און מישט אַ רעגנבויגן פון פאַרשידענע קאָלירן; גאָלד, גרין, געל, אָראַנזש, ברוין און שוואַרץ...

דערשרעקט זיך מערי:

„שוואַרץ?... פאַרוואָס שמירט עס דער שילדן־מאָלער מיט אַ גרוי־סער באַרשט איינגעטונקען אין שוואַרץ?... פאַרוואָס פאַרשמירט ער גאָר די אונטערשטע טייל פון דער שויב?... די טייל, דורך וועלכער זי האָט געהאַפט צו זען די רוישנדיק־פריילעכע גאַס?... דורך וואַנען זי האָט געדאַרפט באַקומען איר שיין און ליכט?"...

— אָ, פאַרוואָס טוט איר דאָס? — האָט זי, אַ צעבראָכענע, אַ פרעג געטאָן ביים שילדן־מאָלער. — פאַרוואָס?...

זי האָט אָבער אין פאַראויס געוואוסט דעם ענטפער:

— ס'איז דערפאַר, אַז מען זאָל איר אין דער אַרבעט ניט שטערן. אַז מען זאָל זיך ניט אָוועקשטעלן פון דרויסן און אַריינקוקן!...

מערי פאַרבייסט די ליפּן:

— אָ, צום טייוול!... קיינער פאַרשטייט ניט. קיינער פאַרשטייט ניט, אַז עס אַרבעט זיך גאָר לייכטער און בעסער ווען מען איז פריי...

און זי בעט זיך:

— עס וועט דאָך זיין ווי אַ טפיסע. נאָך ערגער אַפילו ווי דאָרט, אינם אַלטן פּלאַץ... עס וועט זיך הערן דער בלינדער געלעכטער מיט הילכיקע רייד, און דאָ וועט גאָר זיין אַזוי פאַרשטעלט... עס וועט דאָך רייצן און פּייניקן... עס וועט דאָך אַזוי ווי טאָן... דאָרט האָט דאָך דאָך קיינער ניט גערייצט. דאָרט האָט דאָך קיינער ניט ווי געטאָן...

און עס העלפט ניט קיין בעטן, — וועט זי צווינגען. מיט גוואַלד וועט זי צווינגען.

און האַלט זי שוין דאָס בערשטל אין האַנט, — וועט זי עס שוין ניט צוריק־געבן. וועט זי קעמפן און ניט דערלאָזן צו פאַרשמירן דאָס איבערגעבליבענע שטיק פונם ליכטיקן פענצטער. ניין, זי וועט ניט לאָזן אָוועקנעמען פון זיך דעם לעצטן שטראַל.

אָבער דער שילדן־מאָלער קוקט אויף איר מיט אַ גלייכגילטיקן שמייכל. ער נוצט אויס איר צעטומלטקייט און נעמט גאָר לייכט אַרויס דאָס בערשטל פון אירע ציטערדיקע הענט.

— אַז איך בין ניט שולדיק... אַזוי האָט אייער באַלעבאָס באַ־

פּוילן... ער באַצאָלט מיר דערפאַר... איך מוז, איך בין אַ געדונגענער...

מערי בלייבט שטיל. אירע אויגן בלאַנדזשען און פאָלגן נאָך דעם גאַנג פונם בערשטל — הין און צוריק, הין און צוריק. זי זעט, דאַכט זיך, קאַלטע, גליווערדיקע איראָניעס אויף די פּענימער פון פאַרבייגייער־דיקע. זי זעט ווי די איבערגעהאַקטע זון־שטראַלן פאַלן אונטער דער באַרשט און שטאַרבן אויף לעבן אירע פיס. זי זעט ווי די ליכט־סנאָפּעס — ווי אָפּגעקאָסעטע — בויגן זיך, זוכן אַ וועג אויף אַריינצושפּאַרן זיך, און בלייבן ליגן אינדרויסן, ביי דער שוועל, ווי צאַפּלענדיקע, פאַריאָ־כעמטע קינדער... איר דאַכט זיך, אַז דאָס פריילעכע געמורמל פון די פאַרבייגייער שטאַרבט אויף אין אירע אויערן, ווי עס שטאַרבט אויף דער לעצטער קלונג פון אַ פאַלנדיקן גלאָק. זי ציטערט אינגאַנצן און אין מויעד נעמט בויערן:

— זי וועט דאָס ניט איבערטראָגן. זי וועט דאָס גלאָז צעהאַקן. מיט גוואַלד וועט זי פאַר זיך צעעפענען אַ פרייען וועג צום ליכט. זי וועט אונטערן שטומען שאָטן ניט פאַרבלייבן...

מיט צעוויטיקטע בליקן קוקט זי אויפן פאַרשוואַרצטן גלאָז. יעדער שמיר פון דער באַרשט, פילט זי, פאַרדעקט איר האָפנונג. פאַרמעקט דעם גלויבן אין אַ רייכער צוקונפט, וואָס זי האָט ביי זיך אין האַרץ אַזאַ צייט געטראָגן. מערי דערפילט, אַז אויך דאָ, אינם אָפיס, וואו זי האָט אַזעלכע פלענער געבויט, איז זי ניט מער ווי בלויז אַ פאַרקויפ־טע און געדונגענע אַרבעטער־מיידל. אַז אויך דאָ ווערט זי באַהאַנדלט לויטן ווילן און קאַפּריז פונם באַלעבאָס. עס וויקלט זיך פאַנאַנדער ביי איר אַ מאָדנער געפיל:

— עך, ווען זי וואָלט נאָר ניט געווען אַליין!...

מיטאַמאָל דערמאָנט זי זיך אינם שאַפּ, וואו זי האָט געאַרבעט; די פריילעכע, זינגענדיקע כאַווערטעס, וועלכע זי האָט אַזוי ניט פאַר־שטאַנען:

— אָ, ווען זיי וואָלטן געווען מיט איר צוזאַמען, וואָלט זי געקאָנט אַנטקעגנשטעלן זיך... וואָלט דער באַלעבאָס ניט געוואַגט... אַזוי אָבער..

זי פאַרמאַכט די אויגן און אירע געדאַנקען וויקלען זיך, וויקלען זיך...

זי פילט, אַז זי איז געקומען צו פאַרבלייבן...

# די „אומשולדיקע"

(פון דער סעריע: „אונטערוועגנס")



אמאָל איז מיר אויסגעקומען מיט מיינע צוויי כאַווירים צו פאָרן אַף דער באַן אין א קליין שטעטל אריין. מיר האָבן געהאַט צו פאָרן עטלעכע שאָ. און כאָטש מיר האָבן זיך געפליִסט אריינצוקומען אין וואַגאָן וואָס פריער, קעדיי צו קאָנען פאַר־כאַפּן אַ פּלאַץ צום זיצן, האָבן מיר שוין מער קיין פּלאַץ ניט געקאָנט קריגן.

כאָטש עס איז דעמאָלס שוין גאַנץ שפּעט אין האַרבסט געווען, און אינדרויסן — אַ נאַסע קעלט, איז אין וואַגאָן פונדעסטוועגן געווען היים און שטיקנדיק. דער רויך פון די פּאַפּיראָסן און פון די פּויערשע מאַכאָרקע־ליולקעס איז געווען אַזוי געדיכט, אַז אַף עטלעכע טריט פון זיך האָט מען ניט געקאָנט זען גאָר. דאָס גערויש און גערעדעריי איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז מען האָט פּאָשעט געקאָנט פאַרטויבט ווערן.

מיר האָבן געזוכט א ווינקל וואו זיך צוצושפּארן, — ס'איז אָבער ניט געווען וואו. מיר האָבן געוואָלט ריידן צווישן זיך, — ס'איז אָבער געווען אומעגלעך. יעדע מינוט זענען מיר געשטויסן געוואָרן פון אי־מיצן אַנדערש. אָט האָבן מיר געקראָגן א קלאַפּ פון אַן אַלטן פּויער מיט א זאַק אַף די פּלייצעס, אָדער א שטויס פון א פעטן אידן, וואָס האָט זיך מיט גרויס אַקשאָנעס געשטופּט צו דער טיר, צו זיין פון די ערשטע אַף ארויסצוגיין.

פאַר יעדער סטאַנציע איז דאָס שטופּעניש געוואָרן אומגעהויער גרויס. אַזוי, אַז מען האָט אונז פּאָשעט צעטראָגן אין פאַרשידענע ווינקלען. דערפאַר, אָבער, איז ביי איין סטאַנציע — נאָך א גרויסער שטופּעניש — געוואָרן אינגאַנצן ליידיק; אַראָפּ זענען א סאַך — אַרויף, אָבער — קיינער. ס'איז געווען פרייטיק. די איינוואוינער פון יענער געגנט — דאָס ראָוו אידן — זענען שוין זיכער געווען יעדער אין זיין היים אַף שאַבעס.

מיר האָבן זיך באַקוועם אוועקגעזעצט לעבן דעם פענצטער, וואָס איז געווען פאַרהויכט פון דער אינווייניקסטער פּאַרע, און דורך וועלכן עס האָבן דורכגעטאַנצט מאַסן אָפּשפּיגלונגען פון געדיכטע, פּיאָלעטע־ווע וועלדער אָדער פון פּויערשע, ווייס־געקאַלכטע, און מיט שטרוי־געדעקטע הייזלעך.

מיר האָבן זיך ארומגעקוקט צי אונזערע רייזע־קעסטלעך זענען

נאָך דאָ. און ווען מיר האָבן זיך איבערצייגט, אַז אַלץ איז אין אָרדנונג, האָבן מיר גענומען ציַיטונגען און זיך פאַרטיפט אין לייענען.

דער קאָנדוקטאָר איז אַריין. ער האָט געקלאַפּט מיט זיין צוואַנגל אַזוי אַנזאָגנדיק און גייוועדיק, פּונקט ווי דאָס וואָלט געגאַנגען דער אייגנטימער פון דער באַן אַליין. עפּשער צום צענטן מאָל האָט ער איבערגעקוקט ביי אונז די בילעטן, צוגעזאָגט אונז אָנצוזאָגן מיט א שטיקל צייט פריער, איידער מיר וועלן אָנקומען צו דער סטאַנציע, וואו מיר האָבן געדאַרפט אַרונטערגיין, און איז אַוועק אין א צווייטן וואַגאָן..

ס'איז טונקל געוואָרן. קיין לעכט זענען אין וואַגאָן ניט געווען אָנגעצונדן. (אין יענע יאָרן האָט מען גענוצט בלויז סטעאַרין־לעכט פאַר באַלייכטונג. אָבער די קאָנדוקטאָרן — אַנשטאָט אויסצעברענען די לעכט אין די וואַגאָנען — האָבן זיי באַהאַלטן און פאַרקויפט.) ס'איז געוואָרן אַזוי טונקל, אַז עס איז אוממעגלעך געוואָרן צו לייענען.

מיר האָבן אַוועקגעלייגט די ציַיטונגען, זיך פאַרטיפט אין די אייגענע געדאַנקען און געטראַכט פון דעם, וואָס איז אָפן מויעד געקומען.

עס איז שטיל געווען. פינצטער און שטיל. אַזאַ פינצטערניש איז מיר, דאַכט זיך, נאָך קיינמאָל אין לעבן ניט אויסגעקומען צו זען און פילן. די פאַרביילויפנדיקע וועלדער האָבן אַריינגעגאָסן אַזאַ פינצ־טערע געדיכטקייט, אַז עס האָט אויסגעזען, ווי מיר וואָלטן געפאָרן אין עפּעס א שרעקלעך־שוואַרצער הייל, גאָר טיף אונטער דער ערד.

ס'איז געוואָרן אומעטיק. יעדער פון אונז האָט עס באַזונדער פאַר זיך געפילט, אָבער קיינער האָט ניט גערעדט דערפון. ס'איז געווען אומהיימלעך און פיינלעך. ס'האָט זיך געפילט אַזוי שווער און גרוי. און דאָך, האָט, דאַכט זיך, יעדער פון אונז געוואָלט אַזוי בלייבן זיצן אין דער אומעטיקער פינצטערניש.

דער קאָנדוקטאָר איז אַריינגעקומען און מיטגעשלעפּט מיט זיין לעמפּל א פּאָס גרויע ליכט, וואָס האָט אָפּגעווישט די שטילע רואיקייט, פאַריאָגט די וויַיטע טראַכטונגען און צעוואָרפן אויף די טונקעלע ווענט, אָפן גרויען סופיט און אויף דער פאַרשאָטנטער ערד נאָך שאַרפערע און אומעטיקערע קאָנטורן פון טאַנצנדיקע שאָטנס.

א שניידנדיקער פייף פון לאָקאָמאָטיוו האָט זיך א טראָג געטאָן אין דער דרויסנדיקער שטילקייט און אונז צו וויסן געגעבן, אַז מיר דערוויַיטערן זיך פון א סטאַנציע און אַז מיר האָבן נאָך צו פאָרן אַרי־בער א האַלבע שאָ.

דער קאָנדוקטאָר איז אַרויס. ס'איז ווידער געוואָרן שטיל און פינצטער. אָבער די דאָזיקע פינצטערניש און שטילקייט, וואָס איז געבוירן געוואָרן פאַר אונזערע אויגן, איז שוין ניט געווען, אַזוי ווי פריער, א רואיקע. דאַסמאָל האָט עס אויף אונז אויסגעגאָסן אַזאַ מאָדנע אומעטיקן געפיל, וואָס איז ענלעך געווען צו מוירע.

מיר האָבן זיך איינגעקאָרטשעט אין זיך ; ווי קלענער געוואָרן. מיר

האבן זיך אינדערשטיל איינגעהערט צום אומרעגלמעסיקן און הינקעג־דיקן קלאפּן פון די רעדער אונטער די וואַגאָנעס און זיך איינגעקוקט אין דער גרויער פינצטערניש פון אומהיימלעכן דרויסן.

עס איז געוואָרן אַזוי אומהיימלעך, אַז עס האָט זיך געדאַכט, מער אַזוי זיצן איז אומעגלעך. מיר אַלע האָבן עס געפילט, אָבער מוירע געהאַט דאָס ארויסצורײדן איינער פאַרן אַנדערן. איינער פון אונז, וועלכער פלעגט אַלעמאָל, ביי יעדער געלעגנהייט, ליב האָבן צו זינגען, — האָט פאַרצויגן אַ רוסיש ליד. איז אָבער דאָס ליד געווען אַזאַ מאָ־נאָטאָנעס, אַזאַ צעצויגנס, — פון יענע רוסישע לידער, וועלכע גיסן אויס אַן אומעט אַפילו אין די פריילעכסטע אומשטענדן און ביי דער בעס־טער שטימונג.

ער האָט דערפילט, אַז דאָס ליד איז ניט אין צייט און איז אַנט־שוויגן געוואָרן.

אַ ווייל איז שטיל געווען.

דער אַנדערער כאַווער האָט פאַרגעלייגט, אַז מען זאָל עפּעס דער־ציילן, קעדיי צו פאַריאָגן דעם טרויער. און ער אַליין האָט טאַקע גלייך אָנגעהויבן זיך גרייטן צום דערציילן.

ער האָט זיך אויף פריער פאַרטראַכט, פאַרדעקט דאָס פּאָנים זיינס מיט דער האַנט, ווי צום דערמאָנען זיך. דערנאָך האָט ער פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס און אַ זאָג געטאָן:

— ס'איז אַנטקעגן דעם, וואָס מען זאָגט, שטימונג. אָט, נאָט אייך נאָך אַביסעלע פונם אייגענעם סאָרט.

מיר האָבן זיך נעענטער צוגערוקט. ער איז אָנגעגאַנגען:

—איך קאָנט דאָך מיך שוין פון לאַנג. מיין גאַנצע ביאָגראַפיע, גלויב איך, איז דאָך אייך קימאַט אינגאַנצן באַוואוסט. אָבער דאָס, וואָס איך קלויב זיך אייך דערציילן, איז אַזאַ טייל פון מיין לעבן, וואָס נאָר געציילטע מענטשן ווייסן עס. די דאָזיקע געשעעניש האָט אַזאַ גרויסע ראָליע געשפּילט אין מיין לעבן. אַז איך בין פאַרבליבן ביז היינט, נו... ווי מען רופט עס ביי אונז, אַ ניט פאַרהייראַטער.

— יאָ, געווען איז דאָס מיט אַ יאָר צוואַנציק, צוויי און צוואַנציק צוריק. איך בין נאָך דעמאָלס געווען יונג, ווי מען רופט עס, בלוט און מילך. דאָס יונגע בלוט האָט געקאָכט און גערופן צו טעטיקייט, צו אַקטיוויטעט. די יוגנט האָט גערופן צו עפּעס אויסערגעוויינלעכעס; צו צייטווייליקע פלירטן, צו ליבעס און צו אַנדערע ריזיקאַלישע אונ־טערנעמונגען.

— געווען איז עס אין מאָסקווע. אין מיינע סטודענטישע יאָרן. איך בין דעמאָלס געזעסן אין אַ ביר־שענק, פון די בעסטע. אַזוי האָבן מיר, אין דער באַוועגונג, זיך געטראָפן אין אונזער קאָנספּיראַטיווער אַרבעט. עטלעכע מאָל האָב איך געזען אַריינקומען אַהין אַן עלטערן מאַן, מיט אַ יונגער, שיינער מיידל. לויט זייער קליידונג און אויסזען,

האט מען זיי געקאנט פאררעכענען פאר אויסלענדער: זי — אין זיידנס א געקליידעטע, האט אויסגעזען אזוי לופטיק לייכט, אזוי צארט און איידל, — גאנץ אנדערש פון יענע מיידלעך, וועלכע איך בין געוואוינט געווען צו טרעפן אין אונזערע קרייזן. באלד דעם ערשטן מאל וואס איך האב זי דערזען איז זי מיר־ביז גאר געפעלן געווארן. זי האט גע־האט א פאר שווארצע, קיילעכיקע, גרויסע אויגן. נאך ביז היינט דאכט זיך מיר, אז אזעלכע אויגן זענען גארניט קיין נאטירלעכע, קיין געבוי־רענע, נאר קינצלעך־ארייננגעשטעלטע. אויגן — וואס האבן געקאנט צוציען, ניט נאר מיך, א שוואכלינג אין די דאזיקע זאכן, נאר יעדן מענטשן, וואס האט זיי געזען. איך האב געדורשט זיך צו באקענען מיט איר, אבער קיין שום וועג ווי דאס צו טאן האב איך ניט געפונען.

— איך פארשטייט דאך, אז איך האב ניט געקאנט גלאט אזוי צו־גיין צו איר און פארפירן מיט איר א באקאנטשאפט. וואלט זי אליין געווען, וואלט איך נאך עפשער געפונען א וועג ווי דאס צו טאן. אזוי אבער, צוזאמען מיט... איר פארשטייט, די עטיקעט פאדערט דאך עפעס, אז מען זאל פריער פארגעשטעלט ווערן פון אימיצן, איידער מען קאן אנהויבן ריידן. און איך האב בעשום אויפן ניט געקאנט קריגן קיינעם, ווער עס זאל מיך באקאנען מיט איר. דאס האט מיך געקרענקט ביז גאר. איך האב זיך קיין ארט ניט געקאנט געפינען. אבער ליבע ווייסט ניט פון קיין שטערונגען. מיטאמאל בין איך געפאלן אף אזא פלאן:

— איינמאל, בעאיים זי איז אזוי געזעסן ניט ווייט פון מיר און געזופט איר ביר, האב איך צוגערופן דעם קעלנער צו זיך, אים דער־לאנגט א מאטבייע, און אזוי הויך, אז זי זאל אויפמערקזאם ווערן און הערן, א זאג געטאן צו אים:

— איך וועל דא מארגן זיין אין דער זעלביקער צייט. ס'קאן זיין, אז אף מיר וועט דאווארטן א יונגע, שיינע מיידל מיט גרויסע, שוואר־צע אויגן, וואס געפעלט מיר שטארק. און אויב זי וועט קומען, וויל איך, אז אט דאס דאזיקע ווינקל־טישל זאל פאר מיר רעזערווירט ווערן.

דער קעלנער האט א קוק געטאן אף מיר, איך אף דער מיידל און איך בין אוועק.

מאלט אייך, אז מיין אויסרעכענונג האט מיך ניט אנטוישט. אפן צווייטן אוונט, ווען איך בין געקומען אין ביר־שענק, איז זי שוין דארט געווען. עמעס, זי איז געזעסן ביי א צווייטן טישל, ניט ווייט פונם בא־שטעלטן. אבער זי איז געווען אליין. זי האט געהאלטן א שניי־ווייסע בלום אין האנט און ווען איך בין פארבייגעגאנגען, האט זי ארונטער־געלאזט די בלום און דערביי אויפגעציטערט מיט א לייכטן צאפל. זי האט א קוק געטאן אף מיר און אירע אויגן האבן, דאכט זיך, געזאגט:

— איצט, אדער קיינמאל ניט!...

איך האב די בלום אויפגעהויבן, מיט א גאלאנטן שמייכל איר דער־לאנגט און, פון גרויס אויפרעגונג, וואס איך האב ענדלעך די געלעגנ־

הייט אף וועלכער איך האָב אַזוי געגאַרט, האָב איך פאַרגעסן אינם באַשטעלטן טישל און זיך געקליבן צוזעצן לעבן איר. זי אָבער האָט שעלמיש אַ שמייכל געטאָן:

— איר האָט דאָך, דאַכט זיך, באַשטעלט יענעם טיש פאַר זיך, ניט אַזוי?... אַ שיינע מיידל דאַרף דאָך, דאַכט זיך, וואַרטן אויף אייך?...

— האָט זי מיט אַ טראַציקער און זיכערער שטימע אַ רייץ געטאָן.

זי האָט מיר אַ ווייז געטאָן מיטן פינגער אויפן ווינקלדיקן טישל און באַפעלעריש צוגעגעבן:

— זעצט זיך דאָרט. עס וועט אייך זיין באַקוועמער, פאַר אייך און אייער מיידל וואָס דאַרף מיסטאָמע באַלד קומען...

איך האָב אין פאַרלעגנהייט אַ שמייכל געטאָן, זיך מוידע געווען, אַז מיט דער שיינער מיידל האָב איך געמיינט טאַקע זי און איך האָב זי פאַרבעטן זיך צוזעצן מיט מיר.

זי האָט מיך אַ גלי געטאָן מיט אירע אויגן, אַ קיינעוודיקן דראָג געטאָן מיט אַ פינגער און אַז רייד זיך צוגעזעצט לעבן מיר.

איך האָב באַשטעלט ביר. מיר האָבן געטרונקען און פריילעך גע־פּלאַפּלט. אין אַ שטיקל צייט אַרום האָב איך שוין אַלץ געוואוסט וועגן איר און זי — וועגן מיר. זי האָט געזאָגט, אַז זי איז צופרידן, וואָס זי האָט זיך באַקאַנט מיט מיר, און אַז זי אַליין האָט שוין אויך פון לאַנג געזוכט אַ געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט מיר. זי האָט געלויבט מיין איינפאַל און געדריקט מיין האַנט דערפאַר.

ערשט דאַן האָב איך אָנגעהויבן באַגרייפן דעם ווערט פון מיין איינפאַל. געווען איז זי אַ מיידל, אין וועלכער מען האָט זיך געקאַנט און געמעגט פאַרליבן. פון שיינקייט איז דאָך אָפּגערעדט. זי איז גע־ווען... נו, איך וועל זיך ניט אונטערנעמען זי אויסצומאָלן אייך... און קלוג איז זי געווען — ווי איר שיינקייט. ס'איז, זאָג איך אייך, געווען אַ מעכאַיע בלויז צו ריידן מיט איר.

פון יענעם אָוונט אָן בין איך גאָר אַן אַנדער מענטש געוואָרן. איך האָב זיך פּאַשעט ווי פאַרלוירן. נאָך דער באַגעגעניש מיט איר האָב איך קיין נעכט ניט געקענט שלאָפן, קיין רו־טעג ניט געקאָנט געפינען און זי פון מיין געדאַנק ניט אַרויסגעלאָזט. און מיינט ניט, אַז דאָס איז געווען בלויז אַזאַ ליידנשאַפטלעכער געפיל, וואָס האָט מיך פאַר אַ מאָמענט אַרומגעכאַפּט. ניין. איך בין אַזוי זיכער געווען אין דעם, ווי איך בין געווען זיכער אין מיין אייגענעם לעבן. איך האָב זי באַ־טראַכט פאַר אַזוי הייליק און אומשולדיק ווי די רויז, וואָס זי האָט אין איר האַנט געהאַלטן בעת איך האָב זיך באַקאַנט מיט איר.

איך האָב זי געוואָלט בלויז האָבן לעבן זיך, הערן איר קלינגעדיקע, מוזיקאַלישע שטימע און קוקן אין אירע לויטערע, שוואַרצע אויגן אַריין. עס האָט זיך מיר געוואָלט זיצן לעבן איר און הערן איר געלעכ־טער, וואָס האָט געקאָנט אָנצינדן און צעגליען דעם שטאַרקסטן פרויען־

קענגער. אירע אומשולדיקע אויגן, איר אומשולדיקער געלעכטער, אירע אומשולדיקע באַנעמונגען, האָבן מיך אין אַ נעץ געפאַנגען.

אין די נעכט, נאָך די אָוונטן פון אונזערע באַגעגענישן, האָב איך געהאַט זיסע, ברענענדיקע כאַלוימעס. און אַז מיר האָבן זיך באַגעגנט, האָבן מיר גערעדט וועגן אַלצדינג אין דער וועלט. מיר האָבן גערעדט וועגן ביכער און ליטעראַטור, וועגן לענדער און פעלקער, וועגן קאַמפן און באַפרייאונגס־באַוועגונגען. און מאָלט אייך; פּאָליטיש איז זי געווען קימאַט איינפאַרשטאַנען מיט מיר...

אַזעלכע באַגעגענונגס־אָוונטן זענען געווען אַ סאַך. זי פלעגט שוין אַפילע קומען צו מיר, אין מיין וואוינונג, און דאָרט פלעגן מיר די אָוונטן אויספילן מיט ליבע און ליבע־פלוידערייען.

טאַמער האָט אַמאָל געטראָפן, אַז זי האָט געדאַרפט קומען און איבער עפּעס ניט געקאָנט, — האָט מען מיר באַלד געבראַכט אַ בריוועלע פון איר. אין די בריוועלעך האָט זי זיך אַנטשולדיקט פאַר ניט פּינקטלעך זיין און צוגעזאָגט אַ צווייטן מאָל צו פאַרגיטיקן. אונטערגעשריבן האָט זי זיך אויף די בריוועלעך: — „פריינט״.

כאָטש אַזעלכע אָוונטן, וואָס זי איז ניט געקומען, זענען געווען זעלטן, — האָבן אָבער די בריוועלעך און קוויטעלעך אָנגעהויבן ווערן אָפטער און פיל מאָל אָן אַן אורזאַך. די אונטערשריפטן יעדעסמאָל — אינטימער. אָנגעהויבן האָט עס זיך פון „פריינט״. דערנאָך — „טייערער פריינט״. שפּעטער — „איבערגעגעבענער פריינט״ און צום סאָף — „געליבטער פריינט״. אַזוי איז עס געגאַנגען קעסיידער, ביז עס איז פאַרבליבן בלויז — „געליבטער״.

איינמאָל אין אַזאַ אָוונט, ס׳איז דעמאָלס, דאַכט זיך, האַרבסט געווען, ווי היינט, און אַ רעגן איז געגאַנגען. אָדער עפּשער דאַכט זיך עס מיר נאָר אַזוי אויס, ווייל די דאָזיקע האַרבסטיקע אָוונטן זענען צום מערסטן פאַרוויינטע און פאַרטרויערטע?... אָט, אין אַזאַ אָוונט בין איך ביי זיך אין שטוב געזעסן און געוואַרט אויף איר. זי האָט געדאַרפט באַלד אָנקומען. איר בריוועלע, וואָס זי האָט מיר געהאַט געשריבן מיט אַ צוזאָג, אַז זי וועט זיין פּונקט פינף — האָב איך שוין עפּשער צום הונדערטסטן מאָל געהאַט איבערגעלייענט. איך האָב געקושט דעם אונטערשריפט און געקוקט מיט האַנאָע אויפן וואָרט „דיין געליבטע״. דער ראָלעט פונם פענצטער איז געווען ניט אינגאַנצן אַרונטערגעלאָזן און אין צימער האָט זיך אַריינגעריסן אַ שמאָלער שטרייף פון דער גרויער, אָוונטדיקער טונקלקייט. איך האָב עטלעכע מאָל אַרויסגעקוקט, אָבער זי ניט געזען קומען.

איך האָב זיך גענומען גריבלען אין אַ בוך. דאָס איז געווען עפּעס אַן איבערזעצונג פון אַ לאַנגווייליקן, פראַנצויזישן ראָמאַן, אין וועלכן דער שרייבער האָט געוואָלט באַווייזן, אַז ס׳איז גאָר ניטאָ אַזאַ זאַך ווי ליבע. מיר איז דער בוך ניט איינגעגאַנגען. איך האָב אים מעכאַניש

געבלעטערט און דער אינהאלט איז אינגאנצן אויסגערונען.

יעדע ווייל האָב איך זיך א קער געטאָן צום פענצטער, ארויסגע־קוקט, אָבער זי איז נאָך אַלץ ניט געווען. און זי האָט דאָך פּאָרט גע־דארפט קומען. דאסמאָל האָב איך איר צוגעזאָגט צו ווייזן עפּעס א פארבאָטענעם פּאָליטישן בוך, וואָס איך האָב מיט א טאָג צוריק גע־קראָגן. זי איז אָבער ניט געקומען. עס האָט מיך אָנגעהויבן פאר־דריסן. איך האָב גאָרניט געקאָנט צוטראכטן, וואָס אזעלכעס עס זאָל איר האָבן פארהאַלטן. איך האָב צוגעלייגט מיין ברענענדיקן שטערן צום קאַלטן גלאָז פון פענצטער און געפּרואווט טראכטן, אָבער ניט גע־קאָנט. איך האָב גענומען עפּעס שרייבן, אָבער אויסער איר נאָמען איז ביי מיר גאָרניט אַרויסגעקומען. מיך האָט גענומען קרענקלעך פארדריסן. איך האָב זיך אוועקגעזעצט אויף מיין בענקל, זיך איינגע־קאָרטשעט אין זיך, אז איך בין געבליבן א העלפט די גרויס. א גרוי־סע בענקשאַפט — ווי עפּעס א ווילדע כאַיע — האָט מיך באַפאַלן און מיך געוואָלט פארצוקן. איך האָב באַקומען אזא מאָדנע מוירע. איך בין געזעסן און געקוקט אין איין פּונקט. פאר מיר איז דעמאָלט קלאָר געוואָרן, אז איך האָב זי אזוי שטאַרק ליב, און אז אָן איר, האָב איך געטראכט, וועל איך גאָרניט קאָנען לעבן...

— — — — — — — — — — — — — — —

אונזער כאַווער האָט אָפּגעזיפצט. ער האָט נאָכאַמאָל פאררוי־כערט א פּאַפּיראָס און זיך געוואָלט נעמען ווייטער דערציילן. מיר זע־נען געזעסן פארטיפט אריינגעטאָן אינם איינדרוק פונם דערציילטן, און ניט געהערט ווי דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט. ערשט ווען דער קאָנדוקטאָר האָט זיך דערמאָנט אין אונז און איז אריינגעלאָפן אונז אָנזאָגן, אז מיר זענען שוין ביי אונזער סטאַנציע, האָבן מיר זיך ערשט געכאַפּט און זיך גענומען איילן אַרונטערצוגיין.

אינדרויסן איז געווען שטאָק פינצטער. די פינצטערניש האָט אונז איינגעהילט ווי אין שווערע דעקן. שטיל־שוויינגדיק, מיט געבוי־גענע קעפּ, זענען מיר געגאַנגען צו די פויערישע פורלעד, וואָס זענען געשטאַנען אויף דער צווייטער זייט פונם קליינעם, פינצטערן, קליין־שטעטלדיקן וואָקזאַלעכל.

קיינער פון אונז האָט קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. עס האָט זיך געפילט, אז דער דערציילער אליין איז נאָך אויך אינגאנצן ניט באַפרייט פונם איינדרוק פון זיין דערציילן, און אז ער לעבט איבער עפּעס אַן אומהיימלעכקייט; אז ער טרויערט...

דעם גאַנצן וועג אויף די פורלעד האָבן מיר געשוויגן. ערשט שפּע־טער, אינם קליינעם האָטעלעכל; איידער מיר זענען זיך צעגאַנגען שלאָפן, האָב איך — אין איילעניש — אים אַ פרעג געטאָן:

— נו, וואָס איז געוואָרן פון דער געליבטער?... איז זי געקומען?..

דער כאַווער האָט א מאַך געטאָן מיט דער האַנט, א קוק געטאָן

אַף מיר מיט א שאַרפֿן שמייכל און געענטפֿערט:

— יאָ, זי איז געקומען. אוודאי איז זי געקומען. אָבער... באַלד נאָך איר איז אויך אָנגעקומען א מאַסע פּאָליציי. מען האָט גענומען זוכן ביי מיר אין די קעסטלעך און אין די שופֿלעדער און, איר פֿאַר־שטייט דאָך, אַז לאַנג זוכן האָבן זיי ניט געדאַרפֿט. זיי זענען צוגעגאַנ־גען צו יעדער זאַך, פּונקט ווי עפּעס א געהיימער פֿינגער וואָלט זיי אָנ־געוויזן. זיי האָבן געאַרבעט ווי לויט אַן אויסגעלייגטן פּלאַן. איך אַליין בין געשטאַנען מיט אויסגעגלאָצטע, שטייפֿע אויגן און גאָרניט געזען. איך האָב בלויז געזוכט זי, אירע אויגן... און זי, זי איז געשטאַ־נען אין א זייט, און אַ, וואָס פֿאַר א גרויסער כּילעק אין אירע בליקן!... די אומשולדיקע אויגן האָבן איצט אויסגעזען אַזוי ווי ביי א ווילדער כאַיע; ווי ביי א צערייצטער קאַץ. זי האָט גאָרניט גערעדט.

יאָ, כאַווײרים מיינע, אַט ערשט דאַן האָב איך דערזען, ווי מיט דעם „הייליקן" געפֿיל ליבע קאָן מען אַזוי ביטער פֿאַרראַטן און גענאַרט ווערן!... אַט ערשט האָב איך דערזען, ווי לייכטזיניק און קינדיש איך האָב זיך געלאָזט פֿאַנגען!...

דעם כאַווערס רייד זענען געווען אַזוי שניידנדיק, אַז מיר, די צו־הערער, האָבן זיך אַזש פֿאַרשעמט און אַרונטערגעלאָזט די אויגן. ער האָט ווייטער גערעדט:

— מען האָט מיך אַוועקגעפֿירט. אַף דער פֿאַרשיקונג האָב איך זיך דערוואוסט, אַז פֿיל אַנדערע כאַווײרים זענען אַריינגעפֿאַלן ביי ענ־לעכע אומשטענדן. עס האָט מיר אַזוי וויי געטאָן, אַז איך האָב קיין באַרואיקונג ניט געקאָנט געפֿינען. איך האָב געשריבן בריוו, גע־פּרואווט וואָרענען די כאַווײרים קעגן דער דאָזיקער „אומשולדיקער", אָבער אַלץ אָן שום דערפֿאָלג. מאָלט אייך, אַז קיין פֿאָטאָגראַפֿיש בילד האָב איך פֿון איר ניט געהאַט. אַף ריכטיק אָנרופֿן איר נאָמען האָב איך אויך ניט געקאָנט. קיין סאָפֿעק ניט, אַז דעם נאָמען וואָס זי האָט מיר געגעבן, איז געווען א פֿאַלשער און אויסגעטראַכטער, און אַז זי האָט אונטער פֿאַרשידענע נעמען און אין פֿאַרשידענע פּלעצער אָפּערירט צווישן דער רעוואָלוציאָנערער יוגנט מיט אירע אומשולדיקע מאַניערן און אומשולדיקע אויגן — פֿאַר אַ לאַנגער צייט...

# אַ קינד

(פון דער סעריע: „אונטערוועגנס")



דאָס שטעטל, וואו מיר, דריי כאַווירים זענען געווען אַף אַרבעט, — איז צוליבן שאַבעסדיקן טאָג געווען ווי אויסגעשטאָרבן. אַלע איינוואוינער פון דאָרט, וואָס זענען קימאַט אויסשליסלעך געווען אידן, זענען מיסטאָמע געשמאַק געשלאָפן נאָכן פעטן שאַבעסדיקן טשאָלנט. מיר זענען געזעסן אין אונזער האָטעל און אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער אַף דער גאַס אַרויף.

דאָרט, אינדרויסן, אַף דער בלאָטיקער ערד, האָבן זיך האַלב־נאַקעטע, אָפּגעריסענע קינדער געשפּילט אין פאַרשידענע אומשולדיקע שפּילערייען. דערביי האָבן זיי אומאויפהערלעך געטומעלט און געשריגן.

זייערע געשרייען זענען געווען אַזוי שטאַרק, אַז יעדע ווייל האָט מען פון אַן אַנדער פענצטער אַרויסגעשריגן צו זיי:

— שווייגט, מאַמזיירים!... איר וועט לאָזן אַן אויג צומאַכן, צי ניט?...

— אַוועק פון דאַנען מעשומאָדים!... איידער איך גיס אייך אָפּ מיט אַן עמער וואַסער!...

די קליינע כעוורע האָבן זיך אָבער גאָר ווינציק געמאַכט פון די געשרייען. זיי זענען מיקלוימערשט אָפּגעטראָטן פאַר אַ ווייל, אָבער גלייך צוריקגעקומען און ווייטער אָנגעגאַנגען מיט זייער טומל.

דער באַלעבאָס פונם האָטעלעכל, אַן עלטערער איד, אַן אַלמען, מיט אַן אַסטמע און האַלב־אויסגערונענע טראַכאָמע־אויגן, איז געלעגן אַף אַ בעטל אין קאָרידאָרל און אויסגענוצט זיין הייליקן שאַבעס אין אַ שווערן שלאָף. ער האָט דערביי אונטערגעכאָרכלט יעדע ווייל, ווי עפּעס אַ שווערער לאָקאָמאָטיוו.

די דינסט־מיידל האָט זיך נאָר־וואָס געהאַט אויסגעפּוצט אין אַ ניי, אָנגעשטייפט, העל־ציצן קליידל, פאַרפלאָכטן די צוויי צעפּ מיט קאָלירטע סטענגעס און איז אַוועק ערגעץ צו גאַסט צו אירע אַ כאַווערטע. דעם האָטעל האָט מען ניט געדאַרפט היטן. זיי זענען זיכער געווען, אַז אינמיטן דעם הייליקן שאַבעס וועט קיינער ניט פאַרפאָרן און קיינער וועט אויך ניט אַוועק. וועגן אונז זענען זיי אויך רואיק געווען. זיי האָבן געוואוסט, אַז פריער ווי אין אָוונט קאָנען מיר ניט אָפּפאָרן, ווייל עס איז קיין צוג ניט געווען ביז דאַן.

און מאָרגנס; כּוץ דעם קינדערישן געטומל וואָס אינדרויסן, הינטערן פענצטערל, — איז געווען ביז גאָר שטיל. אָבער אַזוי שטיל, אַז אָפטמאָל האָט זיך געדאַכט, מען קאָן הערן ווי דער מידער אָטעם סוידעט זיך מיטן אַנגעלאָפענעם ווינטעלע, וואָס האָט זיך אַריינגעגאַנוועט דורך דער אויסגעזעצטער שויב, אינם קליינעם פענצטער.

מיר דריי האָבן מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דער אָוונטדיקער באַן וואָס זאָל אונדז אַוועקפירן פונעם שטעטל. אונזער שליכעס האָבן מיר שוין געהאַט דערפאָלגרייך דורכגעפירט; מיר האָבן זיך געזען מיט די כאַווירים, וועלכע מיר האָבן געדאַרפט, און געהאַט אַ זיצונג מיט זיי. מיר האָבן באַוויזן אויסצוגלייכן די מיספאַרשטענדענישן, איינגעשטעלט אַ בעסערן קאָנטאַקט און גענויע פאַרבינדונגען צווישן זיי און דעם צענטער; באַזאָרגט די אַנדערע אומלעגאַלע אַרבעטן, צוליב וועלכע מיר זענען געשיקט געוואָרן און ביכלאַ: געטאָ; אַלץ, ווי אונדז איז אָנגעוויזן געוואָרן אין די אינסטרוקציעס פון דער פּאַרטיי.

דעם טאָג, וואָס מיר האָבן פאַרבראַכט אינעם שטעטל, האָבן מיר זיך, אויף ווי ווייט מעגלעך, אויפגעהאַלטן קאָנספּיראַטיוו. געהייסן האָט עס מיקלוימערשט, אַז מיר זענען געקומען איינהאַנדלען כאַזער־האָר, וואָס איז אין יענעם שטעטל געווען דער הויפּט קוואַל פון פּאַרנאָסע ביי קימאַט אַלע איינוואוינער. די שטאָטישע כאַווירים, די וואָס האָבן געאַרבעט ביים רייניקן די כאַזער־האָר, און וועלכע זענען געקומען זיך זען מיט אונדז, זענען, פאַרשטייט זיך, אויך מיקלוימערשט געווען כאַזער־האָר מעקלער, ביי וועמען מיר האָבן געזאָלט קויפן די סכוירע. און אַזוי ריידנדיק וועגן מיסכער, האָבן מיר, צווישן איין וואָרט און צווייטן, איבערגעגעבן זיי די נויטיקע אָנווייזונגען, אויפגענומען באַריכטן און אַוועקגעשטעלט די אַרבעט.

יאָ, פאַרגעסן צו זאָגן; מיר האָבן לעכאַטכילע אויסגעקליבן אַריינצופאָרן אין שטעטל אַריין אויף שאַבעס, ווייל מיר האָבן געוואוסט, אַז דאָס איז דער איינציקער טאָג, וואָס מיר וועלן קיין עמעסע, ניט־געוואונטשטע מעקלער ביי זיך ניט האָבן. ווייל וועלכער פרומער איד וועט עס זיך דערוועגן צו קומען מאַכן מיסכער אום שאַבעס?...

פונדעסטוועגן האָבן מיר זיך געדאַרפט אויסהיטן. עס זענען דאָך געווען עטלעכע אַזעלכע פּאַרשוינען וואָס האָבן זיך ביגנייווע — אַז קיינער זאָל ניט זען — אַריינגעכאַפּט צו אונדז אין שטיבל און אָנגעבאָטן סכוירע, וואָס זיי האָבן אַפילע ביי זיך אין כאָלעם ניט געזען.

מיר זענען שוין פאַרטיק געווען מיט אַלע אַרבעטן און בלויז אומגעדולדיק געוואַרט, אַז דער אָוונט זאָל צופאַלן און מיר זאָלן שוין אַוועקפאָרן. דערווייל האָבן מיר זיך ניט געהאַט וואו אַהין צו טאָן. דער טאָג האָט זיך געשלעפּט אַ לאַנגווייליקער. קיין צייטונגען, אַז מען זאָל קאָנען פאַרגעסן פאַר אַ ווייל, האָט מען אינעם שטעטל אַפילע אויף קיין רעפּוע ניט געקאָנט קריגן. מיר זענען דערפאַר געזעסן און געקוקט איינער אויפן צווייטן שטומערהייט.

פון גאַס האָט זיך דער קינדערישער טומל פאַרשטאַרקט. די קעַ־לעכלעך זייערע האָבן זיך, צוזאַמען מיטן דרויסנדיקן ווינט, אַריינגע־ריסן צו אונז אין צימערל און דאָס אָנגעפּילט מיט גערויש, ווי מיט עפּעס מאַמאַשעסדיקעס.

מיטאַמאָל האָט איינער פון אונז זיך אויפגעשטעלט, איז צוגע־גאַנגען צום פענצטער, אַרויסגעקוקט אינדרויסן אַרויס און מיט באַ־דויער געשאָקלט דעם קאָפּ. דערנאָך האָט ער א מאָדנעם ביטערן שמייכל געטאָן מיטן גאַנצן קערפּער, אָפּגעווישט די ליפּן און — ווי אין דער וועלט אַריין — איראָניש א זאָג געטאָן:

— עך, קינדער, קינדער, צוקונפטיקער דאָר אונזערער!...

מיר האָבן געקוקט אויף אים און געטראַכט, אַז דאָס איז ער אַוואַדע אַזוי אַריינגעפאַלן אין אַ שלעכטער שטימונג איבער דעם קינדערישן טומל. מיר האָבן דעריבער גאָר ניט געענטפערט אויף זיין באַמערקונג.

ער אָבער האָט זיך אַ קער געטאָן צו אונז, אָנגעוויזן אינדרויסן אַרויס און א זאָג געטאָן:

— איר זעט דאָס יונגוואַרג? — האָט ער מיט פאַרביטערטקייט אין זיין טאָן, געזאָגט, — דאָס איז דאָך, ווי מיר זענען געוואוינט צו זאָגן, אונזער שיין, אונזער שטאָלץ... דאָס זענען דאָך די, וואָס וועלן דאַרפן אונזער אַרבעט איבערנעמען... איאָ?... פונדעסטוועגן, אַז איך זע די דאָזיקע קליינוואַרג, טוט מיר אָפּט אַ צופּ ביים האַרצן. און ווילנ־דיק־ניט־ווילנדיק נעם איך אָפּטמאָל שילטן די דאָזיקע קליינע, אומשול־דיקע בעוורעלייט, אַז איך פאַרשעם זיך אַליין פאַר זיך. טיילמאָל קאָן איך זיי פּאַשעט ניט איבערטראָגן, ניט אָנקוקן...

די דאָזיקע באַמערקונג זיינע האָט פונדעסטוועגן אויף אונז קיין שום איינדרוק ניט געמאַכט. מיר האָבן אים געקאַנט פאַר א ליבלעכן מענטש, פאַר א טייערן, צוגעלאָזענעם כאַווער, און מיר האָבן ניט גע־קאַנט גלויבן, אַז ער זאָל עס האָבן ערנסט געמיינט. מיר האָבן גע־גלויבט, אַז ער — ווי א ליבלעכער מענטש — האָט קינדער ליב. מיר האָבן דעריבער געקוקט אויף אים מיט שמייכלענדיקע פּענימער און וויי־טער גאַרניט געזאָגט.

ער, וויזט אויס, האָט פאַרשטאַנען אונזער גלייכגילטיקייט און גענומען שוין גאַנץ ערנסט ריידן:

— יאָ־יאָ, כאַווייִרים, איך שפּאַס ניט. איך רייד עס פון איינגע־נער דערפאַרונג. ס'איז א גאַנץ ערנסטע און טרויעריקע געשיכטע. איר פאַרשטייט, איך האָב אַמאָל געהאַט א באַגעגעניש מיט אַ קינד. און אַט פון יענעם טאָג אָן, ווען איך דערזע נאָר א קינד, פרעסט עס מיר מיין האַרץ און לאָזט מיר ניט באַרואיקן. אָפּט ווער איך אַזוי אויפגע־ציטערט, אַז...

מיר האָבן זיך ווידער איבערגעקוקט איינער מיטן צווייטן און דערביי אויסגעדריקט אַזאַ כידעש, ווי איינער רעדט; איז ער ניט געווירט געוואָרן פון זינען?...

ער האָט זיך שטאַרק צעלאַכט, געטייטלט אנטקעגן אונז מיט א שפּיץ פינגער און מיט פעסטקייט א זאָג געטאָן:

— אז איך זאָל אייך דערציילן וועגן דער דאָזיקער באַגעגעניש, וואָלט איר דעמאָלט מיינע רייד גאַנץ אַנדערש אויפגענומען...

מיר האָבן זיך אָנגעכאַפּט אין זיין פאָרשלאָג און געבעטן גלייך דערציילן.

ער האָט זיך אוועקגעזעצט אַפן ברעג פון בעטל און, שטיל, קוים וואָס ער האָט געהערט זיינע אייגענע רייד, אָנגעהויבן:

— אין דער גאַנצער צייט פון מיין רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט, בין איך צוויי מאָל געווען אַרעסטירט. איינמאָל — דורך א פּראָוואָקאַ־טאָר, וואָס האָט זיך אריינגעכאַפּט אין דער פּאַרטיי, געוואָרן — ווי דער שטייגער איז — אַקטיווער פון די אַקטיוויסטע, רעוואָלוציאָנערער פון אַלעמען און א גוט־ברודער מיט יעדן באַזונדער. אָבער דער דאָזיקער אַרעסט פאַרדריסט מיך ניט שטאַרק. דערויף איז עס דאָך געווען א פּראָ־וואָקאַטאָר. ער האָט זיך זיינס געטאָן, מיר האָבן זיך אונזערס געטאָן און פאַרטיק. איך וועל דעריבער וועגן דעם מער ניט ריידן. דאָס צווייטע מאָל, אָבער, בין איך אַרעסטירט געוואָרן אונטער גאָר באַזונ־דערע אומשטענדן. און טאַקע וועגן דעם וויל איך איצט דערציילן.

געווען איז עס ווען די פּאַרטיי האָט מיך געהאַט געשיקט אויף א שעליכעס, אַט פּונקט ווי היינט אונז אַלע דריי. דאַמאָלס אָבער בין איך געווען אַליין און געפירט מיט זיך צוויי גרויסע קוישן מיט וויכטיקע ליטעראַטור. איך האָב זיך פאַרקליידט פאַר א קאָמי־וואָיאַזשאָר; גאַנץ פראַנטיש. און בעאַיסן פאָרן אויף דער באַן, קעסיידער דורכגעקוקט די מוסטערן, וואָס איך האָב געהאַט מיט זיך, כאָטש איך האָב אין זיי פאַרשטאַנען אקוראַט ווי דער האָן אין בניי־אָדעם.

איך האָב דורכגעקוקט די רוסישע צייטונג „בירזשעוויע־וויעדאָ־מאָסטי", געזעהן פאַרטיפט אין די באַריכטן פון דער בירזשע און, פון צייט צו צייט, פאָרזיכטיק געוואָרפן א בליק אַרום זיך, צו זען ווער עס זיצט לעבן מיר.

אין וואַגאָן איז דאַן געווען לעבעדיק. דער צוג איז געווען אָנגע־פּאַקט מיט מענער, וואָס זענען אַרויסגעפאָרן צו זייערע ווייבער אויף זו־מער־וואוינונגען אויף איבער שאַבעס און זונטיק. איך האָב זיך ספּעציעל אויסגעקליבן אַט דעם דאָזיקן וואַגאָן; איך האָב געטראַכט, אז אַט צווי־שן דעם „בעסערן" קלאַס מענטשן, וועט מיר לייכט זיין זיך דורכצו־דרייען, אז עס זאָל ניט פאַלן קיין שום כשאַד אויף מיר. יעדע ווייל האָב איך אַרויסגענומען דעם גאָלדענעם זייגער פון טאַש, זיך געשפּילט מיטן בריליאַנטענעם ברעלאָקל, וואָס האָט זיך נאָכגעבאָמבלט נאָכן קייטעלע, און האָב זיך ביכלאָל געפלייסט אַרונטערצעוואַרפן פון זיך יעדן פאַר־דאַכט, אַז איך בין גאָר א פרעמדער צווישן די דאָזיקע מענטשן.

די קוישן האָב איך געהאַט לעבן מיינע פיס אונטער דער באַנק. אַלץ איז געגאַנגען קשורע. איך האָב נאָך געהאַט צו פאָרן בלויז עט־

לעבע שאַ צו דערגרייכן מיין ציל און דערווייל האָט זיך גאָרניט גע־מערקט קיין זאַך, וואָס זאָל מיר אויסקומען פּאַרדעכטיק. כאָטש איינמאָל האָב איך זיך יאָ דערשראָקן. דאָס איז געווען ווען איך האָב מיט־אַמאָל דערפילט לעבן מיינע פיס, אונטער דער באַנק, זיך עפּעס באַ־וועגן. איך האָב זיך אָבער ניט פאַרלוירן. איך האָב אַרונטערגעקוקט און דערזען דאָרט אַ גרויסן, אָפּגעריסענעם פויער, וועלכער האָט זיך באַהאַלטן אונטער דער באַנק, ווייל ער האָט ניט געהאַט, ווי איך האָב פאַרשטאַנען, קיין געלט צו קויפן אַ בילעט.

איך האָב זיך געוואָלט אָנבייזערן אויף אים, אַזוי ווי עס האָט גע־פּאַסט מיין לאַגע. ער, אָבער, האָט צו מיר אַזאַ טרויעריקן שמייכל געטאָן און צוגעלייגט אַ פינגער צום מויל, ווי איינער רעדט: „פאַרשיט מיך ניט". איך האָב אים אָפּגעענטפערט מיט אַ שמייכל און זיך ווידער ווי פריער גענומען קוקן אין דער צייטונג אריין.

איך האָב ברייט פאַררויכערט אַ גוטן האַוואַנאַ־ציגאַר און גאַיווע־דיק געבלאָזן דעם רויך דורכן עטוואָס צעעפנטן פענצטער.

ווען דער קאָנדוקטאָר איז דורכגעגאַנגען אונזער וואַגאָן, האָב איך יענעם, וואָס אונטער דער באַנק, געלאָזט וויסן, אַז ער מעג שוין אַרויס־קריכן. יענער איז אַרויס און מיר גענומען באַדאַנקען, קנייטשנדיק זיך ביז צו דער ערד. איך האָב אים געגעבן אַ מאַטבייע און דערביי באַטראַכט זיין אָפּגעריסענעם הילעד, פון וועלכן עס האָט זיך געטראָגן אַ גערוך פון פריש־געקאָסעטן היי און רויער ערד.

אויף איין סטאַנציע איז אַריינגעקומען אַ מאַן. ער האָט זיך צוגע־זעצט אַנטקעגנאיבער מיר און מיך שאַרף אָנגעקוקט. איך האָב אים דערקאָנט. דאָס איז געווען איינער, מיט וועלכן איך האָב אַמאָל געהאַט געאַרבעט ביי איין באַלעבאָס. ער, ווי עס ווייזט אויס, האָט מיך אויך דערקאָנט און געוואָלט נעמען ריידן צו מיר. איך האָב אָבער אַזוי מאַ־נעווורירט און זיך ניט אומגעקוקט אויף אים, אַז ער האָט, אָפּאָנים, אָנ־געהויבן טראַכטן, צי האָט ער קיין טאָעס ניט געהאַט און מער ניט גע־מאַכט קיין פאַרזוך צו ריידן.

איך האָב אומגעדולדיק געוואַרט אַז דער צוג זאָל שוין רירן. איך דאַרפט וויסן, — איך ווייס ניט פאַרוואָס דאָס איז — נאָר מיר דאַכט זיך, אַז ווען דער צוג גייט, פילט מען זיך עפּעס פרייער און זיכערער. ס'איז גאָר אַנדערש ווי ווען דער צוג שטייט. איך קלער, אַז דאָס מוז אָוואַדע זיין דערפאַר, וואָס ערשטנס; אויב דער צוג שטייט, איז פאַראַן אַ גרעסערע מעגלעכקייט, ס'זאָל אַריינקומען אַ זשאַנדאַרם און וואַרפן אַן אויגן אויף אַ פאַרדאַכט. און צווייטנס; וואָס דאַמאָלס הויבן די פּאַסאַזשירן זיך אָן צו באַקלאָגן וואָס דער צוג שטייט אַזוי לאַנג און אָפּטמאָל זידלען זיי, אַז ס'איז ניטאָ קיין אָרדנונג. און איר קאָנט זיך דאָך פאָרשטעלן, אַז אין מיין לאַגע האָב איך זיך ניט געקאָנט דערלויבן צו האָבן אַזאַ מיינונג. איך האָב, פאַרקערט, געמוזט פאַרטיידיקן די באַן־פאַרוואַלטונג; דערציילן, לעמאָשל, אַז אין אויסלאַנד, וואו איך

בין עטלעכע מאָל אין יאָר, שטייען די צוגן נאָך לענגער אויף די סטאַנ־ציעס ווי ביי אונז, און אַז איך פאַרגלייך מיט זיי, זענען די רוסישע צוגן פּינקטלעך, ווי אַ זייגער.

קורץ, דער צוג האָט ענדלעך גענומען רירן. אַלץ — ווי זאָגט מען עס — וואָס האָט אַ אָנהויב, האָט דאָך אויך אַ סוף. מיין שכן, וואָס האָט זיך געהאַט צוגעזעצט אַנטקעגן מיר, איז, ווייזט אויס ביין גע־וואָרן, וואָס איך האָב זיך ניט געלאָזט דערקאָנען, און איז אַוועק אין אַ צווייטער זייט וואַגאָן. זיין פּלאַץ האָט גלייך פאַרנומען אַ קליינער, יינגער אינגל. איך ווייס ניט, צי ער איז אַלט געוועזן גאַנצע צען יאָר. אַז אָפּגעריסענער, קימאַט אין הוילן לייב, איז ער געווען. אַז אַ העמד אפילע... ער איז געזעסן אומרואיק, האָט גענומען קוקן אונטער די בענק, ווי ער וואָלט געזוכט עפּעס און, דערזעענדיק מיינע צוויי קוישן, האָט ער אויפגעלויכטן און אַ שמייכל געטאָן צו מיר:

— דאָס זענען אייערע קוישן? — האָט ער, מיט אַ זיס, קינדעריש קעלכל, געפרעגט.

— וואָס איז דען? — האָב איך אים מיט אַ פראַגע געענטפערט, פליסנדיק זיך נאָכצומאַכן זיין זינגענדיקע שטימע.

ער האָט אומבאַקוועם אַ שמייכל געטאָן:

—איך... איך האָב ניט קיין בילעט... איך האָב ניט קיין געלט און מוז פאָרן אַ צוויי סטאַנציעס פון דאַנען. ווייל איך זיך באַהאַלטן פונם קאָנדוקטאָר... ווייל... טאָמער כאַפּט ער מיך, וועט ער מיך איבערגעבן צו די פאַרפלוכטע זשאַנדאַרן און.. מען וועט מיך דעמאָלט איבערשיקן מיטן עטאַפּ...

— עט, —האָב איך אים גענומען באַרואיקן. — אַזעלכע קינדער שיקט מען ניט מיטן עטאַפּ...

— אַזוי? — האָט ער זיך גענומען שפּאַרן מיט מיר. — ווייסט איר ניט וואָס איר רעדט... קאָנט איר ניט אונזערע זשאַנדאַרן... דאָס זענען דאָך הינט... ווילדע הינט. — האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט זיין קינדע־ריש הענטל אין טראַציקער אַנטוישונג.

איך בין געבליבן געפּלעפט:

— קאָן זיין, — האָב איך מאַסקים געווען. — איך האָב קיינמאָל ניט געהאַט צו טאָן מיט זיי. — האָב איך פאַרענדיקט.

— אַ, פרעגט מיך. איך קאָן שוין גוט די דאָזיקע בעוורע. שוין ניט איינמאָל זיך אָנגעטראָפן מיט זיי. — האָט ער, גאַדלעסדיק, אָנגע־וויזן מיט אַ פינגער אויף זיך.

ער האָט זיך ארונטערגעשטעלט אויף די קני, אויפגעהויבן דעם קאָפּ צו מיר און אַ זאָג געטאָן:

— איר וועט דאָך מיך ניט פאַרשיטן, האַ?...

איך האָב אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

ער איז ארונטערגעקראָכן אונטער דער באַנק, האָט זיך איינגענו־רעט און איינגעקאַרטשעט צווישן די קוישן און געבליבן ליגן שטיל.

באַלד האָט ער אַרויסגעשטעלט זיין קעפּל פון אונטער דער באַנק, אָנגע־רירט מיך ביים פוס און געבעטן:

— איר וועט דאָך מיר מיסטאָמע אָנזאָגן, ווען דער קאָנדוקטאָר וועט שוין האָבן דורכגעגאַנגען דעם וואַגאָן?!... צי וואָס זאָל איך אומ־זיסט ליגן אין דער שטיקעניש?!...

איך האָב אים צוגעזאָגט און ער איז אַ צופרידענער גלייך פאַר־שוואונדן אונטער דער באַנק.

דער אינגל איז שוין לאַנג אַרוים פון מיינע אויגן, אָבער זיין גע־שטאַלט האָט זיך נאָך אַלץ געוויקלט אין מיין געדאַנק. דאָס קינדערי־שע אין אים האָט זיך צונויפגעמישט מיט זיין דרייסטקייט, זיינע פּריי־לעך־לעבעדיקע אויגן — מיטן טרויער אויף זיינע ערנסטע ליפּן. איך האָב זיך געפּלייסט אָנצוהאַלטן זיין בילד אין מיין געדאַנק און דערביי גע־טראַכט: איז עס אַ וואַגאַבונדן־קינד, אָדער — אַ קליינער, רעוואָלטירנ־דיקער גייסט, וואָס זוכט אין לעבן עפּעס אויפרעגנדיקעס? אַנטלויפט ער עפּשער פון אַ בייזער שטיף־מוטער, אָדער פון אַ שיכורן פאָטער?... און, גלויבט מיר, וואָלט איך זיך דאַמאָלס ניט געווען געפונען אין אַזאַ מאָדנער לאַגע, וואָלט איך שוין געפּרוווט אויסגעפינען ווער און וואָס. ווי איר פאַרשטייט אָבער, האָב איך זיך אַזאַ זאַך ניט געקאָנט פאַרגי־נען, כאָטש עס האָט מיך ביז גאָר פאַראינטערעסירט.

איך בין אַזוי געזעסן פאַרטיפט אין מיינע געדאַנקען און אַלץ גע־טראַכט וועגן דעם אינגל מיט זיין ברוינער, אָפּגעברענטער הויט און מיטן צעשויבערטן, ווילדן קאָפּ האָר. איך האָב זיך אָפּגעקערט צום פענצטער, זיך געפּרוווט פאַרקוקן אויף די דורכשווימענדיקע זומערדי־קע רייפע פעלדער, וועלכע האָבן זיך אינדרויסן ראַכוועסדיק געשפּרייט און אויף וועלכע עס זענען געלעגן צעלייגט פוילע קי און מעלאַנכאָליש געמאַלעגיירעט. דאָס פעלד אָבער האָט מיך ווידער דערמאָנט אינם אינגל. עפּעס אַזאַ מאָדנע ענלעכקייט איז געווען אין זיי ביידן. איך האָב אַרויסגעשטויבט דעם אַש פון מיין ציגאַר און אָפּגעטרייסלט מיין געדאַנק. דער קאָנדוקטאָר איז אַריינגעגאַנגען אין וואַגאָן און איבער־געקוקט די בילעטן. ער האָט אויבערפלעכלעך אַ לייכטן קוק געטאָן אונטער דער באַנק, ווי איינער, וואָס וויל ניט געפינען און איז אַוועק מיט גלאָסענע לייכטע טריט, אויסשרייענדיק צעצויגן — פויל:

— וואַשי בילעטיקי!... וואַ־שי בי־לע־טי־קי!...

איך האָב זיך אַרונטערגעבויגן צו דער באַנק און אָנגעזאָגט דעם אינגל, אַז דער קאָנדוקטאָר איז שוין דורכגעגאַנגען און אַז ער, דער אינגל, קאָן שוין גאַנץ רואיק אַרויסקריכן פון באַהעלטעניש.

דער אינגל איז אַרויסגעקראָכן, מיר באַדאַנקט און אָנגעוואונטשן אַז איך זאָל זיך קיינמאָל ניט דאַרפן אָנטרעפן מיט קיין קאָנדוקטאָרן און אָוואָדע ניט מיט די כאַזערישע הינט, די זשאַנדאַרן.

איך האָב זיך דערפילט מאָדנע אומבאַקוועם און מיט אַ געמאַכ־טער קאַלטקייט אים אַ פרעג געטאָן:

— וואס האבן דיר די זשאנדארן אזעלכעס געטאן, וואס דו ביסט אזוי בייז אף זיי?... דו דארפסט דאך פארשטיין, — האב איך אים גע־נומען דערקלערן, — אז ווען ניט די זשאנדארן, וואלט דאך מאמעש אומעגלעך געווען דורכצופארן איין סטאנציע. גאנאווים און רויבער וואלטן דיך באפאלן אינמיטן העלן טאג, און מען וואלט ניט זיכער גע־ווען מיטן לעבן... אזוי, אבער, — איז עפעס אנדערש; מען קאן פארן רואיק און זיכער. מען ווייסט, אז הינטער דיר שטייט אימיצער וואס היט דיך, וואס פארטיידיקט דיך.

דער אינגל האט מיר געקוקט אין די אויגן און געשאקלט מיטן קאפ:

— יא, אבער דער אומגליק איז דאס, וואס אלעמאל ארעסטירן זיי נאר אומשולדיקע מענטשן. די עמעסע רויבער און גאנאווים כאפן זיי קיינמאל ניט!— האט ער מיט מיר ארגומענטירט, ווי ס'וואלט אים אין לעבן געגאנגען. — את, איך אליין, — האט ער מיטאמאל א ווייז געטאן אף מיר און צוגעגעבן. — איך קאנט דאך קיינמאל ניט וויסן וואס אין א מינוט שפעטער וועט זיין. א זשאנדאר קאן אף אייך יעדע מינוטווארפן א כשאד און אייך אויספרעגן ווער און וואס. אמאל אוואדע אייך ארעסטירן און פארשיקן, כאטש איר האט עפשער גאר קיין שום פארברעכן ניט באגאנגען...

איך האב אינסטינקטיוו א ציטער געטאן, אבער גלייך זיך גענו־מען באהערשן.

ער האט זיך א וויש געטאן איבערן נעזל, ווידער א קוק געטאן אף מיר און ווייטער, אבער שוין מיט א גאר אנדערן טאן, א פרעג גע־טאן:

— וואוהין אייגנטלעך פארט איר?... ווייט?...

— א, ניט ווייט.—האב איך מעכאניש אפגעענטפערט, ווי מען ענטפערט געוויינלעך א קינד, וועלכן מען האט ליב און וועלכער פיעסטשעט זיך.

— און פון וואנען? — האט ער ווייטער געפרעגט.

— א, פון ווייט. — האב איך, ווי פריער, אפגעענטפערט.

— און צוליב וואסערע געשעפטן? — האט ער גענומען מוטשען.

איך האב דערפילט, אז איך הויב אן בייז ווערן. איך האב אבער א שמייכל געטאן, גוטמוטיק א דראע געטאן מיט א פינגער אף אים און גענטפערט:

— הער, אינגעלע, אז דו וועסט אזוי אלץ וועלן וויסן, וועסטו נאך צו גיך אלט ווערן!...

ער האט פלינק אווארף געטאן א האנט צום שטערן, צוגעווארפן א מין סאלוט און איז אוועק אין קארידארל פון וואגאן. איך האב זיך אומגעקוקט, געזען ווי ער האט געעפנט די טיר פון וואגאן און זיך אוועקגעזעצט אף די טרעפלעך, מיט די בארוועסע פיס ארויסגעהאנגען אינדרויסן. באלד האט ער פון זיינע הויזן־קעשענעס ארויסגעראבלט

א שטיקל אפפאל פון א ניט־דערדרויכערטן פאפיראסל, פארדויכערט און — ווי עפעס רעכטס — געבלאזן דעם רויך אין רינגעלעך אריבער זיך.

אביסל שפעטער האט זיך דער צוג אפגעשטעלט ביי א סטאנציע. דער אינגל איז ארונטערגעשפרונגען און פארפאלן געווארן פון מיינע אויגן. איך האב אפגעאטעמט און זיך גענומען פארגעסן אן אים. מיין געמיט איז אבער מיטאמאל עפעס אזוי מאדנע שווער געווארן, אז איך האב זיך אזש קיין ארט ניט געקאנט געפינען. איך האב פאשעט ניט געקאנט איינזיצן אף מיין פלאץ. איינגאנצן איז מיר פארבליבן צו פארן בלויז א דריי סטאנציעס און איך האב דאס שוין געוואלט וואס גיכער איבערקומען. יעדע מינוט האט ביי מיר אויסגעזען ווי אן אייביקייט. עפעס אן אומבאשטימטער געפיל האט זיך צעלייגט אין מיר און מיך געשראקן. איך האב געדרויכערט קימאט אן אויפהער, אבער זיך בעשום אופן ניט געקאנט בארואיקן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער כאווער, וואס האט דערציילט, האט זיך אויפגעשטעלט פונם ברעג בעט, פארלייגט זיינע ביידע הענט צו זיך אפן קארק און, מיט א צעצויגענעם געניץ, גענומען בדייט ארומשפאנען איבער דער שטוב. מיר זענען געבליבן זיצן אף די ערטער, נאכגעקוקט זיין יעדע באוועגונג און געווארט, אז ער זאל פארענדיקן דערציילן. דערווייל האבן מיר אין דער גאנצער מייסע נאך ניט געהערט אזעלכעס, וואס זאל מיט עפעס בארעכטיקן זיין האס צו קינדער.

נאך עטלעכע מאל ארומשפאנען הין און צוריק, האט ער זיך אפגעשטעלט, א קוק געטאן אף אונז און, אפאנים, פארשטאנען אונזערע בליקן, זיך בדייט צעלאכט:

— וואס, איר האט זיך נאך אלץ ניט געכאפט? — האט ער מיט א לייכטן כויזעק א פרעג געטאן. — נו, אויב אזוי, וועל איך שוין, זעט אויס, אייך אלץ מוזן ארויסלייגן אפן טעלער...

ער האט זיך עטוואס אנגעבויגן אין פאראויס, אוועקגעלייגט זיינע ביידע הענט־דלאניעס אף די קניען, ווי דעקלעך, און — צושאקלענדיק מיטן קאפ קימאט צו יעדן ווארט — גענומען ווייטער דערציילן:

— יא... א פאר מינוטן שפעטער, איידער דער צוג האט גענומען אפגיין פון דער סטאנציע, וואו דער אינגל איז ארונטער, איז מיטאמאל ארויפגעקומען א זשאנדארם, צוזאמען מיטן אינגל. אין אנהויב האב איך אפילע געמיינט אז דאס האט אים דער זשאנדארם געפאקט און ארעסטירט פאר ארומשלעפן זיך. באלד אבער האב איך דערזען, אז איך האב א ביטערן טאעס געהאט. דער זשאנדארם, נאכדעם ווי ער איז מיך שוין געהאט פארבייגעגאנגען, האט זיך מיטאמאל אומגעקערט און זיך א ווענד געטאן צו מיר:

— זענען די קוישן אייערע, יונגערמאן?...

די פראגע איז געקומען אזוי אומגעריכט, אז איך האב זיך איינגאנצן פארלוירן.

— וואס זשע שווייגט איר, מען פרעגט דאך אייך?!... האט דער זשאנדארם — זענענדיק, אז איך שווייג — נאכאמאל א פרעג געטאן. — זענען די קוישן אייערע?...

— ניין! — האב איך פעסט און אנטשלאסן געענטפערט. — נים מיינע!

ער איז צוגעגאנגען נענטער צו מיר, מיך שארף אנגעקוקט און, ניט געקוקט אף מיינע שארפע פראטעסטן, מיך גענומען אפן שטעל באזוכן. ער האט פון מיין קעשענע ארויסגענומען א בינטל שליסעלער, געווארפן זיי ארויף און אראפ אין דער האנט און, שטומערהייט צוגע־שמייכלט, ווי ער וואלט געזאגט:

— אבער די שליסעלער זענען דאך יא אייערע?!....

איך האב געשוויגן.

ער האט זיך גלייך אווענד געטאן צום אינגל:

— אונטער די־א קוישן ביסטן דאס געלעגן באהאלטן?...

— או־הום! — האט דער אינגל טרוקן א ברום געטאן און אנ־געוויזן מיט א פינגער אף מיינע קוישן, אז עס זאל קיין צווייפל נים זיין. — יא, אונטער די זעלביקע קוישן!....

דער זשאנדארם האט א דריי געטאן זיין געדיכטע וואנצע:

— נו, יונגערמאן, זאגט זשע מיר, איך בעט אייך, וואס אזעלכעס האט איר דאס אין די קוישן, וועלכע קאנען אזוי גוט פארדעקן א אינגל, וואס וויל פארן אן א בילעט? — האט ער איראניש מיך געפרעגט און זיך דערביי נאך אלץ געשפילט מיט די שליסעלער.

איך האב זיך געפרואווט אפראטעווען:

—א, גארניט. קליידונג און . . . מוסטערן.—האב איך מיט א גע־מאכטער זיכערקייט פעסט אפגעענטפערט.

— אזוי... גארניט... קליידונג און מוסטערן... — האט ער טרוקן איבערגעכאזערט. —עס וועט אבער, דאכט זיך, ניט שאטן א קוק צו טאן. ווי זאגט איר? —

ער האט א וואונק געטאן צום אינגל. יענער איז פלינק צוגע־שפרונגען, זיך ארונטערגעשטעלט אף זיינע קני און ארויסגערוקט די קוישן פון אונטער דער באנק. געטאן האט ער דאס אלץ מיט אזא באַ־זונדערער פלייסיקייט, אז ביי מיר איז שוין גאר קיין צווייפל ניט פאר־בליבן. איך האב ארונטערגעלאזט מיינע בליקן און באמערקט: אין איין קויש איז געווען אויסגעשניטן א גרויסער לאך און פון דארט האבן ארויסגעסטארטשעט עטלעכע צעשויבערטע בלעטלעך פון די רויט־גע־דרוקטע פראקלאמאציעס, וואס איך האב צווישן מיינע זאכן געהאלטן. איך האב א קוק געטאן אפן אינגל, — פון זיינע קעשענעס האבן אויך ארויסגעקוקט עטלעכע אזעלכע בלעטלעך.

אף דער צווייטער סטאנציע האט דער זשאנדארם מיך ארונטער־גענומען פון וואגאן און אריינגעפירט אין עפעס א צימערל. שטייענדיק ביי דער טיר נאך, האט דער אינגל — ווי פריער — א ווארף געטאן די

האנט צום שטערן, געמאכט א סאלוט און, גלייכגילטיק, פונקט ווי ניט אים מיינט מען, צו מיר א זאג געטאן:

— נו, איצט זעט איר שוין... איך האב אייך אבער פריער געזאגט, אז מען קאן קיינמאל ניט וויסן ווען א זשאנדארם וועט אף אייך ווארפן א כשאד און ארעסטירן... אט...

— גערעכט! — האט זיך דער זשאנדארם ווי נערייצט מיט מיר. —און איר זאלט דאס צווייטע מאל פארזיכטיק זיין און ניט ארונטערלאזן קיין אומבאקאנטע אינגלעך אונטער אייערע קוישן זיך צו באהאלטן. איר פארשטייט... אומבאקאנטע אינגלעך.. .ווער ווייסט ווער זיי זענען...

איך האב געשוויגן. אין מיין מויעד האבן זיך געפלאנטערט ווילדע געדאנקען און איך האב זיך מיטאמאל צעשמייכלט. איך האב זיך דערמאנט אין א ווערטל, אז דארט וואו עס דארף קומען א שלאנג, גייט שטענדיק פאראויס א יאשטשערקע. איך האב געקוקט אפן אינגל און פארביסן די ציין.

ווען דער זשאנדארם האט שוין געהאט פארענדיקט זיין פראטאקאל און מיך גענומען אוועקפירן, האב איך זיך נאכאמאל אומגעקוקט אפן אינגל, וואס האט זיך — ווי א היימישער — ארומגעדרייט איבערן וואקזאלעכל. איך האב זיך געפרואווט פארשטעלן זיין ארימע, אויסגעהונגערטע היים און זיך געפרואווט דערטראכטן דערצו, וואס אזעלכעס עס האט אים, אין זיין פריער יוגנט, געבראכט, אז ער זאל אנהויבן פאראטן זיין קלאס. איך האב זיך אבער צו גארניט ניט געקאנט דערטראכטן. מיינע געדאנקען זענען געווען לויז און צעשוואוּמען.

איך בין, פארשטייט זיך, פארשיקט געווארן. דאס איז שוין אגעוו געווען ביי מיר ניט דאס ערשטע און ניט דאס לעצטע מאל. א צייט איז שוין פארלאפן. דעם אינגל קאן איך אבער ביז היינטיקן טאג ניט פארגעסן. ווען איך דערזע נאר קינדער, מעג זיין אפילע ביי זייער אומשולדיקער שפיל, אזוי באפאלט מיך גלייך א צווייפל. איך ווער צעוויטיקט און טראכט:

„עך, יונגער דאר אונזערער!... וויפל האפנונגען מיר ליגן דאס אף דיר און דאך... וויפל אנטוישונגען דו קאנסט ברענגען”...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער כאוווער איז אנטשוויגן געווארן און—אן אויפגערעגטער—זיך גענומען ארומדרייען איבערן צימערל. מיר זענען געבליבן זיצן שטיל און אומבאוועגלעך, פונקט ווי מיר וואלטן מוירע געהאט אויפצורעגן דעם דערציילער.

אינדרויסן האט א פייערדיקע זון זיך אנגעהויבן זעצן אף א פיאלעטעווע-צעגליטן הימל. ביי אונז, אין האטעל-צימערל, איז נאך אלץ געהאנגען א פארוואלקנט-געדריקטע אומהיימלעכקייט . . .

# אַריינגעפאַלן

(פון דער סעריע: „אונטערוועגנס")



די עטלעכע שאָ, וואָס מיר דריי כאַווירים, האָבן געדאַרפט זיצן אינם קליינשטעטלדיקן האָטעלכל און וואַרטן ביז אין אָוונט, ביז דער צייט ווען דער איינציקער צוג וועט אָנקומען און אונז צוריק אָפּפירן אין דער גרויסער שטאָט אריין, — האָבן פאַר אונז אויסגעזען אומדערטרעגלעך־לאַנג — ניט צום איבערטראָגן.

די עטלעכע שאָ האָבן זיך אָבער סאָף קאָל סאָף געענדיקט. מיר האָבן זיך אויפגעזעצט אַף אַ בריטשקעלע, וואָס אַ באַלעגאָלע, נאָר וואָס פון דער שאַבעסדיקער האַוודאָלע אַרויס, האָט — אַ פאַרשלאָפענער — אָנגעטריבן, און מיר האָבן זיך גענומען שלעפּן מיט אַ מאָדנער מוירעדיקער לאַנגווייל דורך די עטלעכע וויאָרסט, וואָס פונם האָטעלכל ביז צום וואָקזאַל.

פאַרוואָס אייגנטלעך אַף אונז איז אויסגעפאַלן אַזאַ מוירע, איז שווער צו באַשטימען. די גאַנצע קאָנספּיראַטיווע אַרבעט, וואָס מיר האָבן געהאַט צו באַזאָרגן, איז שוין געווען אָפּגעטאָן. קיין שום זאַך וואָס זאָל אונז קאָמפּראָמענטירן, האָבן מיר ביי זיך ניט געהאַט. און ווען עס זאָל אַפילע דער פּאָליציי, אָדער דער זשאַנדאַרמעריע יאָ געווען איינפאַלן צו מאַכן אַן איבערפאַל אַף אונז, — וואָלטן זיי ביי אונז סיי ווי גאָרניט ניט געפונען. מיר זענען געפאָרן ווי קאָשערע און עמעסלייטישע מענטשן. אונזערע פּאַפּירן — אין בעסטער אָרדנונג. קיין שום זשאַנדאַרם אַף דער וועלט וואָלט אַף אונזערע פּאַספּאָרטן קיין שום פּגימע ניט געקאָנט געפינען.

צום וואָקזאַל זענען מיר אָנגעקומען גאַנץ פרי. דער נאַטשאַלניק פון דער סטאַנציע האָט אונז נאָך צוגעזאָלצן, בעאיים ער האָט אונז אָנגעזאָגט די בסורע, אַז דער צוג וועט אָנקומען מיט אַ פאַרשפּעטיקונג.

אומגעדולדיקע האָבן מיר זיך אַרומגעדרייט אינם טונקל־באַלויכטענעם וואָקזאַלעכל, עטלעכע מאָל אַרויסגעגאַנגען אַפן פרעאַן און געקוקט אין דער שטיפער, פינצטערער ווייטקייט; זיך איינגעהערט אין דער שטומער, ווייטער שטילקייט, וואָס האָט אינדרויסן גערוט, און מיט בענקשאַפט זיך די אויגן אויסגעקוקט, זוכנדיק דאָס אָנקומען פונם לאַנג־דערוואַרטעטן צוג.

ענדלעך האָט זיך פון ווייטן דערטראָגן דער צוזאַגנדיקער געזשום. עס האָבן זיך דערזען די צוויי מוירעדיק־בלאַנקענדיקע אויגן, וואָס האָ־

בן זיך געצאפלט אין דער אומבאשטימטער ווייטער פינצטערניש און פון צייט צו צייט א ווארף געטאן א פאס ליכט, וואס האט אויסגעזען ווי א באלויכטענע שלאנג, בלייבנדיק שטעקן אין דער געדיכטעניש פון דעם שווארצן וועלדל, ערגעץ ביים זייט וועג. באלד האט זיך די ליכט, סנאפעסווייז, א גאס געטאן אף אונזער וואקזאלעכל און ס'איז געווארן לעבעדיק. דאס שווערע סאפען פונם לויפנדיקן לאקאמאטיוו האט זיך דערנענטערט. ער האט גרילצנדיק א סקריפ געטאן און...

דער גלאק, וואס אף דער וואנט פונם וואקזאלעכל, האט אפגעברומט צוויי מאנאטאנע קלאנגען, וואס זענען זיך צעפאלן ארום און ארום, ווי זיי וואלטן געזוכט עפעס א וועג אנטרינען צו ווערן.

מיר זענען צו צום ערשטן בעסטן וואגאן, וואס האט זיך געשטעלט אנטקעגן אונז. דער קאנדוקטאר האט זייטיק א קוק געטאן אף אונזערע בילעטן, א פאכע געטאן מיט זיין פיל־קאלירטן לעמפל אין אלע זייטן און עפעס א ברום געטאן. פון ווייטן האבן געפינקלט רויטע און גרינע ענטפערס. דער לאקאמאטיוו, וואס איז אוודע געשטאנען גאנץ ווייט פון אונז און זיך מיסטאמע אנגעטרונקען פאר זיין ווייטער רייזע, האט שווער געסאפעט אין דער נאכט אריין. ערגעץ אין א צווייטער זייט האט אימיצער אויסגעצויגן א ברייטן גענעץ. אין דער לופט האט געבלאנדזשעט א פוסטער, צעצויגענער א־הא און איז באגעגנט געווארן מיט עטלעכע, פונקט אזעלכע צעצויגענע עכאס. באלד האט זיך אין דער נאכט צעצאפלט נאך א קלונג און דער צוג האט זיך גענומען רירן.

אין וואגאן איז שטיל געווען. קיין פארער, אויסער אונז, זענען ניט געווען. ווייזט אויס, אז פון די ארומיקע שטעטלעך, וואס זענען דאס ראוו אידישע, רירן זיך די איינוואוינער ניט ארויס פון זייערע היימען אין די שווערע שאבעס־צו־נאכטן.

אינדרויסן איז געהאנגען א שווערע און שווארצע נאכט, ווי אין אנהויב כוידעש. דורך די וואגאן־פענצטערלעך האבן צו אונז אריינגעקוקט שווארצע פארביילויפנדיקע וועלדלעך. יעדע ווייל האט זיך אויסגעדאכט, אז אונזער צוג רוקט זיך אריין אין עפעס אזא געדיכטער פינצטערניש, פון וועלכער מען קאן זיך שוין קיינמאל ניט ארויסרייסן. איך בין געזעסן, געקוקט אף מיינע אנדערע כאוויירים און געפרואווט טרעפן וועגן וואס זיי טראכטן. זייערע פענימער — שטייפע — האבן, לויט מיין מיינונג, אויסגעדריקט א בענקשאפט נאך עפעס אזעלכעס, וואס זאל דערהארגענען דעם שווערן אומעט, וואס האט אונז פארוויגט.

איינער פון זיי האט זיך אנגעגענט מיט מיינע בליקן און א באוועג געטאן מיט זיינע ליפן. איך האב פארשטאנען, אז דאס וויל ער מיר פארשלאגן, אז אויך איך זאל דערציילן עפעס פון מיינע רעוואלוציאנערע דערפארונגען, אזוי ווי זיי האבן דאס געטאן אין די פארגאנגענע אוונטן. איך האב א הויב געטאן מיין האנט, געגעבן א צייכן מיין כאווער, אז ער זאל ניט ריידן און אז איך וועל באלד דער־

ציילן. איך האב צוזאמענגענומען מיינע גערענקען, האב זיך אוועקגע־זעצט אין א ווינקל, אזוי, אז איך זאל ניט זען דעם פינצטערן דרויסן און האב גלייך אנגעהויבן:

— איר ווייסט, כאוויירים, — האב איך שטיל גערעדט, —נאך עט־לעכע יאר זיין אין דער באוועגונג, האב איך אנגעהויבן פארפאלגט צו ווערן פון א מאדנער שרעק, אז איך האב זיך קיין ארט ניט געקענט גע־פינען. און ווייסט איר פארוואס?... פאשעט פאר איין קלייניקייט. שטעלט זיך פאר; די גאנצע צייט, וואס איך בין געווען טעטיק אין דער אומלעגאלער ארבעט, האב איך זיך ניט געקאנט באריםען מיט קיין איינציקן ארעסט. אלעמאל, אין די גרעסטע געפארן, האט עס מיר אונטערגעשפילט און איך האב זיך ארויסגעדרייט. עפעס פונקט ווי דער טייוול וואלט מיך אפגעהיט, אז איך זאל ניט אריינפאלן.

און ווייסט איר, כאוויירים, ווי אומבאקוועם אזא זאך איז?... ווייסט איר ווי שווער עס פילט זיך א מענטש, וואס איז א טוער אין דער רעוואלוציאנערער באוועגונג, בעאיים ארום אים ווערן אלע כאוויי־רים צו צענדליקער מאל ארעסטירט, פארשיקט אין סיביר, פארוואפן אין קאזעמאטן, און דיך — ווי אף צו לעהאכעס — נעמט ניט דער טייוול?...

יא, דער דאזיקער צושטאנד האט אף מיר אזוי שווער געווירקט, אז איך פלעג אפטמאל קוקן אף מיינע כאוויירים און טראכטן, אז זיי קוקן אף מיר מיט אומצוטרוי. בעעמעס; א מענטש איז אין דער בא־וועגונג, טוט פארשידענע ארבעט און דרייט זיך ארום ווי מיט עפעס א קאמייע, אז קיין פאליציייסקע האנט האט קיין שום שליטע ניט איבער אים...

ס'זענען, גלויבט מיר, געווען צייטן, וואס איך בין פאשעט ארומ־געגאנגען ווי מעשוגע איבער דעם. וואס הייסט, — האב איך זיך גע־טראכט, — וואס וועט טאקע זיין, אויב די פארטיי גיט אמאל א טראכט וועגן דעם, נעמט מיך אויספרעגן וועגן דער אורזאך פארוואס איך דריי זיך עס אלעמאל ארום בעאיים... נו, וואס וואלט איך דאן געקאנט ענטפערן?...

יא, דער איניען האט מיך פארפאלגט און מיר קיין רו ניט געגעבן. איך האב אנגעהויבן אנווענדן אלערליי מיטלען אף אריינצעפאלן. עפעס א מאניע האט מיך ארומגעכאפט, אז איך מוז זען ארעסטירט צו ווערן. אפטמאל, אז מען האט מיר איבערגעגעבן א לייכטע און ניט זייער קיין פאראנטוואָרטלעכע ארבעט, בין איך זיך מוידע, האב איך זיך ניט גע־היט ווי עס דארף צו זיין מיט איר.

אבער עס האט גארניט ניט געהאלפן. איך ווייס ניט ווי אזא צושטאנד וואלט געווירקט אף אנדערע, נאר אף מיר האט דאס גע־ווירקט נאר שלעכט. איך האב אנגעהויבן קוקן אף זיך אליין מיט אומצוטרוי. און שטעלט אייך נאר פאר מיין לאגע; עס איז אפילע

ניט געווען ביי וועמען א וואָרט צו פֿרעגן. פֿון אַן אייציע האַלטן — איז אַפּגערעדט. מען וואָלט דאָך מיך געווען פּאַשעט אויסגעלאַכט. און מיר האָט זיך אַזוי שטאַרק געוואָלט אַרעסטירט ווערן!... איך זאָג אייך, איך האָב שוין פּאַשעט געוואָלט האָבן דעם קאַוועד פֿון זיצן אין אַ צאַ־רישער טורמע. איך האָב געוואָלט האָבן אויף מיין רעקאָרד, אַז איך בין געווען פֿאַרשפּאַרט נו, כאָטש אַ דריי־פֿיר כאַדאָשים. אָבער אַז עס גייט ניט — איז דאָך ניט שייך...

איך האָב אָבער אַלץ ניט אויפֿגעגעבן מיין האָפֿנונג. איך פֿלעג — ווען נאָר איך האָב מיט זיך געהאַט ניט קיין גאָר געפֿערלעכע פּאַפּירן — בעסיוון עטלעכע מאָל פֿאַרבייגייען דעם פּאָליציי־צירקל, קוקן כוצפּע־דיק אין די זשאַנדאַרמסקע מאָרדעס אַריין, מיט דער האָפֿנונג אַלץ, אַז עפּשער. עפּשער...

אָבער אויך דאָס האָט ניט געהאָלפֿן.

פֿון געהיימע פֿאַרזאַמלונגען פֿלעג איך עקסטרע דער לעצטער אוועקגיין. אַלץ מיט דער איינציקער האָפֿנונג, טאָמער וועט מען נאָך מאַכן אַן איבערפֿאַל און מען וועט מיך פֿאַרנעמען. אָבער ווי אויף צו לעהאַכעס, וואו און ווען איך בין נאָר געווען אויף אַ פֿאַרזאַמלונג, איז קיינער ניט געקומען און מען האָט קיינעם ניט אַרעסטירט.

איינמאָל איז מען יאָ איבערגעפֿאַלן אַ פּלאַץ, וואו מיר האָבן גע־האַט אַ געהיימע פֿאַרזאַמלונג. גלייבט מיר, איך האָב לייכט אָפּגעאָ־טעמט, ווען די פּאָליציי האָט גענומען קלאַפּן אין טיר. איך האָב זיך געטראַכט: אָט איצט קומט שוין אַ סאָף צו מיינע לײדן. שטעלט זיך אָבער פֿאָר מיין קרענקונג, ווען אַ כאַווערטע האָט מיך אַ כאַפּ געטאָן אונטערן אָרים און, נאָך איידער איך האָב זיך באַוויזן אומצוקוקן, בין איך שוין, צוזאַמען מיט איר און נאָך עטלעכע כאַווײרים, געווען אינ־דרויסן; דורך אַ פֿענצטער און אויף דער צווייטער זייט טויער.

דער איניען האָט מיך אָנגעהויבן קאָסטן געזונט. שלאָפֿלאָזע נעכט און אומרואיקע טעג האָבן מיך ווי אין אַ קאָשמאַר געהאַלטן גע־פּענטעט. איך האָב ניט געהאַט קיין שום רו און אַלץ געטראַכט וועגן מיין אומגליקלעכן מאַזל.

אַז איך האָב געזען עס העלפֿט גאָרניט, איז מיר איינגעפֿאַלן אַזאַ זאַך:

איך האָב דערלאַנגט אויף זיך אַליין אַ מסירע.

יאָ־יאָ, פּאַשעט גענומען און דערלאַנגט אויף זיך אַ מסירע צו דער פּאָליציי.

געקראָגן אַ גרויסן, אָפֿיציעלן בויגן פּאַפּיר, אַזאַ וואָס מען שרייבט פּראָשעניעס, האָב איך זיך ביינאַכט אוועקגעזעצט ביי זיך אין צימער און, ווי אַ געניטער פּראָשעניע־שרייבער, גענומען אויסצאַצקען אַ מע־סירעלע, וואָס איך בין זיכער געווען אַז עס וועט נעמען. איך האָב גע־לאָזט וויסן, אַז איך בין אַ געפֿערלעכער רעוואָלוציאָנער, אַז ביי מיר

אין צימער געפֿינען זיך באָמבעס, געווער און אַ גאַנצע דרוקעריי. אַז ביי מיר קומען זיך איינמאָל אין וואָך צונויף די געפֿערלעכסטע אַנטלאָפֿענע רעוואָלוציאָנערן, וואָס באַשליסן רעוואָלוציאָנערע אַקציעס און צעשיקן ליטעראַטור איבערן גאַנצן לאַנד. פֿון אונטן, אונטער אַלעמען, האָב איך נאָך מיט קליינע אויסיעס צוגעגעבן, אַז אויב מען וועט אַזאַ לאָזן אַף דער פֿריי, וועט עס זיין אַ פֿאַרברעכן קעגן דער ציוויליזירטער וועלט. אונטערגעשריבן האָב איך, פֿאַרשטייט זיך, אַ אויסגעטראַכטן נאָמען און אַוועקגעלייגט דעם בריוו.

אַוועקגעלייגט דעם בריוו, האָב איך זיך מיטאָמאָל אַ באַרעכן געטאָן: וואָס הייסט?... וואָס האָב איך דאָ אָפּגעטאָן פֿאַר אַ שטיקל אַרבעט?... עס קאָן דאָך גרייַלעך געמאָלט זיין, — האָב איך געטראַכט, — אַז די כעווּרע זאָלן טאַקע אומגעריכט זיך אַריינכאַפּן צו מיר און געפֿינען ביי מיר אַזעלכע זאַכן, וואָס וואָלטן ניט נאָר מיך אַליין פֿאַרשאַטן, נאָר טאַקע פֿיל אַנדערע כאַווירים מיינע. און דאָס, דאָס האָב איך דאָך, פֿאַרשטייט זיך, ניט געוואָלט דערלאָזן. איך האָב זיך דעררייבער גלייך גענומען אויסרייניקן דאָס הויז. אָבער אַזוי אויסרייניקן, אַז קיין שום זאַך, וואָס האָט געקאָנט וואַרפֿן דעם מינדסטן כשאַד אַף מיר, איז ניט פֿאַרבליבן. אַלע אין שטוב האָבן געאַרבעט. דער פֿאָטער, די מוטער, אַ ברודער און אַפֿילע מיין צען יאָריקע שוועסטערל. אַלע, אַלע האָבן געזוכט און גענישטערט. די זאַכן וואָס איך האָב געפֿונען פֿאַר נויטיק, האָט מען איינגאַנצן פֿאַרברענט. דאָס איבעריקע האָב איך אַוועקגעטראָגן צו אַ כאַווער, וואָס האָט געוואָוינט ניט ווייט פֿון מיר. האַקלאַל, ביי מיר אין שטוב איז גאָרניט ניט געבליבן.

אינמיטן נאַכט האָט מען גענומען קלאַפּן אין טיר. מיר האָבן גלייך געעפֿנט און אַריינגעלאָזט דעם סטרוזש מיט עטלעכע פּאָליציאַנטן, צוזאַמען מיטן פּריסטאַוו פֿון אונזער צירקל. נאָכן אַריינקומען אין שטוב — האָבן זיך די פּאָליציאַנטן גלייך צעשטעלט ביי די טירן און פֿענצטער מיט די הוילע רעוואָלווערן אין די הענט. אַנדערע האָבן גענומען זוכן. זיי האָבן איבערגעקערט אַלץ וואָס איז נאָר אין שטוב געווען. זיי האָבן איבערגעדרייט די בעטן מיט די מאַטראַצן, צעשאָטן די וועש פֿון קאָמאָדע און די קליידער אין שאַנק. אַלץ וואָס איז געווען אין שטוב האָבן זיי אָנגעוואָרפֿן אין אַ קופּע אַף דער ערד אינמיטן שטוב. דערנאָך האָבן זיי יעדן איינציקן פֿון אונז באַזוכט און ניט דורכגעלאָזט קיין טייל אינם קערפּער, וואו זיי זאָלן ניט האָבן דורכגענישטערט. זייער אַרבעט איז אָבער געווען בעכינעם. אָפּגעאַרבעט אַזוי איבער צוויי שאָ, האָט זיך דער פּריסטאַוו צוגעזעצט אַף אַ בענקל, געהייסן די פּאָליציאַנטן אַריינלייגן זייערע רעוואָלווערן אין די שיידלעך, אונז געגעבן אַ צייכן, אַז מיר מעגן זיך אויך צוזעצן און גענומען אויספֿרעגן אונזערע נעמען. דערביי האָט ער געקוקט אין אַ פּאַפּיר און אַלץ געהאַלטן אין איין ברומען:

—אַט, סקאַטינעס!... דערלאַנגען אַ מסירע אַף אומשולדיקע מענטשן!... געהערט אַזאַ זאַך — האָט ער זיך אַ וועגד געטאָן צו מיין פאַטער, — איר מוזט דאָ אַוואַדע האָבן אַ מאַסע סאָנים, איר, אָדער אייער זון...

ער האָט ניט דערערדט. דער פאַטער מיינער האָט זיך פאַרנויגט פאַרן פּריסטאַוו. איך אַליין בין געזעסן שטיל, אונטערגעשמייכלט אין זיך און געשוויגן.

זיי זענען אַוועק. מיר האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט און—שווייגנדיק — גענומען צוריקלייגן די אַלע אָנגעוואָרפענע זאַכן צוריק אַף זייערע פּלעצער. דער פאַטער האָט זיך דערביי געכאַפּט, אַז עס פעלט ביי אים אַ גאַנצע פּושקע מיט היימיש־געמאַכטע פּאַפּיראָסן און די מוטער—אַז עס איז פאַרלוירן געגאַנגען אַ מעשענער שטויסל, עטלעכע ווייסע העמדער און נאָך עטלעכע שטוב־זאַכן.

איך בין ארומגעגאַנגען און זיך ווידער געבראָכן דעם קאָפּ וואָס צו טאָן. איצט איז שוין ביי מיר קיין שום ספק ניט געווען, אַז מיך פאַרפאָלגט אַ מאָניע. אַבער באַפרייען זיך פון איר האָב איך פאָרט ניט געקאָנט.

דערווייל איז אונטערגעקומען די צוגרייטונג פאַרן ערשטן מאַי.

איך האָב זיך אַליין ארויסגעשטעלט אָנצונעמען קלעפּן פּראָקלאַ־מאַציעס אַף די טעלעפאָן־סלופּעס אין אונזער געגנט. געהאַפט האָב איך דערביי, אַז עפּשער וועט מיך דאָך אַ גליק טרעפן און אַ פּאָליציאַנט וועט מיך פאַקן דערביי. אָט — האָב איך געוואוסט — עס טרעפן זיך דאָך אַזויפיל אַרעסטן ביי דער דאָזיקער אַרבעט...

איך האָב זיך גענומען גרייטן צום ערשטן מאַי מיט גרויס פרייד. איך האָב, נאַטירלעך, פון שטוב אַלץ ארויסגענומען. איך האָב מוירע געהאַט, אַז אויב מען וועט מיך אַרעסטירן, וועט מען דאָך מיסטאָמע אהיימגיין צו מיר אין שטוב און מאַכן אַן איבערקערעניש. און איך האָב בשום אופן ניט געוואָלט, אַז מען זאָל ביי מיר אין שטוב געפינען אַ נאָמען פון אַ כאַווער, אָדער אַנדערע וויכטיקע פּאַפּירן, וואָס וואָלטן געקאָנט שאַדן ברענגען דער פּאַרטיי. איך האָב געוואָלט זיין אַרעס־טירט איינער אַליין און בלויז פאַר דער איינציקער זינד פון קלעפּן ערשטער־מאַי־פּראָקלאַמאַציעס.

איבערגעבן אייך מיט וואָס פאַר אַ פרייד איך האָב פאַרטאָג, אַ טאָג פאַרן ערשטן מאַי, גענומען מיין פּעקל מיט פּאַפּירלעך, דעם טאָפּ מיטן קלעי און די שמיר־באַרשט — איז אומעגלעך. דאָס קאָנט איר זיך עפּשער אַליין פאָרשטעלן. איך זאָג אייך בלויז, אַז איך בין דערצו געגאַנגען אַ טאַנצנדיקער און פריילעכער. איך האָב געהאָפט און בין קימאַט זיכער געווען, אַז דאָס איז דער לעצטער טאָג, וואָס איך בין אַף דער פריי; אַז נאָך היינט וועל איך זיצן אין טפיסע און די זשאַנדאַרן וועלן זיך פלייסן עפּעס ארויסצוקריגן פון מיר. איך האָב שוין גע־

פילט ווי איך ווער באַפרייט פונם וווּנטיק און פאַרדרוס, וואָס האָט מיך די גאַנצע צייט געפּרעסט. איך האָב געקלעפּט מיינע פּראָקלאַמאַציעס אויף אַפענע גאַסן און מיט האַפענונג געקוקט, צי גייט נאָך ניט, צי קומט נאָך ניט אַן פון ערגעץ אַ פּאָליציאַנט.

היינט שטעלט זיך פאַר מיין פרייד, בעאַיים איך האָב דערזען, אַז עס רוקט זיך צו מיר עפּעס אַזאַ דיקער, גרויס־וואָנצעדיקער און קליין־אויגיקער נעפּעש אין פּאָליציייסקע קליידער; בעאַיים איך האָב געזען, ווי ער האַלט זיין האַנט אויפן רעוואָלוער־הענטל, גרייט צו מאַכן אַן אָנפאַל אויף מיר. איך זאָג אייך, טאַנצן האָב איך אַזש געוואָלט פאַר גרויס פרייד.

איך בין, פאַרשטייט זיך, ניט אַנטלאָפן. איך בין, ווי פריער, געבליבן שטיין לעבן סלופּ און ווייטער געקלעפּט די פּראָקלאַמאַציע, וואַרטנדיק, אַז ער זאָל שוין ענדלעך צוקומען.

און ער איז צוגעקומען. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט הינטער מיר, זיך אויפגעהויבן אויף די שפּיץ־פינגער, צו זען וואָס איך טו און נאָכדעם, ווי ער האָט אַ ווייל געשוויגן, האָט ער מיך מיטאַמאָל אַ פרעג געטאָן:

— און וואָס אַ שטייגער טוט דאָ אַ יונגערמאַן?....

— אַ, איך קלעפּ אַ פּאַפּירל. — האָב איך דרייסט געענטפערט.

— און וואָס פאַר אַ פּאַפּירל איז דאָס אַזעלכעס? — האָט ער אין איינענעם טאָן ווי פריער אַ פרעג געטאָן. — מעג איך עפּשער אויך וויסן?...

ער האָט דאָס געפרעגט אין אַזאַ צעקראָכן־לעפּישן טאָן, אַז מיך האָט זיך מיטאַמאָל פאַרגלוסט זיך אַ ווייל טאָן מיט אים. איך האָב אים אָפּגעענטפערט:

— זיכער קאָנט איר וויסן, זיכער... דאָס דאָזיקע פּאַפּירל איז אַזאַ אויפרוף, אַז אַלע אידן זאָלן היינט קומען אין שול אריין דאַווענען. פאַרשטייסט, ס'איז היינט אַ גרויסער אידישער יאָנטעוו...

איך האָב אים דערלאַנגט אַזאַ פּראָקלאַמאַציע און געוואַרט וואָס עס וועט געשען. ער האָט זי פויל אַ דריי געטאָן אַרויף און אַראָפּ, אַיבערגעקערט עטלעכע מאָל, ווי איינער, וואָס וויל גאָר עפּעס אַנדערש און אַ זאָג געטאָן:

— דאַ־אַס... ס'זעט, אַפּאַנים, טאַקע אויס אַ קאָשערע זאַך. אַנדערש וואָלט איר דאָך מיסטאָמע געפּרוּווט אַנטלויפן... הייסט עס, אַ אידישער יאָנטעוו היינט? !...

ער האָט אַרויסגענומען פון מיין האַנט דאָס האַלבע קערבל, וואָס איך האָב, אַליין ניט־וויסנדיק ווי אַזוי, אַרויסגענומען פון מיין קעשענע און אים דערלאַנגט. ער האָט זיך פאַרגעזעגנט פאַר מיר און אַוועק מיט געמאָסטענע און שווערע טריט.

איך בין געבליבן שטיין אַ געפּלעפּטער און ניט געוואוסט וואָס איך זאָל ווייטער טאָן. עפּעס האָט זיך מיר מיטאַמאָל פאַרוואָלט אים נאָכלויפן און שרייען, אַז איך האָב אים אָפּגענאַרט; זאָגן, אַז דאָס איז

נאר א פארבאטענע פראקלאמאציע און אז ער דארף מיך ארעסטירן דערפאר. איך האב עס אבער ניט געטאן. איך האב זיך באַרעכנט, אז דאס וואלט געהייסן א דיסציפלין־ברוך קעגן דער פארטיי און אויסער דעם עפשער אויך א גרויסע נארישקייט.

איך האב דעריבער ווייטער געקלעפט די פראקלאמאציעס און שוין מער ניט געטראכט וועגן ארעסטירט צו ווערן. איך האב זיך פאשעט אונטערגעגעבן מיין אומגליקלעכן מאזל און בין ווידער געבלי־בן אף דער פריי.

אבער מיין סאף איז דאך געקומען. געקומען, עמעס אינגאנצן אומגעריכט און איבערהויפט אין אזא צייט, וואס איז פאר מיר צו טייער געווען.

ס'איז געווען אין דער צייט, ווען ביי מיר אין קאפ האבן זיך אנ־געהויבן ארייננצוגאנווענען די ספייקעס, צי איז די פארטיי, צו וועלכער איך האב דאן געהערט, די עמעס־פראלעטארישע; צי איז זי בעעמעס ניט צופיל פארזונקען אין נאציאנאליסטישן שאוויניזם, וואס פאר־טונקלט דעם ריינעם קלאסן־באוואוסטזיין ביי די אידישע ארבעטער, אזוי ווי דאס האט אונז קעסיידער פארגעווארפן די רעוואלוציאנערע פארטיי, צו וועלכער איך געהער איצט מיט אייך צוזאמען.

אט, אין יענער צייט, ווען איך האב זיך ארומגעטראגן מיט מיינע ספייקעס; ווען איך האב זיך שוין געהאט צוריקגעצויגן פון אלע ארבע־טן דארט; ווען איך בין שוין געהאט פון דארטן ארויס און אין דער נייער פארטיי נאך ניט אריין, —אט, אין יענער צייט, ווען איך האב זיך שוין אפילע געהאט צוגעוואוינט צום געדאנק, אז ניט אלע מיטגלידער פון א פארטיי מוזן זיין ארעסטירט און אז דאס אליין איז נאך ניט קיין צייכן פון אקטיוויטעט, — אט פונקט דעמאלס איז געקומען מיין סאף.

געשען איז עס אויך אף א גאנץ מאדנעם אויפן.

איך בין געהאט געזעסן מיט א גרופע פריינט אין א קאפע און גאנץ געמיטלעך געשמועסט. אונזערע רייד — גאנץ אומשולדיקע — זענען געווען דורכגעמישט מיט פרייעלעכער זארגלאזיקייט און געלעכ־טער. מיר האבן גערעדט וועגן אלץ אין דער וועלט, נאר פונקט ניט וועגן פאליטיק, אדער וועגן פאליטישע פארטייען. אין קאפע איז אריינגעגאנגען א הויכער, געזונטער מאן. ער האט זיך ארומגעקוקט און... איז גלייך צוגעגאנגען צו מיר:

— איז אייער נאמען אזוי און אזוי?...

ער האט זיך אויסגעדרייט, שווייגנדיק א וואונק געטאן צו צוויי מענטשן, וואס זענען נאך פון פריער געזעסן ביי א טישל, ניט ווייט פון אונז, און דארט געזופט עפעס. אז זיי זענען צוגעקומען, האט דער מאן זיי אנגעוויזן אף מיר און, האלב צו זיך און האלב צו מיר, א זאג געטאן:

— אַזוי־אַזוי... זעט אויס, אַז פון אונזערע הענט קאָן מען זיך פאָרט ניט אויסדרייען. האַ?... עמעס, מיר זוכן אייך שוין אַ צייט... אָבער... אַ קאָמפּלימענט, פונדעסטוועגן, מעג מען אייך מאַכן, יונגער־מאַן. איר זייט אַ גוטער קאָנספּיראַטאָר... יאַ־יאַ, שוין גאָר אַ לאַנגע צייט וואָס מיר זוכן אייך....

און ניט געקוקט אויף מיינע פּראָטעסטן האָט ער פלינק אַ וואָרף געטאָן אַ פּאָר האַנט־קייטעלעך אויף מיינע הענט און ווידער אַ זאָג געטאָן:

— אַ סוואָרע אַז ווי קלוג איר זאָלט ניט זיין אין אייער קאָנספּי־ראַציע, זענען מיר נאָך קלוגער אין אונזער נאָכשפּירן...

איך האָב געקוקט אויף אים און, גלויבט מיר, ווי שווער און פאַר־דראָסיק מיר איז דעמאָלט אין יענעם מאָמענט, ניט געווען, האָב איך אָבער געוואָלט אַזוי שטאַרק לאַכן, אַז...

עס האָט זיך אָבער ניט געלאַכט. עס האָט מיך פאַרדראָסן, וואָס פּונקט דאַן, ווען איך בין שוין גרייט געווען אָנצוהייבן טאָן ערנסטע רעוואָלוציאָנערע אַרבעט, זאָל איך גאָר אומזיסט און אומנישט און, איבערהויפּט, אומגעריכט אַריינפאַלן. איך בין דעריבער געגאַנגען שווייגנדיק צווישן די דריי שפּיאָנען, וועלכע האָבן מיך — גאַדלעסדיק — ווי זיי וואָלטן געכאַפּט דעם גרעסטן פאַרברעכער, געפירט איבער די באַלעבאַטע גאַסן צום שטאָט ראָט הויז —

— — — — — — — — — — — — — — — —

אין וואַגאָן איז שטיל געווען. מיינע כאַווירים, וואָס האָבן מיך אויסגעהערט, זענען געזעסן איינגעצנורעט אין זיך און געשוויגן. פון דרויסן האָט אַ גרויער מאָרגן פרעמד אַריינגעקוקט דורך די וואַגאָן־פענצטערלעך. די לופט איז געוואָרן שטיקנדיקער. ס'האָט אויסגעזען, אַז מיר דערנענטערן זיך צו דער שטאָט. איך האָב זיך אויפגעשטעלט פון מיין פּלאַץ, עטוואָס אויסגעגלייכט מיינע איינגעלעגענע ביינער און זיך גענומען גרייטן צום אויסשטייגן.

מיינע כאַווירים האָבן זיך אויך עפּעס אַזוי מאָדנע פויל אויסגע־צויגן און אויסגעגענעצט, ווי נאָך אַ שלאָף אויף אַ האַרטער באַנק. זיי האָבן קימאַט ניט געקוקט אין מיין זייט. ערשט שפּעטער, אַז מיר זענען שוין געווען אינדרויסן, אויף דער צווייטער זייט פונם וואָקזאַל, האָט איי־נער פון זיי ביי מיר אַ פרעג געטאָן:

— נו, און מיט וויפל האָט איר באַצאָלט פאַר אייער באַרואיקונג?

איך האָב פאַרשטאַנען דעם שטאָך און שטיל אָפּגעענטפערט:

— בלויז מיט פינף יאָר... אָבער די באַרואיקונג איז שוין סיי ווי ניט נויטיק געווען. זי איז געקומען אַביסעלע צו שפּעט...

# דערשוואומען

(אוים דער סעריע: „פון אַ פרעמדן ווינקל".)




(דעם אָנדענק פון כאַווער שמו־לעוויטש, וועלכער איז—צווישן די 26 קאָמוניסטישע קאָמיסאַרן — צעשניטן געוואָרן דורך די פאַרעטערישע גרוזינישע מענשעוויקעס)

פונקט ווי געיאָגט פון אימיצן, איז נאָי ארדישווילי, דער דרייסיק יאריקער גרוזינישער פויערים־יונג, ארויפגעלאָפן די סקריפּענדיקע טרעפּ דורכן פינצטערן קאָרידאָרל. האַסטיק האָט ער פאַרהאַקט די טיר הינטער זיך, ארונטערגעריסן פון קאָפּ דאָס קליינע, שיסל־ארטיקע היטעלע און גענומען ווילד ארומשפּרייזן איבערן קליינעם שטיבל.

דאָס פּאָנים זיינס — ווי מיט בלוט אָנגעגאָסן — האָט ביי אים געברענט. די ליפּן האָבן קאָנוואולסיוו געציטערט. די אויגן האָבן זיך מיט ווייטיק געשפּאַרט פון די לעכער.

ער האָט פאַררוקט די צעשפּאָלטענע פינגער פון זיינע שווערע הענט אין דער געדיכטער ברוינער קוטשמע האָר אריין און מיט כאַאָס זיי פון קאָפּ געריסן:

— „מאַמאַ־דזאַרלי!", (1) * — האָט ער צווישן די ציין דורכגע־זידלט. — וואָס וועל איך איצט טאָן?... א „בויוואָל" (2) איז געפאַלן... די „ארבאַ" (3) צעפאַלט זיך... איין ראָד איז שוין אַף שטיקער צע־שפּאָלטן... ארויספאָרן מיט אזאַ „ארבאַ" נאָך האָלץ — איז דאָך...

פון האַרצן ביי אים האָט זיך אַ טיפער זיפץ ארויסגעריסן. די אויגן האָבן גענומען טאַמעוואַטע ארומבלאָנדזשען אַף די גרויסע, גרויע פלעקן וואָס אַף דער פאַרברודיקטער וואַנט און האָבן זיך שטאַר אָפּ־

*) באַדייטונג פון די פרעמד־ווערטער — אַף זייט 223.

געשטעלט אויפֿן אַלטן ברוינעם „בעשמעט”, (4) וואָס איז ווי פּאַריאַ־סעמט געהאַנגען אין אַ ווינקל שטוב און בלינד געקוקט מיט די געל־געוואָרענע קוילן־קעפּלעך פֿון די אויסגענייטע קוילן־טאַשן אַרויס.

ער האָט זיך דערנענטערט צום ווינקל, איינגעטוליעט זיין קאָפּ אינעם האַרטן, היימיש־געוועבטן געוואַנט, פֿון וועלכן עס האָט געשמעקט מיט וויטן, היימישן דאָרף.

אַ מידער האָט ער זיך צוגעשלעפּט צו דער אַלטער, האַלב־צעפּאַ־לענער „טאַכטאַ”, (5) וואָס איז געשטאַנען לעבן פֿענצטער, צוגעדעקט מיט אַן אויסגעריבענעם אַלטן טעפּיך. ער האָט זיך מיד אַרונטערגע־לאָזט און אַריינגעלייגט זיין קאָפּ אין די אונטערגעשפּאַרטע הענט.

פֿאַר זיינע פֿאַרמאַכטע, מיט טרערן־אָנגעלאָפֿענע אויגן, איז פֿאַר־בייגעגאַנגען דער היימישער דאָרף פֿון קאַכעטיע. געדאַכט האָט זיך אים, אַז ער זעט די קליינע, מיט הילצערנע פּיסלעך־אונטערגעשפּאַרטע הייזלעך; די ברייטע, גרין־באַזוימטע וויין־פֿעלדער; די גרויסע, ראַכ־וועסדיקע פּלאַנען מיט גאָלדענע, שווער־באַקעפּטע קוקורוזע־שטאַמען, וואָס פֿינקלען מיט טויזנטער שיינענדיקע אויגן גלייך אַנטקעגן דער הויכער, גליענדיקער זון.

שוין אַזויפֿיל יאָרן זינט ער האָט דאָס דאָרף פֿאַרלאָזט און דאָך האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער פֿילט נאָך דעם זיסן גערוך פֿון פֿריש־געקאָסעטן היי; די זיסע זויערקייט פֿון יונגן, ברויזנדיקן וויין און די האַרבע זאַפֿטיקייט פֿון אויפֿגעייענדיקער קוקורוזע.

דאַכט זיך, ווי ערשט נעכטן וואָלט עס געווען; דער פֿאָטער האָט קוקורוזע געזייעט, אַדער וויין געקוועטשט. ער, נאָך, האָט די בעהיימעס אין פֿעלד, אויף פּאַשע געטריבן. ער איז דאָן אַזוי זאָרגלאָז געשפּרונגען איבער די פֿרייע לאָנקעס, אַרום שמאָלן וועג, און וואָוויליונגעריש פֿאַרטשעפּעט די פֿאַרבייגייענדיקע, פֿריש־בלוטיקע דאָרף־מיידלעך...

אָט, זיצט נאָך, דאַכט זיך, די מאַמע זיינע אויף דער פֿאָדערשטוב, ביי דער גרויסער הילצערנער ראָם, וואָס איז אָנגעצויגן מיט וואָל־פֿע־דים אין דער לייגג און אין דער ברייט, און זי שפּינט מיט אירע לויפֿנ־דיק־דאַרע פֿינגער אַזעלכע קונציקע בלימלעך און דריידלעך, און באַ־שאַפֿט אַזעלכע וואונדערלעכע געמעלן אויף די נייע טעפּיכער. נאָך דאַכט זיך, ער הערט נאָך אַפֿילו ווי זי זינגט דערביי אירע וואַרעמע היימישע לידלעך, און די קליינע זינג־פֿויגעלעך, אין וועלדל אַרום שטוב, טרילערן אַזוי זיס־מעכאַיעדיק צו...

נאָך האָט זיך דערמאָנט:

וואָס פֿאַר אַ גרויסער יאָנטעוו איז אין שטוב געווען ווען די מו־טער האָט אַזאַ טעפּיך פֿאַרטיק געמאַכט. דער פֿאָטער האָט דאָן דעם פֿאַרטיקן טעפּיך אויף אַן „אישאַק” (6) אויפֿגעלאָדן און אין שטאָט אוועקגעפֿירט. דערנאָך, ווען ער איז צוריקגעקומען, האָט ער פֿון דאָרטן מיטגעבראַכט בייטלען מיט צוקער, טיי, זאַלץ, זייף, נאַפֿט און

נאָך אַנדערע טייערע און נויטיקע זאַכן, וואָס מען האָט אין דאָרף זעלטן אָנגעזען.

„אָבער", — האָט נאָך אַ ציטער געטאָן. — „מען האָט זיי פון דאָרף פאַרטריבן... פאַריאָגט אין שטאָט אַריין, וואָס איז פאַר זיי אַזוי פרעמד געווען. וואו אַפילו די זון איז אַזאַ פרעמדע און ווייטע"...

נאָך האָט אַ קוק געטאָן דורכן פענצטער, אַריבערגעוואָרפן זיינע בליקן איבער דער „קוראַ" (7) אין דער ווייטקייט אַריין:

—אַט, — האָט ער אַ ברום געטאָן, — גייט איצט די זון ווידער אַוועק אַהין; גייט זיך זעצן אינעם זעלביקן וועלדל, לעבן זייער אַמאָליקער שטוב, אין קאַבעטיע...

ער האָט ווידער פאַרזונקען דעם קאָפּ אין די הענט אַריין און זיך דערמאָנט:

צו זיי אין שטוב איז אַריינגעקומען אַן אָפּיציר. אַזאַ אויסגעפּוצטער איז ער געווען. ער האָט געטראָגן עפּעס אַזאַ מאָדנעם פּילקאָלירטן מונדיר, אַ קליינע, ווייסע „פּאַפּאַכע" (8) און גלאַנציק־ווייכע שטיוועלעך מיט גלעקלעך. דערצו האָט ער נאָך געהאַט אַ רעוואָלווער מיט אַ קינזשאַל און אַ שווערד — באַפּוצט מיט איינגעשניטענע שטיקער זילבער. ער האָט געהאַלטן אַ פּאַפּיר אין האַנט, געלייענט דערפון און זיך געבייזערט אויפן טאַטער, וועלכער איז געשטאַנען און צעוויטיקט געשוויגן. די מוטער איז געזעסן, האָט געביסן די פינגער און געוויינט. ער, נאָך, אַ קינד נאָך, האָט זיך שטום צוגעקוקט צו אַלעם און אינגאַנצן ניט געוואוסט וואָס דאָרט קומט פאָר. ער האָט בלויז געפילט אַ שווערן האַס צום דאָזיקן אָפיציר און זיך קוים באַהערשט, ניט אַרויפצעוואַרפן זיך אויף אים מיט די נעגל און די אויגן אויסקראַצן.

עטלעכע מאָל איז דער דאָזיקער אָפּיציר געקומען צו זיי. יעדעסמאָל האָט ער זיך מער געבייזערט און שטאַרק געשריגן. דאָס לעצטע מאָל איז ער געקומען מיט צוויי באַוואָפנטע סאָלדאַטן. נאָך געדענקט; זיי, די סאָלדאַטן, האָבן פון שטאָל אַרויסגעפירט די צוויי אָקסן מיטן פערד, האָבן איינגעשפּאַנט די „אַרבאַ", אויפגעלאָדן דערויף קימאַט אַלע זייערע שטוב־זאַכן און אַלץ אַוועקגעפירט. אינדערהיים איז בלויז פאַרבליבן אַ הינקענדיקער „אישאַק" מיט אַ הילצערנעם זאָטעלע. דער טאַטער האָט אָנגעהאַנגען דאָס זאָטעלע אויפן „אישאַק" און דערויף אָנגעלאָדן צוויי זעק מיט איבערגעבליבענע זאַכן; אין איינעם—צוויי פאַרבליבענע גרויסע ברויטן און עטלעכע קוקורוזע־קעפּ און אין צווייטן—קאָלדרעס און אַלטע קליידער. דערנאָך האָבן זיי זיך אַלע אַרויסגעלאָזט אין וועג אַריין, צו דער שטאָט.

דער וועג — באַרג אַרויף — איז אַ שטויביקער און זאַמדיקער געווען. פון ווייטנס, פון די אַרומיקע הויכע בערג, האָט אַ שאַרפער ווינט אָנגעטראָגן שווערע וואָלקנס שטויב, וואָס האָט זיי אויסגעמידט. יעדע ווייל האָבן זיי זיך געמוזט אַוועקזעצן אָפּרוען און אָפּלעשן די

מידקייט זייערע מיט א קאלטן טרינק־וואסער, פון א בארג־קוואל. מיט ביינקשאפט האבן זיי דערביי געקוקט אף צוריק, צו זייער דארף. די מוטער האט די הענט געבראכן און שטיל געכליפעט. דער פאטער האט מיט די ציין געקריצט און מיט טרערן אין האלז דערציילט, אז דאס האט מען זיי פון דארף פארטריבן, ווייל זיי האבן ניט געקאנט באצאלן דער רעגירונג דעם שטייער פארן שטיקל פעלד, וואס זיי האבן מיט שווייסיקער מי פארהארעוועט.

נאי האט זיך דערמאנט אין יענעם טאג און, ווי ער וואלט ביי אימיצן יווישער געזוכט, בייז אונטערגעברומט:

— שטייערן?!... פאר וועמעסוועגן?... פאר וואס?...

נאיען האט געארט איין זאך:

ווי אזוי קאן עס א „גלעד", (9) אדער א „מושא" (10) מיט ארעמער הארעוואניע אויסהאלטן אזא גרויסע שטאט, מיט אזויפיל קניאזן, אפיצירן און אנדערע לידיקגייער, וואס טוען קיינמאל גארניט פאר זייער איינגענער אויסהאלטונג?... ווי קאן מען עס אזוי מיט ארי־מער הארעוואניע באצאלן פאר אזעלכע גרויסע הייזער און ברייטע, געפלאסטערטע גאסן?...

פון דרויסן, פון דער גאס, וואס איז שוין לאנג פארטרונקען גע־ווען אינם שווייגעדיקן אוונט, האט זיך צו נאיען אין שטיבל אריין דערטראגן א הילכיקער געלעכטער. נאי האט פארשטאנען ווער דאס האט דארט אזוי געלאכט. ער האט געוואוסט, אז אזוי קאנען ניט לאכן קיין מידע, אויסגעהארעוועטע „מושאס", וואס קערן זיך אום צוריק פון זייער שווערער ארבעט; אז אזוי קאנען נאר לאכן פארשייט־שיקע־רע לידיקגייער, וואס שפייזן זיך געווינלעך אף פרעמדער פראצע און זויפן זיך אן מיט פרעמדן וויין...

נאי האט גענומען קאכן פון בייזקייט און געקריצט מיט די ציין:

—און אט פאר אזעלכע לידיקגייער מוזן עס הארעווען די „גלעבן" און „מושאס"?...

א שווארצע פינצטערניש האט זיך אריינגעריסן אין שטיבל אריין, האט אלץ איינגעהילט אין גרויען שאטן און אויסגעשפרייט א שווערע מידקייט אף נאיס קערפער. ער איז אוועקגעפאלן מיד אף דער „טאב־טא" און זיך געמוטשעט אין שווערע, אומרואיקע כאלוימעס.

## 2.

פארפרי האט זיך נאי אינדערגיך אנגעטאן אין פאטערס אלטן „בעשמעט" און איז ארונטער אין שטאל. ער האט ארויסגעפירט דעם פארבליבענעם „בוויוואל", פאר א ווייל אים באטראכט, ווי אפצושאצן וויפל ער האט די ווערט און איז אוועק מיט אים צום מארק.

דער טאג האט אויסגעזען זיך צו שטעלן א הייסער. אפן מארק זענען נאך קיין קויינים ניט געווען. בלויז דא און דארט זענען אף די לידיקע שטעלן געזעסן האלב־דרימלענדיקע „מושאס", מיט די אקסל־

זאטלען לעבן די פיס און — אין דערוואַרטונג, אַז אימיצער זאָל זיי אוועקרופן אף אַרבעט — פויל אונטערגעגענעצט. אַרום אַ צווייטער שטעל איז געשטאַנען אַ גרופּע אַרמענער און געשפּילט אין קאָרטן. זיי, די אַרמענער, האָבן דערביי געזידלט מיט רוסישע קלאָלעס אף זייער צעבראָכענער שפּראַך, און מיט קאַאָס געוואָרפן די אַלטע, אָפּגעריבענע מאַטבייעס צום געווינער, וועלכער האָט זיי מיט אַ ברייטער פרייד און ציטערדיקער האַנט צונויפגעקליבן. אַן אַלטע פרוי, וואָס האָט אויסגעזען ווי עפּעס אַן אַלטע, צעשויבערטע מעכאַשייפע, מיט שיטערע, גרויע האָר, — האָט לעבן אַ געשטעל, אף דער ערד, פאַנאַנדערגעשפּרייט אַ ברודיקן ליילעך און אויסגעלייגט דערויף פאַרשיידענע אַלטע, צעבראָכענע שטוב־זאַכן און אייזנוואַרג. זי האָט געזונגען מיט אַן אַנצאַניקן מויל, אויסגערופן איר פאַרשיידנאַרטיקע סכוירע און צוגערופן צו זיך די פאַרבייגייענדיקע קונים.

נאָך איז אַ גלייכגילטיק־געלאַסענער אַרומגעגאַנגען איבערן מאַרק און געפירט הינטער זיך דעם „בויוואָל" אף אַ שטריק. גלייכגילטיק האָט ער געקוקט אף אַלעם אַרום און יעדע ווייל זיך אָפּגעשטעלט ביי אַן אַנדער געשטעל. מיט פאַרכידעשטן נייגיר האָט ער אַריינגערוקט זיין קאָפּ צווישן דער שפּילענדיקער גרופּע און שווייגנדיק זיך צוגעקוקט צו דער שפּיל, ביז מען האָט אים מיט זידלעריי און געבייזער פאַרטריבן, ווייל ער האָט קיין „האַנט" ניט געוואָלט נעמען. ער איז אוועק ווייטער. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן דער אַלטער פרוי און געקוקט אף די צעלייגטע אַרטיקלען. ער האָט זיך אַרונטערגעבויגן, מעכאַניש באַטראַכט די פאַרשיידענע זאַכן און, אַליין ניט וויסנדיק צוליב וואָס, געקויפט אַן אַלטע שרויף:

— אַ פיינע שרויף. — האָט ער אונטערגעמורמלט. — וועט צונוץ קומען. אין דאָרף...

ער האָט אַריינגעלייגט די שרויף אין קעשענע און אַ קוק געטאָן אפן אָקס וואָס איז געשטאַנען הינטער אים, געמאַלעגיירעט און זיך באַלעקט מיט קלעפּיקן שפּייעכץ.

— עפּשער גאָר אים אונטערשמידן? — איז נאָך אײַנגעפאַלן אַ געדאַנק, בעת ער איז פאַרבייגעגאַנגען דאָס געשטעל פון אַן אָקסן־שמיד. אימיצער. — האָט ער געזען, — אַ געזונטער יונג, האָט זיך דאָרט געפּאָרעט ביי אַ גרויסן, שוואַרצן „בויוואָל", צוקלאַפּנדיק אַ פלאַטשיק שטיקל אייזן־פּאָדקאָווע צו איינעם פון זיינע טלאָען. דער אָקס איז דערביי געלעגן אויסגעצויגן אף דער ערד, מיט די פיס פאַרוואָרפן אף אַרויף און, זייענדיק צוגעבונדן צו אַ גרויסן קלאָץ, געצויגן און וויינענדיק געמו־או־קעט.

ער האָט זיך אוועקגעשטעלט און זיך געאַישעוועט וואָס צו טאָן.

— „גאַאומאַרדזשאָבאַ, קאַצאָ!" (11) — האָט נאָך מיטאַמאָל דערהערט אַ צעצויגן־פאַרשיקערטן אויסרוף הינטער זיך. ער האָט זיך

אומגעקוקט. לעבן זיך האָט ער דערזען אַן אויסגעפּאַשעט־פּעטן גרו־זינישן נעפּעש, מיט אַן אַרונטערגעהאַנגענעם בויך, אַנגעטאָן אין אַ רויטער „בעשמעטקע" און מיט אַ באַזוימטן באַשליק אַרום קאָפּ פאַר־בונדן. נאַי האָט אים ניט געקאַנט.

— „גאַגימאַרדזשאָס, קאַצאָ"! (12) — האָט ער פונדעסטוועגן אָפּגעענטפערט. — וואָס וועסטו זאָגן גוטס?...

— ווילסט אים עפּשער פאַרקויפן? — האָט יענער גנייוויש אַ וואונק געטאָן מיט אַן אויג און מיט דער האַנט זייטיק אַנגעוויזן אויפן אָקס.

— מיסטאָמע וויל איך. — האָט נאַי געענטפערט. — אָבער וואָס האָט עס צו דיר?...

— איך בין אַ קוינע...

נאַי האָט גלייכגילטיק אַ הויב געטאָן די אַקסלען:

— אויב וועסט נאָר געבן אַ גוטן מעקאַח, — האָט ער טראַציק אָפּגעענטפערט און זיך אָפּגערוקט פון יענעם, ניט וואַרטנדיק אַפילע וואָס ער וועט זאָגן.

— וואַאַאַ! — האָט יענער אויסגעצויגן און געמאַכט אַ פאַרוואונ־דערט פּאַנים. — וואָס זשע אַנטלויפסטו?... דו דערוואַרטסט דאָך ניט, אַז איך זאָל דיר אָנבאָטן אַ פּרייז, איידער איך האָב נאָך אַפילע געהערט וויפל דו ווילסט פאַר אים...

— נישקאָשע, קאָנסט זאָגן. — האָט זיך נאַי גלייכגילטיק אָפּגע־שטעלט. איך וועל ניט בייז זיין.

דער גרוזינער האָט אויף גיך אַרונטערגעוויקלט דעם באַשליק פון קאָפּ, האָט באַטאַפּט דעם אָקס ביים האַלז און ביי די ריפּן, געקוקט אויף די פּיס און גענומען זוכן אויפן אונטערשטן טייל רוקן דעם אויסגע־ברענטן נומער־צייכן. דערביי האָט ער עטלעכע מאָל געכאַפּט אַ זייַ־טיקן בליק אויף נאַיען און אַ וואָרף געטאָן:

— כ'וויים... אַרום אַ „טאַסי מאַנעטי" (13) האָט ער מיסטאָמע די ווערט...

נאַי האָט בייז אַריינגעהוסט אין זיין האַנט אַריין און זיך אָוועק־געדרייט.

— וואָס זשע ביסטו ברויגעז? — האָט אים יענער נאָכגעוואָרפן.

— ס'איז דיר ווינציק, צי וואָס?... איך, פאַרשטייסטו מיר, מוז דאָך אויך עפּעס פאַרדינען אין אים. און דו... וואָס דערלייגסטו דען צום אייסעק?... דו האָסט דאָך מיסטאָמע יעדע וואָך אַזאַ אָקס, ניט אַזוי?...

נאַי האָט לעכאַטכילע זיך אַפילע ניט געכאַפּט וואָס יענער האָט דערמיט געמיינט. באַלד אָבער האָט ער זיך געכאַפּט און איז צעקאַכט געוואָרן. ער האָט אינגאַנצן נאָכגעלאָזט דעם שטריק מיטן אָקס און אימפּעטדיק זיך אַ וואָרף געטאָן מיט זיינע פויסטן אויפן נעפּעש. אַרום זיי האָבן זיך גלייך צונויפגעקליבן עטלעכע רעדלעך מענטשן

און גענומען אונטערגעבן כיישעק צום געשלעג. א טייל איז אפילע צופרידן געווען, בעאיים נאי האט זיך אריינגעפלאכטן מיט זיינע פינגער אין יענעמס קוטשמע האר און אים מיט שווערע קלעפ צו דער ערד גע־ווארפן:

— איצט וועסטו שוין וויסן ווי מיך פאר א גאנעוו צו מאכן! — האט נאי ביי יעדן קלאפ צוגעווארפן. — איצט וועסטו שוין אווודע געדענקען. אבער ווארט, דו הונט. נאכאמאל וועל איך פון דיר די הינטישע נעשאמע ארויסלאזן!...

נאי האט אים אפגעלאזט, גענומען ארומווישן די שווייסיקע הענט און פארגלייכן די צעשויבערטע האר אפן קאפ. עטלעכע מענטשן זע־נען צוגעגאנגען צו אים, האבן אים — ווי אלטע באקאנטע — איבער די פלייצעס געקלאפט און גערעכט געגעבן. אנדערע האבן זיך דער־וויל געפארעט אויפצוהויבן דעם אומגעווארפענעם נעפעש, וואס האט זיך אזוי געהאט פארפלאנטערט אין זיין אייגענעם „בעשמעט", אז ער האט בעשום אויפן די פיס ניט געקאנט ארויסשלעפן. אימיצער איז צוגעגאנגען צו נאיען, האט אים גענומען בארואיקן און אים פארגע־לייגט א גרעסערע סומע פארן אקס. א צעהיצטער און שווער־אטעמ־דיקער איז נאי געשטאנען און קוים געהערט וואס יענער האט גערעדט צו אים. א צעטראגענער האט ער נעציילט די פאפירלעך, וואס יענער האט אים איינציקווייז אין האנט אריינגעשטופט און ער האט זיי גלייך פארבונדן אין זיין גרויסן, רויטן טיכל אריין.

— „ביטשא"! (14) האט יענער צו נאיען א זאג געטאן, נאכדעם ווי ער האט דעם אקס איבערגעגעבן א צווייטן. — איצט וואלסטו כאטש פאר א גלאז וויין געדארפט רופן!....

נאי האט א ציטער געטאן. אים איז גארניט איינגעפאלן, אז אויב מען פארקויפט אן אקס, זאל מען גאר דארפן וויין טרינקען. ער האט א קוק געטאן אף זיין קוינע, ווי עפעס א פארשולדיקטער אינגל, וואס ווארט מען זאל אים מויכל זיין, און א מורמל געטאן:

— אווודע וועלן מיר טרינקען. כאטש... כאטש דאס איז אלץ וואס איך פארמאג... אבער וויין, וויין וועלן מיר טרינקען...

דער קוינע האט גוטמוטיק געשאקלט מיטן קאפ און א קלאפ גע־טאן נאיען אף דער פלייצע.

זיי האבן זיך ארונטערגעלאזט אין א „דוכאן". (15)

נאכדעם ווי נאי האט אויסגעטרונקען עטלעכע גלעזער וויין, האט ער — א וואקלענדיקער — זיך אויפגעשטעלט און גענומען זוכן ביי זיך אין בוזעם דאס טיכל, אין וועלכן ער האט נאר־וואס געהאט פארבונדן דאס באקומענע געלט. ער האט דאס אבער ניט געפונען. א טיפער, צעווייטיקטער געשריי האט זיך א ריס געטאן פון זיין ברוסט און ער איז בלאס געווארן. ער האט זיך גענומען ארומטאפן, זיך ארונטער־געלאזט אונטערן טישל און דארט גענומען זוכן, צי עס האט זיך אמאל

ניט ארונטערגעגליטשט. ער האט דאס געלט אבער ניט געפונען. ער האט זיך געקלאפט מיט דער שווערער פויסט אין ברוסט אריין און גע־וויינט:

—וואס וועל איך איצטער טאן, „קאצא“? . . . וואס וועל איך איצ־טער טאן? . . . כ'האב דאך אפילו ניט מיט וואס פארן ווייַן צו באצאלן!

יענער האט אים געטרייסט:

— נו, גוט שוין, גוט שוין... גענוג געוויינט... איך, איך וועל שוין אליין באצאלן...

נאי איז געשטאנען א צעטומלטער. מיט פארלאפענע אויגן האט ער געקוקט ווי יענער האט מיט דער האנט אזוי לייכט א ווארף געטאן א מאטבייע אפן טיש און מיט דער צווייטער — אים געקלאפט איבער דער פלייצע:

— גענוג דיר שוין וויינען, „ביטשא“!... עס איז דאך שוין פאר־פאלן!...

— וואס וועל איך איצטער טאן? —האט נאי געבראכן זיינע הענט און זיך ניט געלאזט בארואיקן. — וואו וועל איך איצטער גיין?...

יענער האט אים צוגעווארפן א זילבערנע מאטבייע:

— נא, אט וועסטו דערווייל האבן, ביז וועסט געפינען וואס צו טאן. — האט יענער א זאג געטאן, דערלאנגט א האנט און איז אוועק.

נאי איז געבליבן שטיין מיט פארנעפלטע אויגן. ער האט געקוקט אין אן אומבאשטימטן פונקט און ניט געוואוסט וואו זיך א קער צו טאן. דער אוילעם אין „דוכאן“ האט אפילו ניט געקוקט אף אים. בלויז עטלעכע מענטשן האבן מיט באדויער געשאקלט די קעפ און וויטער זיך גענומען גלייכגילטיק טרינקען זייער ווייַן. דער באלעבאס פונם ווייַנקעלער איז צוגעגאנגען צו נאיען, האט אים אנגעקוקט פאר א וויַל און מיטאמאל א זאג געטאן:

— הער נאר, „ביטשא“, צי וואס דען קלאגן?... ס'איז דאך, ווי פריינטל האט געזאגט, שוין פארפאלן. וויש זשע זיך אוים די אויגן און שטעל זיך ארבעטן, אויב דו ווילסט. איך... איך דארף טאקע גראד האבן א „ביטשא“ אין „דוכאן“...

נאי האט אויפגעהויבן זיינע פארטרערטע אויגן און א קוק געטאן אפן דאזיקן פארשויז, וואס האט עפעס אזוי מאדנע אויסגעזען, ווי ער וואלט צונויפגעשטעלט געווען פון בלויזע ווייַן־פעסלעך. איינס — א גראבס — האט זיך נאיען אויסגעדאכט, דער בויך, און דאס צווייטע — א קלענערס — דער קאפ. אפילו די פים — צוויי אנגעגאסענע פעס־לעך. בלויז די קליינע, פלינקע מייזל־אויגעלעך, האבן אויסגעזען בא־וועגלעכע, ווי ביי א פאשעטן מענטשן. נאי האט זיך ניט געוואלט גלויבן, אז יענער מיינט אף אן עמעס מיט זיינע רייד.

עטלעכע מינוטן שפעטער איז נאי שוין געווען אן אנגעטאנענער אין א גרויסן פארטוך פון א צווייפלהאפטער ווייסקייט און ארומגע־

ווישט די נאַסע טישלעך, וואָס אַרום די ברוין־געפּאַרבטע ווענט. ער איז אַרומגעלאָפן ווען אימיצער האָט נאָר אַ רוף געטאָן און אומגעלומ־פּערט צוגעטראָגן קריגלעך ווייז, אָדער געברוינטן שאַשליק מיט רויטע בעבלעך אין ערדערנע קיילעכיקע שיסעלעך.

נאַי האָט שווער געאַרבעט. פון די פריע פאַרטאָגן, ביז די שפּעטע פאַרנאַכטן, איז ער געלעגן אין קעלער און די ליכטיקע שיין ניט אָנגע־זען. אין די שפּעטע מיטנאַכט־שאָען, ווען ער איז פון דער אַרבעט זיי־נער אהיימגעקומען, האָט ער — אַ מידער — זיך אוועקגעזעצט אויף דער „טאַכטאַ", איבערגעציילט דאָס טעגלעכע פאַרדינטע געלט, וואָס די געסט האָבן אַמאָל צוגעוואָרפן און מיט צופרידנקייט דאָס איינגעבונדן אינם נייעם, רויטן טיכל:

„אַטכי מאַנעטי"... (16) „כוטי מאַנעטי"... (17) — האָט ער זיך געפרייט ביים ציילן.

וואָס אַ טאָג ווייטער, אַלץ אַ גרעסערע ביינקשאַפט האָט ביי נאַיען אַרויסגערופן צום דאָרף, צו די פריע פעלדער, גרינע לאָנקעס און בלויע הימלען, וואו ער האָט יאָרן פאַרבראַכט. ער האָט געוואוסט, אַז ער וועט סאַף קאָל סאַף פאַרט מוזן אוועק אהין. און, קעדיי דאָס גיכער צו דערגרייכן, האָט ער אין די פרייע זונטיק־אָוונטן זיך אָנגעטאָן אין ברייטע, קאַלירטע „קינטאַ"־פּלודערן, (18) פאַרשטעקט די ברעגן אין די היימיש־געשטריקטע, רויטע זאָקן, אָנגעשטעקט אַ פּאָר לייכטע „טשוסטעם" (19) אויף די פיס און אַריינגעדרייט אין דער געדיכטער קוטשמע האָר אַרייַן אַז אויסגענייט פּיצינקע קעפּקעלע. דערנאָך האָט ער אַ נעם געטאָן זיין „טאַרע" (20) און אַזוי, אַז אויסגעפּוצטער אין דער דאָזיקער קליידונג, איז ער אוועק אויף אַ באַסענע, אָדער אויף אַ הוליאַנקע, וואו ער האָט — מיט שפּיל, היימישע טענץ און פרייַלעכע וויצן, פריילעך געמאַכט די אָנגעשיקערטע געסט.

פון די דאָזיקע וויצן און לידלעך זענען אַלץ מער מאַטבייעס צו־געקומען. יעדן שאַבעס האָט נאַי די מאַטבייעס אויף פּאַפּירלעך געביטן, זיי אויסגעגלייכט, צונויפגעלייגט אינם אָפּן צווייטן און איינגעבונדן אינם פּעקל. צוזאַמען מיט די פּאַפּירלעך איז אויך געוואַקסן זיין גלויבן, אַז גאָר איינגיכן וועט ער זיך פּאַרט צו זיין ציל דערשלאָגן.

יענע פרייע זונטיק־אָוונטן, ווען ער האָט קיין באַשטעלונגען אויף באַסענעס און הוליאַנקעס ניט געהאַט, האָט ער זיך אויסגעפּוצט אינם אַלטן, ברוינעם „בעשמעט", וואָס איז אים נאָכן פאָטער פאַרבליבן; אָפּ־געפּוצט די גרין־געוואָרענע, צוגעשימלטע קוילן־טעשלעך מיט פּאָמאַדע; אויסגעבליאַסקעט דאָס זילבערנע הענטל פונם קינזשאַל; אָנגעטאָן אָפּן קאָפּ אַ ווייסע, שאָפענע „פּאַפּאַכע" און איז אוועק אין שטאָט־גאָרטן. דאָרט האָט ער זיך אוועקגעזעצט אויף אַ באַנק און זיך איינגעהערט אין דער מיליטערישער מוזיק, וואָס האָט אויף דער עסטראַדע געשפּילט. ער האָט זיך איינגעקוקט אין די פרייַלעך־פּלוידערנדיקע פּאָרלעך, וואָס

האָבן — אין העלע, פאַרשידנפאַרביקע קלײדער — פאַרבײשפּאַצירט דורך דער אַלײע. מיט די אויגן האָט ער געשלונגען די פלינקע, שלאַנ־קע פרויען־קערפּערס, וואָס האָבן אויסגעטאַנצט זײערע ברענענדיקע לײדנשאַפטן אויף די ווײסע ברעטער פונם אָפענעם טאַנץ־פּאַוויליאָן.

זײַן האַרץ איז מיט קינע אָנגעגאָסן געוואָרן. ער האָט מיט הונגע־ריקע בליקן זיך אײַנגעגעסן אין די פאַרבײשוועבנדיקע פײַן־געפורעמטע און גראַציעז־געטאַקטע פרויען־פיס, וואָס אין אײדל־ווײכע זײד־זאָקן און אין גלאַנציק־לאַקירטע, שײנע שיך, מיט דינינקע און הויכע קנאַפּל. א בײנקשאַפט האָט זײַן ברוסט געזויגן. א פאַרלאַנג האָט ער באַקומען, זיך צוזעצן צו אימיצן, רײדן און אויסדערצײלן וועגן זײַן לעבן און האָפענונגען. אַרום אים איז אָבער קײנער ניט געווען.

טײלמאָל, אַז ער האָט דערפילט א גאָר שטאַרקע בײנקשאַפט, האָט ער זיך אײנער אַלײן אין א זײַטיק־טונקעלער אַלײע פאַרקליבן און זיך אוועקגעזעצט אויף א לײדיקער באַנק. ער האָט אויסגעצויגן די פיס אין דער גאַנצער לײנג, פאַרוואָרפן די הענט הינטערן קאָפּ, אָפּן אָנלען פון דער באַנק, אָפּגעלעגן אַזוי א לאַנגע צײַט און, אַן באַזונדערע געדאַנקען, געקוקט אָפן ווײַטן אולטראַמאַרין־הימל מיט די זילבער־בלישטשענדיקע שטערן. ערשט גאַנץ שפּעט אין דער נאַכט, ווען ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער דאַרף שוין באַלד צו דער אַרבעט אַוועק, האָט ער זיך א כאַפּ געטאָן ווי אַן אָפּגעבריטער און אַוועק אַהײם.

נאָך אַזעלכע נעכט איז ער אויף צומאָרגנס אַרומגעגאַנגען א צע־טומלטער, עפּעס ווי ניט אויף זײַן וועלט. אַנשטאָט ווײסן ווײַן — האָט ער רויטן דערלאַנגט, אַנשטאָט זיסן — זויערן און אָפט פאַרביטן די באַשטעלטע מײכאַלים פון אײן גאַסט צום צווײטן. דער באַלעבאָס האָט אים אויסגערעדט דערפאַר און אָפּן אָפּגעזידלט. נאָי האָט דאָן א שמײַכל געטאָן זײַן פאַרטוך אויף דער ערד און — א צעקאָאָסטער — אַרויסגעלאָפן פונם „דוכאַן" אויף דער גאַס אַרויס.

דאָרט, אויף דער גאַס, האָט ער, נאָי, פּאַשעט אויפגעלעבט. די פרישע לופט האָט אים צוריק צו זיך געבראַכט. ער האָט מיט א ברײט־צעעפנטן מויל געשלונגען די דרויסנדיקע לופט מיט אַזא אַפּעטיט, פונקט ווי ער וואָלט זיך געוואָלט אָפּנעמען פאַר דער גאַנצער צײַט, וואָס ער איז — ווי א געבונדענער — אין קעלער געלעגן. מיט פאַרבײנקטע בליקן האָט ער נאָכגעקוקט ווי די צעגליט־רויטע זון רוקט זיך אַוועק ווײַטער פון שטאָט, אין דער זײַט צו זײַן אײגענעם הײמישן דאָרף, אין קאַכעטיע. א פאַרדראָסיקע בײנקשאַפט האָט אים אַרומגעכאַפּט.

— וואָס זשע טוט מען איצט? — האָט ער פאַרצווײפלט געברומט.

— אַוועקפאָרן אין דאָרף, — האָט ער ניט געגוג געלט... עד!... ווען ער קאָן עס אַזוי מיט דער „קורא" א שווים טאָן אַהין!.. אָבער... אַפּאַנים, אַז ער וועט ערשט דאַרפן אָנהויבן זוכן עפּעס וואָס צו טאָן, קריגן א נײַע אַרבעט און אָנהויבן זאַמלען, אַז...

א „מושא״ מיט א שווערן קאסטן אויף די פּלייצעס איז פאַרבייגע־גאַנגען און אים, נאַיען, אומווילִיק א שטויס געטאָן. ער, נאַי, איז אפילו לעבאַטכּילע ביין געוואָרן און געוואָלט נעמען אָנזידלען דעם „מושא״. ער האָט אָבער אַ קוק געטאָן אויפן שווערן קאסטן, וואָס יענער האָט געטראָגן אויף זיך, — האָט ער זיך באַטראַכט, אַז יענער איז דאָך ניט שולדיק, וואָס ער, נאַי, איז אים אין וועג געשטאַנען.

„און עפּשער גאַר אַליין אויך ווערן אַזא „מושא״? — האָט נאַי מיטאַמאָל א טראַכט געטאָן. — וואָס איז, האָט ער דען ניט געזונטע הענט, מוסקולן און אַקסלען?״...

אויף צומאָרגנס איז נאַי שוין געשטאַנען ביי א גאַסן־ראָג, מיט א גראָבן שטריק אַרום גאַרטל, א לעדער־זאַטל, מיט צוויי אַקסל־בענדער, לעבן זיינע פיס, — גרייט צו פאַרוואַרפן אויף זיך און אָנלאָדן א מאַסע. ער האָט בלויז געוואַרט, אַז אימיצער זאָל אים א רוף טאָן.

3.

אימיצער האָט נאַיען גערופן איבערצוטראָגן א קאַסטן. דער דאָזי־קער מאַן, אַן איידעלער און יונגער, האָט גערעדט אַזוי ליבלעך צו נאַיען און געבעטן, אַז ער זאָל זייער פאַרזיכטיק זיין מיטן קאַסטן און אַז קיי־נער זאָל די נאָז ניט אַריינשטעקן:

— פאַרשטייסט, — האָט ער שפּאַסיק א זאָג געטאָן צו אים, —דאָ, אינעם דאָזיקן קאַסטן, געפינט זיך א גרויסער אוצער און...

— אַן אוצער? — האָט נאַי א שמייכל געטאָן, — איך וואָלט אַליין אויך געוואָלט אַ באַלן צו זען ווי אַזאַ זאַך זעט אויס...

דער מאַן האָט אים סוידעסדיק אונטערגעטראָגן א ביכעלע:

— אָט, לייען דאָס איבער און...

נאַי האָט זיך פאַררויטלט:

— איך... איך ווייס ניט ווי אַזוי... איך.. קאָן ניט..

— אפילו ניט גרוזיניש?

— אפילו ניט גרוזיניש. — האָט נאַי אומבאַקוועם די זעלביקע ווערטער איבערגעכאַזערט.

— ? ? ? ....

נאַי האָט דערפילט א מאָדנע צוגעלאָזנקייט צום דאָזיקן מאַן און האָט פאַר אים גענומען אויסדערציילן זיין גאַנץ לעבן. אָט אַזוי גייענדיק האַנט ביי האַנט, מיט דעם קאַסטן אויף דעם זאַטל איבער דער איינגעבוי־גענער פּלייצע, האָט ער אים דערציילט, ווי אַזוי מען האָט אים, נאָך א קליינעם יאַטל, געשיקט אַרבעטן אין פעלד, אַרויסצוהעלפן דעם פאָטער; ווי אַזוי מען האָט ביי זיי די שטוב, מיטן גאַנצן האָב און גוטס, פאַר־נומען, דערפאַר וואָס זיי האָבן ניט געהאַט מיט וואָס דעם שטייער אָפּ־צוצאָלן; דערציילט, ווי זיי זענען אין שטאָט פאַרטריבן געוואָרן און זיך געמוטשעט דערנאָך א גאַנצע צייט; ווי ער האָט אין „דוכאַן״ געאַר־בעט און....

—אַט אזוי, ניט געוועזן ווען זיך צו לערנען.—האָט נאָך טרויעריק צוגעגעבן.—פון סאַמע קינדווייז אָן אזוי . . .

דער מאַן האָט זיך אויפמערקזאַם איינגעהערט, האָט בעאַיים דעם געקנייטשט א ליפּ מיט זיינע צוויי פינגער און מיטאַמאָל א פרעג געטאָן:

— און איצט?... איצט וואָלסטו דאָך...

נאָך האָט פון דער זייט צעווייטיקט א קוק געטאָן אפן מאַן:

— איצט... איך מוז ארבעטן און... דאָס געלט זאָמל איך צו קאָנען צוריק אין דאָרף...

יענער האָט אים איבערגעשלאָגן:

— און אויב איך אליין, אָדער אימיצער פון מיינע פריינט זאָלן דיך לערנען?... אזוי, אָן געלט... פאַרשטייסט, וואָלסט גאָר אַן אנדער מענטש געוואָרן... אַן אנדערע וועלט דערזען... די אויגן וואָלטן זיך ביי דיר ערשט צעעפנט...

נאָך האָט געשוויגן.

דער מאַן האָט ווייטער גערעדט. ער האָט נאָכאַמאָל דערציילט וועגן נייע, אומבאַקאַנטע זאַכן; אויסגעמאָלט פאַר אים א בילד פון אַ צו־קונפטיקער, גליקלעכער צייט, ווען יעדער „גלעך" וועט זיך רואיק באַ־ארבעטן דאָס פעלד און ניט אויפגעפרעסן ווערן פון שטייערן; פון א צייט, ווען קיינער וועט מער ניט קומען צו פאַרטרייבן אימיצן פון זיין איינגעזעסענער היים; פון א צייט, ווען יעדער ארבעטנדיקער מענטש וועט לעבן פריי און גליקלעך...

נאָך האָט געשפּאַנט מיט זיינע שווערע טריט אונטערן קאַסטן און פון דער זייט זיך גוט איינגעהערט אין די צוזאָגנדיקע ווייד פון זיין באַגלייטער. אים, נאָכען, איז אזוי גוט געוואָרן אפן הארצן, אז ער האָט אָנגעהויבן שטעלן פעסטערע טריט, פּונקט ווי ער וואָלט שוין מער ניט געפילט די שווערע מאַסע אף זיך. אף דער בריק איבער דער „קורא" האָט ער זיך — ווי אַלעמאָל ביים אריבערגיין — אָפּגעשטעלט אף אָפּ־צורוען א ווייל. ער האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאַסטן אף דער פּאַרענטשע און אָפּגעאָטעמט. און קעדיי אביסל אָפּצוטייען די בלוי־געוואָרענע הענט פון די איינגעצויגענע שטריק, וואָס האָבן דעם קאַסטן ארומגע־האַלטן, האָט ער די שטריק עטוואָס נאָכגעלאָזט. דערווייל האָט ער מיט ביינקשאַפט ארונטערגעקוקט פון בריק און געזען, ווי דאָס געל־ברוינע, מוטנע וואַסער פון דער „קורא" האָט זיך אונטן געטראָגן מיט אזא אימפּעט. אים האָט זיך געדאַכט, אז דאָס טראָגט זיך דאָס וואַסער אזוי אוועק קיין קאַכעטיע, אין דאָרף פון זיינע שטענדיקע האָפנונגען.

דער מאַן האָט מיטאַמאָל ארויפגעלייגט א האַנט אף נאָכס אַקסל און א זאָג געטאָן:

— פאַרוואָרף דיין ביינקשאַפט. קום צו אונז. מיר וועלן דיר די דאָזיקע נייע וועלט באַווייזן. מיר וועלן פאַר דיר דאָס נייע לעבן אויפדעקן. קום, מיר זענען דיינע פריינט...

נאָי האָט אַרונטערגעלאָזט די אויגן און זיך געקווייִנקלט:

— ווי אַזוי וועל איך, אַ פּאַשעטער „גלעד", אַ געוויינטלעכער „מושאַ", צווישן אַזעלכע ווי איר, צווישן קניאַזן און...

דער מאַן האָט געשמייכלט:

— ניט קיין קניאַזן זענען מיר. מיר זענען „מושאַס", ווי דו אַליין. מיר זענען פּראָסטע אַרבעטער און... און דיינע פריינט...

נאָי האָט געשוויגן. ער האָט זיך ווידער איינגעשפּאַנט אינם קאַסטן, פעסטער איינגעצויגן די שטריק, אַרומגעוויקלט זיי אַרום די פּעסטע, פאַרברויינטע פויסטן, און ווייטער גענומען שפּאַנען מיט דער מאַסע איבער די שאַרף־שפּיציקע שטיינער פונם גאַסן־ברוק.

אין אָוונט, גלייך נאָך דער אַרבעט, איז נאָי, ווי אָנגעוויזן, אַוועק ערגעץ אויף אַ זייטיקער גאַס, אין אַ גרויסן, פּוסטן הויף. אומבאַקאַנטע מענטשן האָבן אים ביים טויער אָנגעגענגט, פריינטלעך זיין האַנט גע־דריקט, „אַמכאַנאַקאַ" (21) גערופן און אים אַריינגעפירט אין עפּעס אַ טונקעלן שפּייכלער. דאָרט האָט ער, נאָי, נאָך פיל מענטשן געזען, זיך אַוועקגעזעצט צווישן זיי, אויף אַ ליידיקן קאַסטן, און זיך איינגע־הערט אין נייע, נאָך קיינמאָל פריער ניט געהערטע רייד. ליידנשאַפט־לעך האָט ער געשלונגען די נייע ווערטער און באַגריפן, וועגן וועלכע ער וואָלט פריער אַפילו מורא געהאַט בלויז אַ טראַכט צו טאָן. מיט נייגעריקער אויפמערקזאַמקייט האָט ער זיך איינגעהערט ווי איינער האָט דערציילט וועגן צוויי פיינטלעכע וועלטן; פון איין זייט — דער צאַר, מיטן נאַמיעסטניק, מיט אָפיצירן, קניאַזן, פּאָליציאַנטן, באַלעבאַ־טים, הענדלער, בורזשויעס און עקספּלואַטאַטאָרס. און פון דער צווייטער — „מושאַס", „גלעכן", פּראָלעטאַריער, נויט־ליידנדיקע, אונטער־דריקטע און עקספּלואַטירטע. צוויי וועלטן, וואָס כאָטש ער אַליין האָט זיך מיט זיי יעדן טאָג אָנגעטראָפן, אָבער קיינמאָל ניט געקאָנט באַ־גרייפן אויף קלאָר פאַרוואָס דאָס איז אַזוי.

גאַנצע נעכט נאָכדעם איז ער, נאָי, ביי זיך אין שטיבל, אויף דער „טאַכטאַ" געלעגן און געטראַכט וועגן יענער גליקלעכער צייט, וואָס מען האָט דאָרט, ביי דער פאַרזאַמלונג דערציילט. ער האָט געלעבט און גע־אָטעמט מיט יענער האָפענונג. זיינע מידע, האַלב־געשלאָסענע אויגן, האָבן אויף דער גרויער וואַנט פון צימערל אויסגעמאָלט בילדער פון יע־נע נייע און שטאָלצע מענטשן, מיט אויסגעגלייכטע רוקנס, דרייסטע בליקן, פאַרשטשעמעטע ציין און געבײַלטע פויסטן. די מענטשן, האָט נאָי געזען, קלויבן זיך צוזאַמען און ווערן וואָס אַ מינוט אַלץ מער און מער. פון זיי איז אויסגעוואַקסן אַ ריזיקע מאַכנע. די גרויע וואַנט האָט זיך פאַנאַנדערגערוקט און נאָי האָט דערזען, ווי זיי, די פאַרזאַמל־טע „מושאַס" און „גלעכן", האָבן גענומען מאַרשירן אין פאָראויס און דערביי געזונגען אַזעלכע שטורמישע פרייִלעכע לידער. ער, נאָי, האָט האַנאַ געהאַט און מיטגעריסן געוואָרן מיט דער מאַכנע. צוזאַמען

האָט ער מיטמאַרשירט און געזונגען. דער וועג—האָט נאָך געזען, — איז א שווערער און ווייטער געווען. די מאסע איז אבער געגאַנגען ווייטער און ווייטער... אָט, — זעט נאָך, — איז די גאַנצע מאַכנע אָנ־געקומען אין זיין אמאָליקן, היימישן דאָרף, אין קאכעטיע... יענער אפי־ציר, וואָס האָט זיי פון הויז פארטריבן, האָט זיך געפּרוואוט אנטקעגנ־שטעלן; אבער איז, אונטער די מאַכטיקע טריט פון דער מאַכנע, צע־טראָטן געוואָרן... אָט זענען זיי צוגעקומען צום גאַניק פון זייער שטוב, וואו זיין מוטער פלעגט אמאָל זיצן און שפּינען מיט אירע דאַרע פינגער די שיינע קווייטן און פאַצירונגען אף די ראַשיק־קאָלירטע טעפּיכער... אירע לידער זענען, דאַכט זיך, נאָך אינדערלופטן געהאַנגען... אָט האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט... אים, נאָיען, האָבן יאָטן אוועקגעזעצט אָפן גאַניק און גענומען זינגען און טאַנצן ארום אים... לעבן זיך, אָפן גאַניק, איז געזעסן א געזונטע, רויט־באַקיקע מויד. זי האָט געשפּינט א טעפּיך און פונקט ווי די מוטער זיינע, געזונגען אזעלכע פריילעכע היימישע לי־דער... נאָך האָט גענומען אונטערשמייכלען פון זיסער האַנאַע. מיטא־מאָל האָט ער זיך א כאַפּ געטאָן:

— זאָל דאָס אַלץ נאָר האָבן בלויז א כאָלעם געווען?...

ער האָט אומבאַקוועם געשמייכלט. געפילט האָט ער, אז דאָס איז ניט בלויז אזוי זיך א כאָלעם. ער האָט געגלויבט, אז אזוי וועט עס פּאַרט אמאָל זיין. אזוי האָבן דאָך געזאָגט זיינע לערער... אזוי שטייט דאָך אין יענע ביכלעך געשריבן:

— אָט, זאָלן נאָר די „מושאַס" פאַר איין טאָג בלויז אויפהערן צו אַרבעטן און שווערע פּעק טראָגן; זאָלן נאָר די אַרבעטער אף איין טאָג זייערע קיילים און מאַשינען אוועקלייגן . . . זאָלן נאָר די „גלעכן" די „אַרבאַס" מיט שפּייז און האָלץ אין שטאָט ניט ברענגען . . . זאָלן נאָר אַלע האַרעוואַניקעס אף דער גאַס ארויסגיין און אויסשרייען זייער שטאַרקן ווילן . . . דאַן . . .

אַלץ וועט דאַמאָלס אזוי אַנדערש ווערן... מען וועט דאָס אַלטע כאַרעוו מאַכן... אף די צעשטערטע כורוועס פונעם אַלטן, וועט מען א נייע וועלט אויפבויען... א וועלט פאַר יענע, וואָס האָבן אַלעמאָל גע־האַרעוועט און קיינמאָל פון קיין פריי לעבן ניט געוואוסט....

נאָך האָט געגלויבט און איז זיכער געווען, אז אזוי וועט עס זיין. ס'איז דאָך טאַקע אזוי איינפאַך; זאָלן זיך נאָר אַלע „מושאַס" דערוויסן וועגן דעם. מען דאַרף בלויז ארויסגיין אף די גאַסן און אַלעמען דער־קלערן....

**4.**

שווערע טעג — ווי שווערע קאַסטנס — האָבן זיך אף נאָים פּלייצעס געלייגט. די מאַסע פונם לעדערנעם זאַטל האָט אים די אַקסלען און פּלייצעס געדריקט. זיין קיילעכיקע, איינגעבויגענע פּלייצע איז נאָך קיילעכיקער און איינגעבויגענער געוואָרן. ווייסע פּעדימלעך האָבן

זיך ביסלעכווייז אין זיינע שווארצע האר אריינגעפלאכטן און די הויט פון זיין צעברענטן פּאַנים איז מיט רינצלעך איינגעקארבט געווארן. בלויז די לעבעדיקע אויגן האָבן מיט האָפנונגען געלויכטן, דאָס האַרץ האָט שטאַרקער געקלאַפּט און דער מויעך האָט טיפער געטראַכט.

ענדלעך האָט עס זיך אָנגעהויבן. די ארבעטער האָבן די אַרבעט געוואָרפן און מאַסנווייז אַף גאַסן ארויס.

מיט צעעפנטע מויל און אויערן האָט זיך נאַי צוגעהערט צו די רייד פון די פירער. ווי א שיכּער האָט ער יעדן פריִמאָרגן די נייעסן אין די צייטונגען געשלונגען. אַ, ער האָט זיך שוין אויסגעלערנט א צייטונג לייענען. עמעס, האמעטנע און שווער איז אים נאָך אָנגעקומען א ווארט צו באהערשן, אבער ער האָט זיך פּאַרט דורכגעשלאָגן. ער אליין האָט שוין אפילע ביי פאַרזאַמלונגען אַף די גאַסן־ראַגן צו אנדערע „מושאס" גערעדט און זיי מיט זיין אייגענעם פייער אָנגעצונדן. האָבן אים אַלע מיט אויסגעהונגערטע אויערן געהערט; פיל זענען אים נאָכ־געגאַנגען, געפאָלגט און געגלויבט.

מאַסן האָבן זיך — פאַראייניקטערהייט — אַף גאַסן ארויסגעלאָזט. רויט־פייערדיקע פענער איבער די קעפּ צעווייעט, און מיט שטורמישע אויסרופן פאָדערונגען אויסגעשריגן:

— רעוואָלוציע!... זאָל לעבן די באַפרייאונג!...

נעבכטיקע הערשער זענען פון שטאָט אנטלאָפן. געוועזענע הענ־קער זענען אין טפיסעס פארשפּארט געוואָרן. אמאָליקע פאַרפאָלגטע האָבן זיך אין פּאַלאַץ באזעצט. פרייד האָט זיך צעשפּרייט איבער גאַסן און געסלעך, איבער מארק און סקווערן. יובל האָט פון פּענימער און אויגן ארויסגעלויכטן. פאַרפאָלגטער און געדריקטער האָבן זיך אַף גאַסן באגעגנט און איינער דעם צווייטן אין ליפּן זיך צעקושט. זינגערי־שע פרייד האָט זיך אַף סקווערן צעשאַלט און איבער שטאָט האָט פרייַ־דיקער אַנזאַג זיך צעהילכט:

— זאָל לעבן די פרייִהייט!... זאָל לעבן!...

האָבן גרוזינער — אסיריער פריידיק געהאַלזט. ארמענער — טאַ־טאַרן ברידערלעך געקושט. איד און גרויס־רוס די הענט זיך געדריקט. אַף אלעמענס מיילער איין געזאַנג:

— פרייהייט, פרייהייט פאר אלעמען!... זאָל לעבן!... זאָל לעבן!...

אָפּגעווישט און פארגעסן איז געווארן די אמאָליקע סינע, וואָס גאַלעד, ראַוו און „מולא" (22) האָבן לאַנגיאַריק אין מויכעם פארזייעט. אָפּגעמעקט איז געווארן די צעטיילונג צווישן איין ארבעטער־מענטש פונם צווייטן. דערנענטערונג איז געקומען פאר פאַרהאַרעוועטע ברי־דער.

נאַי, צוזאַמען מיט א מאַסע, איז געשטאַנען לעבן די גרויסע, מאַ־סיווע קאָלאָנעס פונם געוועזענעם הערשערס פּאַלאַץ. דאָרט, וואו ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק, האָט ער אפילע בלויז נאָענט צוגיין ניט

געטאַרט. איבער די קעפּ האָט אַ רויטע פאָן מיט גאָלדענעם פּונם דאָך אַרונטערגעוואָונקען. אַ פלאַמיק־רויטע פאָן, וואָס האָט אַזויפיל צוגע־זאָגט...

טעג זענען פאַרבייגעשוואומען אין אומגעדולדיקער דערוואַרטונג, אָבער אַלץ איז נאָך ווי פריער ביים אַלטן פאַרבליבן. אויף גאַסן־ראָגן האָבן זיך רעדלעך מענטשן געקליבן און איבער אַלע גאַסן האָט זיך געטראָגן אַ צעוויטיקטע אַנטוישונג:

— צי האָבן זיי זייערע צוזאָגונגען פאַרגעסן?...

— וועט מען אַמאָל פאַרשפּראָכענע ערד פון פּריצישע הענט פאַרט אַרויסנעמען?...

— ווען וועט אַמאָל „גלעד" אין דאָרף זיך אומקערן?...

— וועט מען אַמאָל בלוט־זויגער פון אַנגערויבטן רייכקייט פאַר־טריבן?...

פּאַלאַץ אָבער האָט נאָך אַלץ געהייסן וואַרטן. זידנדיק בלוט באַ־פוילן איינצוצאַמען. יאָ, נייע הערשער האָבן זייערע צוזאָגונגען אפּאָנים איינגאַנצן פאַרגעסן...

אויף פאַרשטאַרקטע פאָדערונגען פון אַרבעטער, האָט פּאַלאַץ מיט נייע צוזאָגונגען געענטפערט. אַרבעטער־פאָלק האָט געהערט, געהויבן די אַקסלען און געפרעגט:

— עפּשער היינט?... עפּשער מאָרגן?...

אומצופרידנקייט האָט זיך געשפּרייט פון מענטש צו מענטש און זיך איבערגעגאָסן פון מויל צו מויל. אויף גאַסן־ראָגן האָבן זיך „מו־שאַם" און „גלעבן" באַגעגנט, זיך איבערגערעדט און מיט אַנטוישונג אונטערגעזיפצט:

— אויף וואָס וואַרטן מיר?....

מיטאַמאָל האָבן אויגן פאַרכידעשטע אויפגעציטערט:

— פאַרוואָס איז עפּעס רויטע פאָן אויפן פּאַלאַץ גאָר מיטאַמאָל מיט שוואַרץ־ווייסע פאַסן אַרומגעזוימט געוואָרן?...

— פאַרוואָס איז גאָר אויפן פּאַלאַץ־טורעם בלויז דאָס וואָרט „סאַ־קאַרטוועלאָ" (23) אַליין באַלויכטן ?...

פאַרזאַמלטע האָבן, פרעגנדיק, אויף נאַיעץ געקוקט. אָבער נאַי אַליין האָט אויך ניט באַגריפן וואָס עס איז פאַרגעקומען. מען האָט דאָך אים אַמאָל, אינם פאַרבאַרגענעם שפּייכלער, געהאַט געלערנט, אַז גרוזין, אַרמענער און טאַטער איז איינס. אַז ניטאָ קיין כילעק צווישן איין אונטערדריקטן און דעם צווייטן. אַז פרייהייט און ברידערלעכקייט מוז קומען פאַר אַלע האַרעוואַניקעס, ווער זיי זאָלן ניט זיין... נו, און איצט, אויב עס וועט — ווי זיי האָבן עס געטאָן — בלויז „סאַקאַרט־וועלאָ" אַרויסגעשטעלט ווערן, וואָס וועלן דאַן די אַנדערע, די ניט־„סאַקאַרטוועלאָס" טאָן?... וואָס וועט מיט זיי זיין?...

נאָיס שטערן איז מיט שווייס באַדעקט געוואָרן. די אויגן האָבן

געגליט פון צעוויטיקטער פיין. די ציין האבן זיך צוזאמענגעשטשע־מעט פון ברענענדיקן קאאס. די פויסטן האבן זיך צונויפגעקלאמערט פון אויפגעקאכטער רוגזע, קעגן די מאסיווע, דעמבענע פאלאץ־טירן, הינטער וועלכע די נייע פירער זענען אין ווייכע שטולן געזעסן. נאי האט געפאדערט:

ער מוז אריינגיין. ער מוז די איצטיקע הערשער, די געוועזענע לערער, אויג אף אויג באגעגענען. ער מוז זיי פרעגן. זאלן זיי אים זאגן. זאלן זיי אים א רעכענונג אפגעבן, וואו זייער אמאליקע לערע איז אהינגעקומען....

מען האט אבער נאיען אין פאלאץ ניט אריינגעלאזט. באוואפנטע יונגען האבן זיך, מיט געלאדענע ביקסן אין די הענט, ביי די טירן גע־שטעלט. איבער אקשאנעסדיקע קעפ און פלייצעס מיט שווערע קאל־בעס געשלאגן. פונקט ווי אמאל איז דער פאלאץ א פרעמדער און סוינעשער געווארן...

נאי איז אבער ניט אפגעטראטן. ער האט זיך פון וויטן, אף בריי־טער גאס, אנטקעגן פאלאץ, געשטעלט, און מיט בלוטיקן צארן זיין האס אין די פענצטער אריינגעווארפן:

— פאררעטער, ארויס פון פאלאץ!... ניט דערפאר האבן מיר אונ־זער בלוט געגעבן!...

אף גאס, ארום נאיען, האבן זיך אנטוישטע מאסן געזאמלט. מאכטיקע פויסטן האבן זיך אין לופטן געהויבן. גליענדיקער צארן האט פון טויזנטער אויגן געבליצט און פייערדיקע געשרייען האבן זיך פון מיילער געטראגן:

— פאררערטער!.... — ארויס פון פאלאץ!...

ברידערלעכע הענט האבן נאיען אף געזונטע ארעמס געטראגן. ווי אף יאם־כוואליעס אים אין לופטן געוויגט. און האפנונגספולע אויגן האבן אים אין אויער געווארעמט:

— שריי, שריי אויס, ברודער, אונזער בלוטיקן פארדראס און פייערדיקן צארן!...

פון פאלאץ־הויף זענען צעווילדעוועטע מאכנעס נאציאנאל־גוואר־דיע־יונגען אנגעלאפן. זיי האבן נאיען פון אונטערגעשפארטע הענט ארונטערגעריסן. האבן אים איבער נאקעטן ברוק ווי ווילדע געשלעפט און מיט שטיוול — ראצכיש — איבער קערפער געטראטן. סוינעשע פויסטן האבן זיך איבער נאיס קאפ און פלייצע צעהאגלט:

— פאררעטער!...

נאי האט פארכידעשט דורך בלוט געלאכט:

— פאררעטער?... איך — פאררעטער?....

נאי איז אפגעטראטן. צו שטארק זענען די ביקסן און פויסטן פון סוינעשע יונגען געווען. ער איז אבער אינגאנצן ניט אוועק. שוין אז זאטל און אז שטריק איז ער צו די גאסן־ראגן געגאנגען און, מיט גע־

זונטע הענט און פייערדיק מויל, גליענדיקע ווערטער צו ברידער גע־וואָרפן. געשאָסן מיט הייסן פּולווער דעם צעגליטן וויטיק:

— ברידער, „אמכאַנאַקאָס", מען האָט אונז פאַרראַטן!...

שאַרף־באַשווערדלטע הענט האָבן זיך אַף זיינע אַקסלען געלייגט. שיפּענדיקע פיסקעס האָבן אים מיט שפּיאָן־זינד באַשמירט און פעסטע לאַפּעס האָבן אים אין מעטעד־שלאָס, אין אַ פינצטערן איינצל־קאַמער אַריינגעוואָרפן.

נאָי איז געזעסן איינער אַליין אין קאַמער. גאַנצע טעג האָט ער דורך געגראַטעטן פענצטערל צום אַפּגרונט פון דער „קוראַ" זיינע פאַר־ביינקטע בליקן געוואָרפן. געזען האָט זיך דאָרט בלויז אַ שמאָלער פּאַס פונם ברודיק־מוטנעם טייכל, וואָס האָט זיך געאיילט באַרג־אַרונטער און, אינם גאַנג, מיט אַקשאָנעסדיקער איינגעשפּאַרטקייט אונטערגע־שווייקט די איינגעפונדעוועט־שטאַרקע פיס פון די סקאַלעס, אַף וועלכע דער אוראַלטער טפיסע־שלאָס איז געווען איינגעמויערט. נאָי האָט זיך איינגעהערט און געדאַכט האָט זיך אים, ער הערט:

— מיט אַקשאַנעס קאָן מען דעם שטאַרקסטן פעלז, אויב ער איז אין וועג, לייכט פאַרניכטן...

לאַנגע, איינזאַמע טעג, זענען אין שנעל־לויפנדיקן טייך, ווי שווע־רע שטיינער, דערטרונקען געוואָרן. עס זענען אָנגעשוואָלענע שוואַר־צע, ווילדע נעכט, וואָס האָבן — ווי בייזע יאַם־וועלף — מיט טויזנ־טער גליענדיק־שרעקעוודיקע אויגן — אין פענצטערל אַריינגעפינטלט. פון דרויסן, פון דער צווייטער זייט טפיסע־וואַנט, האָט נאָי, פון כאַוויי־רים, געהיימע און צוזאַגנדיקע יעדיעס דערהאַלטן. האָפנונגפולער צו־זאָג האָט זיינע פינצטערע נעכט באַלויכטן:

— דאָרט, אין דער פרייער טפיסע, האָט ברויזנדיקע מענטש־כוואַליע אַף פעסטן, פאַררעטערישן רעגירונג־פעלז, מיט אַקשאָנעס־דיקן קאַמף זיך פאַרנומען!...

— אַרבעטער־פאָלק האָט זיינע הענט אין פויסטן פאַרדריקט און גרייט זיך די פאַררעטערישע שוואַרץ־ווייסע פאַסן פון דער רויטער פאָן אַרונטערצורייסן !...

אין פאַרהוונגערטע, איינזאַמע טעג, אין שלאָפלאָזע, פאַרביינקטע נעכט, האָט נאָי מיט ברויזנדיקן אָטעם אין די קאַמף־געשרייען פון זיי־נע ברידער זיך איינגעהערט. זיך צוזאַמענגעשלאָסן מיט געשריי פון די מושאָם" און „גלעבן", וואָס האָבן — האַמער, שטריק און אַקער — אַף ביקס און פויסט פאַרביטן. מיט גליענדיקן אומגעדולד האָט ער גע־ציילט יעדן קלאַפּ פון די ברומענדיקע קוילן־וואַרפערס, וואָס האָבן ער־געץ אַף די הויכע בערג, אַרום שטאָט, אַ הייסן געשלעג מיט פאַררעטע־רישע פירער אָנגעפירט.

טעג האָבן זיך שטורמישע געטראָגן. נעכט זענען שטילע און פינצטערע געווען. די אויגן פון שטאָט זענען בלינד־אויסגעלאָשן

געוואָרן. די לאַמטערנס אויף די גאַסן האָבן ניט געברענט. די אַרבע־טער וואָס האָבן דאָס ליכט געשאַפן, זענען אין קאַמף, אויף גאַסן אַרויס. פון צייט צו צייט האָט דורך פינצטערער פּוסטקייט אַ זשומעדיקע קויל דורכגעשניטן:

— פאַררעטער, אַרויס פון פּאַלאַץ!...

נאָך האָט זיך איינגעקלאַמערט אין די גראַטעס, די אויגן אין דער נאַכט איינגעגנעסן און האַרץ — מיט האָפנונגספולן גלויבן אָנגעפילט:

— מיר וועלן זיגן!...

ס'איז אָנגעקומען די לעצטע נאַכט. אַפּטרעטנדיקע באַזיגטע האָבן זיך אין ווילדער שיקרעס און העפקערדיקע אַוואַנטיורעס גע־וואָרפן. פענצטער־שויבן פון הייזער און קראָמען מיט שטיינער און שטעקנס צעבראָזגעט. סכוירעס פון געשעפטן — אין זעק פאַרפּאַקט. סקלאַדן פון שפּייז — אין קאַסטנס און וועגענער געלאָדן. מוזעאום־ווענט פון טייערע בילדער און היסטאָרישע ווערטן — נאַקעט אויס־געטאָן. צעווילדעוועט האָבן זיי זיך אויף הירזשענדיקע פערד איבער פינצטערע גאַסן געטראָגן. צו דער גרענעץ!... צום יאַם!... מיט אָנ־געראַביטע פאָלקס־אוצרעס אין די אויסלאַנדס אַנטלאָפן...

שטאָט איז ענדלעך שטיל געוואָרן. איינגעשטומט איז געוואָרן דאָס נעכטיקע שיסעריי. זיגערישע הענט האָבן די ביקסן אַוועקגע־לייגט און זייערע וואונדן געהיילט.

אויף צומאָרגנס האָבן זיך טויערן פון מעטעד־שלאָס זיגעריש צע־עפנט. באַוועריש־פרייליכע פּענימער האָבן זיך אין קאַמער אַריינגע־גאָסן. געזונטע הענט האָבן נאָך אין לופטן געטראָגן און יובלדיקע געשרייען האָבן זיך פון מיילער צעשאָלט:

— זאָל לעבן!... זאָל לעבן!... צום פּאַלאַץ!..

נאָים האַרץ איז מיט פרייד פאַרפולט געוואָרן. דאַנקבאַר האָט ער זיינע באַפרייער די הענט געדריקט און אָניוועסדיק, מיט פאַרטרערטע אויגן, ערנסט געבעטן:

— ווי קום איך, אַ פּראָסטער „מושא", גאָר אין פּאַלאַץ צו זיצן?...

זיגערישע באַווירים האָבן גוטמוטיק געלאַכט:

— ווייל אַ פּראָסטער „מושא"... דערפאַר האָבן מיר דאָך אונזער קאַמף געפירט, אַז ניט מער זאָל קיין פּרעמדער איבער אונזערע לעבנס געוועלטיקן... מיר אַליין, דו, אונזער אייגענער ברודער, וועט אונז פון איצטער אָן, צו אונזער פרייהייט און גליק דערפירן...

נאָי האָט געשוויגן. ווילן פון „מושא" און „גלעך" איז פאַר אים אַ הייליקער באַפעל געווען.

הייסע, פאַרנומענע טעג, האָבן זיך פאַר נאָיען געשטעלט. שווע־רע אַרבעט — שווערער ווי טראָגן דעם זאַטל — איז אויף זיין מידע, אויסגעליטענע פּלייצע, טאָג נאָך טאָג אַז אויפהער געלעגן.

אַ נייע רויטע פאָן האָט זיך פון פּאַלאַץ־דאַך, מיט גאָדלעס אַרונ־

טערצעווייעט. אַ פּאַן — שוין אַן דער באַפּלעקונג פון שוואַרץ־ווייסע פּאַסן. אַ פּאַן — וואָס האָט אַנגעזאָגט באַפרייאונג פאַר אַלע קנעכט. פאַר אַלע: גרוזין, טאַטער, ארמענער, לעזגין, אַסעטין, טשעטשענעץ, איד און רוס. אַ פּאַן — וואָס האָט אַנגעזאָגט אַ פרײדיקן אַנזאָג:

— פרייהייט פאַר אַלעמען!... יאַנטעוו פאַרן באַפרייטן קנעכט!...

פרייע מענטשן האָבן אַף גאַסן מיט שטאַלצע טריט מאַרשירט. גלאַנציקע אויגן האָבן מיט גליקלעכע פייערלעך געבליצט. זיגערישע פּענער און סטענגעס האָבן פרײדיקע מאַכנעס מיט רויטן באַצירט. זינגענדיקע קוילעס האָבן די גאַסן מיט פרייד־געשרייען פאַרקלונגען:

— פרייהייט פאַר אַלעמען!... יאַנטעוו פאַרן באַפרייטן קנעכט!...

געשאַפענע גרענעצן צווישן שכײנישע לענדער האָבן ברייט זיך פאַנאַנדערגעעפנט. איבערגעהאַקט איז געוואָרן די געקינצלטע צעטיילונג צווישן איין פאָלק און דעם צווייטן. אַפּגעווישט איז געוואָרן דער בילעק פון מענטש צו מענטש. אַ יאַנטעוו פון פרייד און זיג איז אַף גאַסן געהאַנגען, פון צעעפנטע פענצטער ארויסגעבליקט און פון ארונטערגעהאַנגענע פּענער ארונטערגעזונגען.

איבער גאַסן און סקווערן האָבן אויסגעמידטע רויט־אַרמייער זיגעריש ארוממאַרשירט. שאַרפע ביקס־שפּיזן האָבן — ווי שעמעוודיקע קאַלעס — קעגן דער בלענדנדיקער זון מיט שטאַלץ זיך צעגלאַנצט און צווישן די קאַרבן, אַ קוים־אַנזעבאַרע פרייד פון פאַרגאַנגענעם זיג באַהאַלטן. עס האָט אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן, אין פאַרענטפערן זיך פאַרן אַפּגעטאַנענעם קאַמף, אויסגעזונגען אַ צוזאָג:

— דאָס איז שוין אונזער לעצטע שלאַכט געווען!...

פרײדיקע מענטשן האָבן דאָס אונטערגעכאַפּט און איבער גאַסן און סקווערן האָט זיך צעפלייצט זייער נייער געזאַנג:

— דאָס איז שוין אונזער לעצטער שלאַכט געווען!...

שטאָט איז ווי נײ־געבוירן געוואָרן. שטאָט און דאָרף האָט זיך צום בויען און שאַפן גענומען. אַ געזאַנג פון באַפרייטער ארבעט האָט זיך איבער דערפלעך און שטעט צעטראָגן. פון באַרג און טאָל האָט זיך געטראָגן דאָס נייע ליד:

— דאָס איז שוין אונזער לעצטע שלאַכט געווען!...

פרײדיקע בסורעס האָבן זיך פון פּאַלאַץ איבער גאַסן צעזייעט:

— פרייהייט!... גלייכהייט!... ארבעט פאַרן ארבעטנדיקן פאָלק!.. ערד — פאַר די „גלעבן"!... פאַבריקן — פאַר די „מושאס"!... יעדער וואָס מיעט זיך — זאָל זיין ברויט באַקומען!...

נעכטיקער צאַאַר האָט זיך אין פרייד פאַרוואַנדלט. נעכטיקע קלאָלע פון פאַרקויפטער ארבעט איז אַ בראָכע געוואָרן... איינגעבויגענע רוקנס האָבן זיך אויסגעגלייכט... אויסגעלאָשענע אויגן האָבן זיך מיט פייערלעך צעגליט... פאַרמאַזאָלעטע הענט האָבן אויסגעזונגען אַ ליד פון באַפרייטער מי.

יעדער ארבעט־טאג איז א יאנטעוו געווען. יעדער רו־טאג — א סימכע. מאסן זענען אף גאסן מיט פענער ארויס און האבן זייער דערוואַרבענע פרייד אף סקווערן אויסגעזונגען:

—זאל לעבן!... זאל לעבן!... דאס איז שוין אונזער לעצטע שלאכט געווען!..

### 5.

אין שפעטע אוונטן, נאך לאנגע טעג פון אנגעשטריינגטער מי, איז נאַי פון זיין נייער היים, אין פאלאץ, אף גאסן ארויס. אין הארצן האט געגאַנגט א בייזקשאפט צו די היימישע, ארימע געסלעך, צו די רוי־שיקע גאסן־ראגן און צו זיינע ברידער „מושאס". לאנגע שאען האט ער איבער זייטיקע, טונקעלע געסלעך, געוואנדערט; זיך צו שמועסן פון כאווירים צוגעהערט און געזוכט אויסצוגעפינען, צי איז ניט עפעס אז אומצופרידנקייט פארזען.

אבער אומעטום, וואו נאר א הארעפּאשנער מענטש, האט זיך בלויז פרייד און צופרידנקייט געהערט. אומעטום וואו נעכטיקער שקלאף האט זיין וואוינונג געהאט, האט פון פענצטער א יאנטעוו ארויסגעשיינט. בלויז ערגעץ אין די אפגעלעבטע רייכע גאסן, דארט וואו אמאל פלעגן די נעכט, ביז אין די פריע פארטאגן, מיט וויין, מוזיק און געלעכטער אויסגעפילט ווערן, — האבן פענצטער — פארהאנגענע — מיט ברויגעזער סינע געבלאזן. בלויז דארט, וואו אמאליקע ווילדע רייכקייט האט געהערשט, — האט נאַי געהערט באהאלטענע ווארטשע־רייען און אפט פארטייעטן שטילשווייגן.

נאַי איז איינער אליין פון גאס צו גאס געגאנגען און פון ראג צו ראג זיך געשלעפט. און אז ער איז מיד געווארן, איז ער צו דער בריק איבער דער „קורא" אוועק. דארט האט ער זיך — ווי זיין אמאליקע געוואוינשאפט — לעבן דער פארענטשע געשטעלט, זיך אריבערגע־בויגן און מיט פארבייזנקטע אויגן צום וואסער ארונטערגעקוקט:

—זאל נאר די פרייהייט זיך באפעסטיקן. זאל נאר יעדער „מו־שא" און „גלעד" זיין פולע רעכט באקומען. זאל נאר רעשטל פון באהאלטענעם סוינע פארטריבן ווערן, — וועט ער דאן צו זיך אין דארף אוועק און דארט זיינע עלטערע, אויסגעהארעוועטע טעג אין שטי־לער רו אויסלעבן!...

איבער דער פינצטערער נאכט איז א שווארצער הימל געהאנגען. שטערן און לעוואנע האבן זיך ערגעץ אין א הייל פון זייער נאכטיקער מעמשאלע באהאלטן. טויטע שטילקייט האט איבער שטאט געוועלטיקט. פראצעדיקער מענש איז נאך שווערער מי אין אפרו געלעגן. בלויז אונטן, פונם טיפן וואסער, האבן פלעסקענדיקע כוואליעס נאיען אין אויער א סאד געזאגט:

— ער, ווען דו וואלסט שווימען געקאנט, וואלסטו קיין קאבעטיע, צו זיך אין דארף, געווען אוועקגעשוואומען...

נאַי האָט שווייגנדיק געשמייכלט.

מיטאַמאָל האָבן זיך שטיל־געגאַנגענע טריט הינטער נאַיס רוקן דערפילט. נאַי האָט זיך אַ דריי געטאָן, ברייט צעעפנט די אויגן און דערזען:

אַ שוואַרצע געשטאַלט האָט זיך פון פינצטערער נאַכט אַרויסגע־שיילט. אַ בלאַנקעדיק מעסער אין דער אויסגעשטעלטער האַנט געהאַל־טן און...

נאַי האָט דערפילט אַ שניידנדיקע וואַרעמקייט אין פּלייצע. זיין ציטערדיקער אויסגעשריי האָט זיך, אין דער ביינאַכטיקער שטילקייט אויף פּיצלעך צעבראָקן. די קניען האָבן זיך אָנגעהויבן בויגן און זיין קערפּער האָט זיך גענומען אַרונטערלאָזן. אָבער אָט האָבן זיך אַ פּאָר שווערע הענט אין זיין גוף איינגעקלאַמערט, האָבן אים איבער דער פּאַרענטשע אַ הויב געטאָן און...

נאַי האָט זיך געפּרוווט דערמאָנען וואָס עס איז געשען, אָבער ניט געקאָנט. אַ שווערע פאַרגעסעניש האָט אין מויער געשניטן. אין די אויערן האָבן מאַסן גלאָקן זיך צעקלונגען. פאַרביי די אויגן האָבן פייערדיקע רעדער מיט גרינע שפּיצן געשוועבט. דער מויער, דער קער־פּער, איז אַזוי שווער געוואָרן... ער איז געפאַלן, געפאַלן...

אונטן, ביים שטיינערנעם פוס פון בריק, האָט זיך דאָס געל־ברוי־דיקע, מוטנע וואַסער, מיט שטורמישער ווילדקייט צעשוימט און מיט רויטן באַפאַרבט. עס איז שטיל געוואָרן.

— — — — — — — — — — — — — —

פאַרטאָג האָט זיך אַ גאָלדענע זון אומשולדיק איבער דער בריק צעשמייכלט. איילנדיקע פאַרבייגייער האָבן זיך אָפּגעשטעלט און מיט צאָרן געקוקט אַרונטער, צום וואַסער.

איבער שטאָט האָט זיך טרויעריקע בשורה ווי אַ דונער צעטראָגן. אַרבעטנדיקע מענטשן האָבן איילנדיק די אַרבעט געוואָרפן און אויף בריק אַוועק. רויטע פענער האָבן זיך אין שוואַרצן באַקליידט און מיט אַרונ־טערגעהאָנגענע קעפּ, פון דעבער, זייער צאָרן אויסגעוויינט. מאַסן האָבן מיט געהויבענע פויסטן און פאַרשטשעמעטע ציין אַ שוואוע גע־געבן:

— נעקאָמע!...

— מיר וועלן אָפּצאָלן!...

אויפן ברייטן, שטאָטישן פרייהייט־פּלאַץ, ניט ווייט פונעם פּאַלאַץ, האָט שטאָט צוויי שווערע שטיינער געשטעלט. אַ גרויסע רויטע פאָן אויפן שפּיץ באַפעסטיקט און אויף טאָוול מיט געקריצטע ווערטער אָן אָנ־דענק געשריבן. אָן אָנדענק נאַיען — דעם מושאַ; נאַיען — דעם פּי־רער, וועמען סוינעס מערדערלעכע האַנט, האָט אין פינצטערער נאַכט, אַ מעסער אין רוקן אַריינגעשטאָכן...

# ווען טויערו עפענען זיך

(אויס דער סעריע: „פון אַ פרעמדן ווינקל")



ווייל עס גייט אַרום אַ ווערטל אין גרוזיע: „וואַרף אַ שטיין אין אַ הונט, — וועסטו זיכער אָנטרעפן אין אַ קניאַז", — מוז דאָ גלייך געזאָגט ווערן, אַז צאַליקאָ אָרדזשאַקידזע איז געווען אַן עמעסער קניאַז, וואָס האָט געציילט זיין אָפּשטאַם אַזש פונם אַמאָליקן גרוזינישן העלד שאַמיל.

און ווייל מען שטעלט זיך געוויינטלעך פאָר, אַז אַ קניאַז דאַרף זיין אַ הויכער, געזונטער און שיינער פאַרשוין, — מוז דאָ גלייך אָנגעמערקט ווערן, אַז וואָס שאַיך דעם דאָזיקן קניאַז, וועגן וועלכן עס דערציילט זיך דאָ, איז עס ניט געווען אַזוי.

אין עלטער פון זעקס יאָר איז ער פאַראַלאַזירט געוואָרן; אַרויסגעקומען פון עפּעס אַ שווערער קראַנקהייט מיט אַ צעדרייט מויל און אויסגעקרומטע פינגער אַף די הענט. די פיס זענען פאַרבליבן אין זייער קינדערישער גרויס און האָבן זיך מער ניט אַנטוויקלט. דערפאַר איז ער, דער קניאַז, שוין אַזוי פאַרבליבן אַן אויפגערעגטער, בייזער און אומצופרידענער אַף זיין גאַנצן לעבן.

אבער ניט געקוקט אַף דעם אַלעם, איז ער אינגלווייז אין שולע געגאַנגען און מען האַט אפילע געזאָגט, אַז ער איז זייער פיאַיק געווען. עס קאַן זיין, אַז די פיאַיקייט איז געווען דערפאַר, וואָס ער איז א קריינקלעכער געווען און עפשער גאַר דערפאַר, וואָס זיינע לערער האַבן זיך צו אים אפּגעגעבן מער ווי צו אַלע אַנדערע טאַלמידים. עס קאַן אויך מעגלעך זיין, אַז די לערער האַבן אים פּאַשעט דערפאַר געשטעלט גוטע צייכנס, ווייל ער איז געווען א קניאַז. דער עמעס איז דאָך, אַז דער פאַטער זיינער האַט גאַנץ לייכט געקאַנט קויפן פאַר אים די בעסטע צייכנס. אַבער איין זאַך איז זיכער געווען; אין מוזיק האַט ער זיך גאַר באַזונדערס אויסגעצייכנט. ער האַט קונציק געשפּילט אַף דער פיס - האַרמאָניע, וואָס איז ספּעציעל פאַר אים געמאַכט געוואָרן מיט אַזעלכע הויכע פיס-פּעדאַלן, קעדיי ער זאַל קאַנען דערגרייכן מיט זיינע קורצע, אומאַנטוויקלטע פיסלעך, אַנצופּאַמפּען די בלאַז-זעק מיט לופט.

און ווייל ער איז דערצויגן געווארן אין א שטוב פון רייכקייט און וואוילטאג, און איז טאמיד באדינט געווארן פון דינער און דינסטן, — האט ער קימאט ווי ניט געפילט דעם אומגליק זיינעם. יעדנפאלס איז עס אף אים ניט געפאלן אזוי שווער, ווי דאס וואלט געפאלן אף אן ארימען יונג, וועלכער וואלט נאך צו זיין גאנצן אומגליק, זיך אליין געמוזט פארזארגן מיט זיין טאג־טעגלעכן ברויט.

ניין. ניט דאס איז עס געווען דער פאל מיטן קניאז צאליקא!...

פיל שיינע הייזער, אומענדלעכע פעלדער, גרויסע וויינגערטנער און הונדערטער ארבעטער, פויערים און באדינער, האבן געארבעט און צוגעשטעלט אלץ ביז איבערן מויל פאר זיין פאטערס הויזגעזינט, וואס איז איינגאנצן באשטאנען פון אים און זיין פאטער. קיין מוטער האט ער שוין לאנג ניט געהאט. אין הויז איז געווען אזא שעפע, אז עס איז גענוג געווען פאר הונדערטער געסט און דערפון איז אויך געבליבן עפעס פאר די דינער, וואס האבן גאנץ שווער געארבעט פאר זייער ביסן ברויט...

און אזוי ווי צאליקא איז געווען א בען־יאכיד, האט ער ביים פאטער געהאט פון אלעם וואס ער האט נאר אליין געוואלט. א ספעציעלן דינער אפילע, וואס פלעגט זיך אפגעבן איינגאנצן מיט אים; אים אנטאן און אויסטאן, געשפייזט און שפאצירט מיט אים און ביכלאל געטאן אלץ וואס ער האט באפוילן. ער האט פאר אים געשפאנט די קליינע פאני אינם געשניצטן, אויסלענדישן בריטשקעלע און אים אריינגעזעצט, אז ער זאל קאנען ארומפארן. צאליקא האט ליב געהאט ארומצופארן איבער זייערע פעלדער און וויינגערטנער; כוואשטשען מיט די צעקרומטע פינגער די בייטש איבערן קליינינקן פערדלס רוקן און זיך צוקוקן, ווי הונדערטער יונגע פויערים און פויערטעס האבן אף די פעלדער געארבעט, אדער געקוועטשט דעם ווייַן. מיט האנאע האט ער זיך געשפיגלט אין די נייע, ווייסע פעסער, אין וועלכע דער וויין איז נענאסן געווארן; באטראכט די אנגעפילטע וועגענער, וואס האבן זיך — מיט פול בייכיקע פעסער — שורעסווייז געשלעפט איבערן וועג צו דער באן. ער האט ליב געהאט אכטונג צו געבן, ווי די פויערים האבן דעם מעסטן סארט וויין אין פלעשער געגאסן, פארזיגלט די גרין־ברוינע פלאש־העלזער מיט געצייכנטע צעטלעך, צו וויסן ווען דער וויין איז געבוירן און געצייטיקט געווארן, און דערנאך דאס אוועקגעשטעלט אין די קילע וויינקעלערס פאר קומענדיקע דוירעס.

יא, מיט רייכקייט און וויין איז דאס הויז באזארגט געווען אף לאנגע יארן!...

אז צאליקאס פאטער איז געשטארבן, — האט זיך קיינער ניט שטארק געזארגט. די פעלדער, דאס רייכקייט, די וויינגערטנער, די ניטער און די מענטשן וואס האבן געארבעט אף זיי, האבן ניט מוירע געהאט, אז זיי וועלן בלייבן אן א באלעבאס. רייכקייט — אף וועלכן

עס האַרעוועז אַזויפיל שקלאַפן — געפינט שטענדיק אַ באַלעבאַס. און דער נייער, — צאַליקאַ, — איז געווען דער עמעסער יורש לויט אַלע אנגענומענע געזעצן.

לעקאַוועד דעם נייעם באַלעבאַס, האָבן פויערים זיך צונויפגע־קליבן פון אַפגעשפּאַרטע גראַשנס און געקויפט אַ מאַטאַנע פאַרן קניאַזן; אַ באַגילדעטן ווייַן־סערוויז פון ראַיעלן און ליטערן באַקאַרא.

דעם יונגן קניאַז איז עס זייער שטאַרק געפעלן געוואָרן. ער האָט דערפאַר געהייסן מען זאָל יעדן פויער און פויערטע אַרויסגעבן צו עט־לעכע פלעשער מיט אַלטן ווייַן פונם אייגענעם ווייַן־קעלער און אוועק־שטעלן אַ פאַס מיט יונגן ווייַן אינמיטן פעלד, פרייַ פאַר אַלעמען צום טרינקען. האָבן זיך אַלע געוואונדערט; אַ טייל האָט געזען אין דעם ברייטהאַרציקייט, אַנדערע האָבן אַפילע שטילערהייט אונטערגע־מורמלט, אָבער אַלע האָבן געשוויגן.

יעדן טאָג קימאַט האָט צאַליקאַ געהייסן איינשפּאַנען זייַן בריטש־קעלע און איז אַרויסגעפאָרן באַקוקן זיינע אייגענע פעלדער. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט פון ווייטן און זיך צוגעקוקט צו דער אַרבעט. זיך צוגעקוקט צום גאַנג פון די הענט און אים האָט זיך געדאַכט, אַז בעאיים ער איז דאָ אָפן פעלד, גייט גאָר די אַרבעט צו לעבעדיקער און גיכער; אַז מען יאָגט זיך מער. אָט, דאַכט זיך, קוקן ניט די פויערים אַזוי אָפט אין הימל אַריין, צי עס וועט גיין אַ רעגן

זיצט צאַליקאַ אַף זייַן בריטשקעלע און באַטראַכט דעם רויטן זון־אונטערגאַנג. דאַכט זיך אים, אַז דער סאַף פון זיינע פעלדער איז אָט דאָרט, וואו דער רונדיקער האָריזאָנט — ווי אַ מעאובערעסדיקע פרוי — צעשפּאַלט אַף צווייען די פייערדיקע זון.

ווערט זייַן האַרץ מיט פרייַלעכער צופרידנקייט אָנגעגאָסן. מעסט ער דאָס פעלד מיט זיינע אויגן נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל, אין דער ליטנג און אין דער ברייט... דערזעט ער די יונגע, לאַכנדיקע פויערטעס — ווי פאַרגייענדיקע זונען — פונם פעלד אַהיימגיין און זייַן בלוט ווערט הייס און אויפגעקאָכט... פאַרטשעפּעט ער איינע, — ענטפערט זי אים; אַז פאַר קיין שום געלט וועט זי איר יונגן, געזונטן און שיינעם מאַן אַף אַ צווייטן ניט אויסבייטן. פאַרהאַלט ער אַ צווייטע, — לאַכט זי אים אויס מיט אַ הילכיקן געלעכטער; — אַז שוין יאָ זיך פאַרקויפן, איז כאָטש צו אַ געזונטן און שטאַרקן. און אַז ער וועט געזונטער, שטאַר־קער ווערן, זאָל ער זי דעמאָלס רופן וועט זי עפּשער קומען... רופט ער אַ דריטע, — לאָזט זי אַרונטער די אויגן, צעוויינט זיך און אַנטלויפט מיטן וועג אַ פאַרשעמטע...

און ווייל מען אַנטלויפט — יאָגט ער נאָך. און וואָס מער ער יאָגט נאָך, — אַלץ מער אַנטלויפט מען. ווערט זייַן האַרץ מיט פאַר־דראָס פאַרפלייצט. קאַרטשעט ער זיך איין זיך און ווערט אַ העלפט די גרויס. ער קריכט אַ פאַרצאַרנטער אַרונטער פונם געזעס, ליגט אין

בריטשקעלע און בייסט זיינע אויסגעקרימטע פינגער. ער מאַכט פויסטן אומגעלומפּערטע, שוואַכע, און וואַרפט זיי אומבאַהאָלפן אויף זיינע שקלאַפן, וואָס גיבן אים אוועק דאָס גאַנצע לעבן זייערס, די בעסטע יאָרן. נאָר ווילן אים ניט שיינקען, ניט פאַרקויפן אביסל ליבע...

באַדינער בעטן אים, אַז ער זאָל אַהיימגיין. זיי ווילן דאָס פערדל דורך דער מיטנאַכטיקער פינצטערניש, ביים צוימל פירן, — לאָזט ער ניט. שרייט ער אַ צעקאַסטער. שמייסט ער מיט דער בייטש. מאַכט ער בלויע פאַסן אויף קנעכטישע פּענימער, אויף קנעכטישע רוקנס און אויף קנעכטישע לייבער. שטייען שקלאַפן געבויגענע צו דער ערד און וואַרטן.

ערשט ווען צאַליקאַ ווערט פון דער מאַרגן־ראָסע אָפּגעקילט, ווען זיינע בלוטן ווערן אביסל איינגערואיקט, — ערשט דאַן לאָזט ער דאָס פערדל פירן. און אַז ער וואַרפט זיך אין זיין ווייך־געבעטן געלעגער, — ברענען אים די קישנס, שטעכט אים די דעק, רייצט אים דאָס איינזאַמע געלעגער און דאָס בלוט מאָנט, דער מאָרד זידט...

— ניין, ער וועט דאָס ניט פאַרשווייגן! — באַשליסט ער. — ער וועט פון דער וועלט אַוועקגיין. ער וועט פון פרויען אַנטלויפן. אויף שטענדיק. זאָל ער זיי כאָטש ניט זען. וועלן זיי אים אַזוי ניט רייצן.

אָבער באַלד באַפאַלט אים אַ שרעק:

ווי אַזוי וועט ער דאָס טאָן? אַליין קאָן ער דאָך ניט זיין. ער מוז דאָך האָבן אימיצן, וואָס זאָל אים באַדינען...

וואָס זשע, וועט ער צווישן מענער זוכן. וועט ער אַ מאַן געפינען. אַ מאַן וועט דאָך אים ניט רייצן...

ווילן אָבער די יונגען ניט גיין: זיי ווילן זיך ניט פאַרשליסן אין קיין מאָנאַסטיר מיט זייער ברענענדיקער יוגנט. די באַווייבטע ווילן זיך מיט זייערע ווייבער ניט שיידן, כאָטש צאַליקאַס צוזאָג איז אַזוי גרויס, אַזוי מאַניענדיק...

וואַסאַ, אָבער, דער געזונטער, שיינער וואַסאַ, וואָס מיטן שוואַרץ־באַוועבטן בערדל, ער באַשטייט יאָ צו גיין. האָט אָבער וואַסאַ אַ קינד, אַ מיידעלע, וואָס איז אים איבערגעבליבן נאָך זיין ווייבס יונגן טויט. האָט צאַליקאַ מוירע: אַ מיידעלע ביי זיך אין הויז... אָבער וואַסאַ טרייסט אים:

— דאָס איז דאָך נאָר אַ קינד, ס׳וועט ניט רייצן...

האָט צאַליקאַ אויסגעקליבן דאָס שענסטע הויז פאַר זיך. דאָס הויז מיט אַ הויכער מויער אַרומגעצאַמט. מיט אַן אייזערנעם טויער פאַרפעסטיקט. אַ שווערן שלאָס אויפגעהאַנגען אויף דער טיר און דעם שליסל צו זיך אָפּן האַלז מיט אַ שטריקל אויפגעהאַנגען. אין הויף איז שטיל. קיינער קומט ניט. דער טויער צעעפנט זיך בלויז דעמאָלט, ווען דער אויפזעער פון די גיטער קומט אַ רעכענונג אָפּגעבן, אָדער ווען מען ברענגט עסנוואַרג פון דרויסן...

שווערע פאָרהאַנגען זענען אויף די געגראַטעטע פענצטער פאָרהאַנ־

נען געווארן. די שטוב איז מיט גרויער שטילקייט אנגעפילט און די גרויקייט שפילט זיך מיט די אריינגעגאנגענע זון־שטראלן... שווייגן שטיל די פארבאלעמטע בוימער אין הויף און שפילן א ברוינעז מיט די דרויסנדיקע ווינטן, וואס רייסן זיך אפט אריבער, העכער פון דער פארצאמטער וואנט... שטעלט זיך אמאל א מידער פויגל־אפצערונג אף דער מויער, קוקט ער פארכידעשט אין דער שווערער שווייגעדיקייט אריין און פליט גלייך אוועק, דערשרעקנדיק זיך פאר דער שטילקייט...

ווערן טעג מיט שלאף אנגעפילט, און נעכט — מיט שלאפלאזי־קייט אויסגעהוילט. צעשפילט זיך די פיס־הארמאניע אין דער שווע־רער, נאכטיקער שווייגעניש. ווערן טענער פון „שאמילס־טפילע" אין נאכטיקער פינצטערניש געצונדן. דאכט זיך צאליקאן, ער הערט ווי זיין זיידע שאמיל בעט פריהייט ביי זיינע באהערשער; ווי ער בעט זיך מיט טרערן... העלפן קיין טרערן ניט — צעשפילט זיך דאס ליד האסטי־קער, שטורמישער און אנגרייפנדיקער... זעט ער זיין זיידן מיט די העל־דישע קעמפער קלעטערן איבערן הויכן, מיט שניי־באדעקטן קאזבעק און גרייט זיך צום אנגריף... ווערן די טענער מיטאמאל לעבעדיקער, פריילעכער, — דאכט זיך אים, ער זעט זייערע זיגן און זייער פרייד... ביסלעכווייז ווערן אבער די טענער שטילער, איינגעהאלטענער און פארכאלעמטער. צאליקאן דאכט זיך דאמאלס, אז די קעמפער רוען איצט נאך זייער אויסגעמאטערטן קאמף... שווייגט ער, שפילט ער ניט. זאלן די קעמפער רוען, זאלן זיי פרישע קויכעס אנשעפן... בלייבט דער לעצטער קלאנג פונם ליד הייגנען אין דער לופטן און שטארבט ביסלעכ־ווייז אפ, ניט האבנדיק אונטער זיך קיין אנדערן טאן, וואס זאל דאס ליד אונטערכאפן און אנהאלטן... ווערט צאליקאן אזוי טרויעריק...

דערמאנט ער זיך און זיינע אדערן הויבן אזש אן וויינען:

— עס האט זיך אפגעשטעלט. ביי מיר האט עס זיך אפגעשטעלט. ביי מיר האט זיך דעם זיידנס שטאם איבערגעהאקט, איבערגעריסן און אפגעשטארבן....

און פונקט ווי די טענער פון זיין פיס־הארמאניע, אזוי ציטערט און וויברירט זיין צעוויטיקטער געדאנק:

— ווי אזוי האלט מען וויטער אז דעם זיידנס שטאם אף וויטערדיקע דורות?... ווי אזוי, אז קיין שום פרוי וויל זיך צו אים ניט איבערגעבן?... און ער קאן דאך קיין פרוי דערצו ניט צווינגען, אפילו ניט זיינע איינענע קנעכט...

וואסא טרייסט אים און רעדט אים אויס:

— ניט געדארפט, קניאז, פון דער וועלט אנטלויפן. ניט געדארפט זיך אזוי ארומצאמען מיט דער מויער... וואלט פריי געווען, וואלט זיך עפשער מיט דער צייט יא א פרוי געפונען.

וואסא רעדט אים איין:

— זאל דער קניאז דעם טויער צוריק עפענען. זאל ער געסט פאר־

בעטן. זאָל ער הוליאַנקעס, ווי זיין פאָטער, מאַכן און... די פרוי וועט דאָך מוזן קומען...

שמייכלט צאַליקאַ מיט ביטערער איראָניע איבער זיך אַליין:

— צו וואָס, וואַסאַ, זיך פאַרווינן אין אַ שיינער, אויסגעטראַכטער מייסעלע?... נאָך וואָס זיך אַליין פאַרנאַרן מיט אַן אויסגעטראַכטער וועלט?... נאָך וואָס כאַלעמען פון זאַכן, וואָס קאָנען ניט און וועלן ניט געשען?...

ער צעוויינט זיך. מיטאַמאָל צעלאַכט ער זיך און טוט אַ געשריי:

— „קאַצאַ, מויטאַ גווינ"!... ברייננ וויין, גוטן, צען־יאָריקן!...

וואַסאַ ברייננט עטלעכע פאַרשטויבטע גרויע פלעשער מיט וויין פונם קעלער. צאַליקאַ באַטראַכט יעדעס קוויטל, פונקט ווי ער וואָלט דאָרט דערוואַרט אַ הילף צו געפינען. ער טוט אַ לעבעדיקן קנאַק מיט די ליפן, צעגיסט דעם וויין אין גלעזער און טרינקט גוטברודערשאַפט מיטן איינציקן מענטשן אין הויז, מיט וואַסאָן.

ער טרינקט גלאָז נאָך גלאָז, פלאַפּלט ווערטער, געמישטע מיט וויין, און פאַלט מיד אַוועק אויף די פאַרגעלטע ביינדלעך פון דער פוס — האַרמאָניע. גיט זיך פון דאָרט אַ ריס אַ ווילד־פרייער אַקאָרד, וואָס צעקלינגט זיך מיט שרעק איבער די פינצטערע צימערן.

וואַסאַ קוקט אויפן קניאַז מיט ראַכמאָנעס, טוט אים אַ כאַפּ אין זיינע אָרעמס ווי אַ קינד און טראָגט אים אַוועק צום ווייך־געבעטן בעט.

זענען שלאָפלאָזע נעכט קיין זעלטנהייט ניט ביים קניאַז. פאַר־גיסט ער זיי מיט אַלטן וויין פון קעלער און מיט גרויע טעג אין פאַר־שיקערטן שלאָף.

אַזוי טאָג נאָך טאָג, נאַכט נאָך נאַכט. וואַסאַ טראָגט אים זאָרג־פעליק אין בעט אַריין, דעקט אים ווי אַ געטרייע מאַמע מיט וואָרעמ־קייט און געטריישאַפט און באַדויערט אים מיט באַהאַלטענע טרערן:

— ער, קניאַז, ווען איך זאָל דיר נאָר קאָנען העלפן!...

ער טוט אַ זיפץ און שאַרט זיך שטילערהייט אַרויס, צו זיך, אינם באַזונדערן קיך־שטיבל, וואָס שטייט אויפן הויף, אַנטקעגן גרויסן הויז.

און ווערט אַמאָל מער וויין אויסגעטרונקען, ווערט דעם קניאַזס צונג אויפגעבונדענער. רעדט ער ווערטער צעווילדעוועטע, צעוויינטיק־טע און צעדרייטע:

— אַ, וואַסאַ, וואַסיקאַ, איינציקער פריינט מיינער! — בעט ער זיך ביי אים מיט טרערן. — זעסט, קיינער האָט מיך ניט ליב. קיינער דאַרף מיך ניט... קיינער וויל מיך ניט... און איך, איך בייננ אַזוי שטאַרק נאָך ליבע... איך וויל אַזוי שטאַרק געצערטלט ווערן...

ער צעכליפּעט זיך, טוט אַ כאַפּ וואַסאָן און זאָגט צו אים:

— וואַסאַ, וואַסיקאַ, האָב דו מיך כאָטש ליב!...

וואַסאַ ווישט אָפּ אַ טרער, קוקט אויפן קניאַז מיט צאַאַר, גלעט אים זיינע שטייף־אַרויפגעקאַמטע האָר און באַרואיקט אים:

— אזוי האב דיך ליב, קניאז. איך האב אף דיר ראכמאנעס...

ער טוט א כאפ דעם קניאז אין זיינע ארעמס און טראגט אים מיט צערטלעכקייט אין זיין בעט.

צעשיפעט זיך דער קניאז ווי א גיפטיקע שלאנג. זיינע אויגן גליען מיט פייער און די ברעמען שרומפן זיך איין. פון זיין צעקרומטן מויל צעטראגט זיך א ברום:

— ניין, הונט, ניט דאס!... איך וויל ניט קיין ראכמאנעס. איך וויל, אז דו זאלסט מיך ליב האבן. אנדערש ליב האבן. פארשטייסט?!.. אנדערש: ליב האבן — ווי א פרוי האט ליב... איך וויל, דו זאלסט מיך צערטלען ווי א פרוי צערטלט. קושן — ווי א פרוי קושט...

וואסא הויבט אן ציטערן. זיינע הענט ווערן לויז. ער ווארפט מיט בייזקייט די קאלדרעס איבערן קניאזס איינגעקורטשעטן קערפער און מורמלט עפעס צווישן די ציין.

וואסא זיצט ביי זיך אין קיך־צימערל, קוקט ארויס דורכן קליינעם פענצטערל צו די שטערן, וועלכע ליגן אויסגעלייגט אף די הויכע עקאַ־ליפטן־בוימער, און רייסן זיך מיט זייערע שארפע שפיצן ארויף, ארויף, צו דערלאנגען די בלישטשענדיקע פייערלעך. ער הערט זיך איין אין דעם שטילן געזאנג פון דער שווערער נאכט, וואס זינגט אים אזוי מאדנע זיס אין זיינע אויערן. ער פרואווט שלאפן, אבער קאן ניט. אין מויעך ביי אים קאכט און ברענט. ער פרואווט טראכטן:

„נאך אלעמען איז ער אן אומגליקלעכער מענטש, דער קניאז. עס רעדט אין אים זיין צעוויטיקטער אומגליק. עס וויינט אין אים דאס שיקרעס. א ראכמאנעס, גיט געדארפט אים אזוי שליידערן"...

וואסא ווארפט זיך אומרואיק אפן געלעגער און באשטימט:

„ניט מער אבער. ער וועט פון איצטער אן טרוקן זיין צו אים".

אבער אט צעגיסט זיך ווידער „שאמילס־טפילע" אין דער נאכטי־קער שטילקייט. ווידער ווערן פלעשער מיט אלטן וויין פון קעלער גע־בראכט... ווידער פארגייט זיך דער קניאז אין לײדנשאפטלעכער שיקרעס:

— דו, וואסא, ביסט דאך אויך, אזוי ווי איך, אן איינזאמער און אומגליקלעכער... דו בייגקסט דאך אוואדע אויך, פונקט ווי איך, נאך צערטלעכקייטן... קום זשע צו מיר, וואסיקא, קום! מיר וועלן זיך איי־נער דעם אנדערן צערטלען... דו וועסט דערביי דיינע אויגן פארמאכן און טראכטן פון ווערמען דיר איז ליב... איך, איך וועל אויך אזוי טאן און כאלעמען, אז מיך האלזט א יונגע פרוי, אז מיך קושט א שיינע געליבטע....

וואסא ענטפערט גארניט. ער שטייט א דערשלאגענער. דער קניאז שטייט דרינגלעכער צו און בעט אן אויפהער. ער בעט און וויינט. וואסאן דאכט זיך, אז ער ווערט עפעס אזוי קליין און אזוי נישטיק. עפעס ווערט אים אין קאפ אזוי לויז און אין די אויגן

נעמט שווינדלען. ער קאָן זיך מער ניט אַנטקעגנשטעלן. ער ליגט אים מיט צערטלעכער געלאַסנקייט אין בעט און דעקט אים איין. צאַלי־קאַ לאָזט אים אָבער ניט אַוועקגיין. ער קלאַמערט זיך איין אין אים מיט זיינע צעקרומטע פינגער, שלעפּט אים צו זיך מיט ליידנשאַפטלע־כער ביינקשאַפט, קושט אים, דריקט אים צו זיך און שטאַמלט וואַנ־זיניק:

— אָט אַזוי, וואַסיקאַ. נאָך שטאַרקער קוש... פעסטער דריק זיך צו מיר... וואַרעם מיך מיט דיין ליבע... אָט אַזוי... מיר איז אַזוי גוט, אַזוי גוט...

וואַסאַ שלעפּט זיך אַוועק פון אים ווי אַ געשלאָגענער הונט. ער קוקט מיט שטומע אויגן און, ניט געוועדטערהייט, בעט ער זיך, אַז מער זאָל עס זיך ניט איבערכאַזערן, אַז עס זאָל כאָטש בלייבן אַ סאָד, ווייל מער קאָן ער ניט און וועט ניט...

צאַליקאַ הערט אויס מיט פאַרגאַסענע אויגן, ברומט אַ צוזאָג, אָבער מיט יעדן טאָג ווערט ער צודרינגלעכער און צושטייענדיקער. און וואַסאַ קאָן זיך מער ניט אַנטקעגנשטעלן...

---

די קליינע טאַמאַראַ איז שוין פון וויגל אַרויס — און אין בעטעלע אַריין. פונם בעטעלע אַרויס און אין אַ בעטל אַריין. זי איז אַ גאָלדיק, בלוי־אויגיק און לאַכנדיק מיידעלע געוואָרן. איר געלעכטער האָט גאַנ־צע טעג געקלונגען איבערן שטומען הויף. מיט זאַרגלאָזער פרייד איז זי, ווי אַ זומער־פייגעלע, געשפּרונגען פון מאַראַנץ־בוים צו דער פּאַל־מע און פון דער פּאַלמע צום בלומען־שטאָק. זי האָט שטיפעריש זיך געטוליעט אין טיפן, ניט־געקאָסעטן און ניט־באַטראַטענעם גראָז און אויסגעזונגען איר קינדערישע פרייד.

קוקן ביידע, צאַליקאַ און וואַסאַ, אויף איר און ביידע האָבן האַנאָע:

טאַמאַראַ ווערט אַ גרויסע, טאַמאַראַ ווערט אַ בלום... אָבער טאַ־מאַראַ ווערט אַ גרויסע, ווערט דערמיט דאָס געפאַר פון זייער סאָד גרעסער. מוז מען זיך אויך מיט אַ וואָרט אויסהיטן פאַר איר... מוז מען מער ריידן אַפן וואונק ווי מיט ווערטער... נוצט מען אויס בלויז אַזאַ מינוט, ווען טאַמאַראַ שלאָפט אַ מידע פון אַ גאַנצן טאָג אַרומלויפן: פון אַ גאַנצן טאָג זיך שפּילן מיט די קעצעלעך, וואָס דער אויפזעער פון קניאַזס פעלדער האָט איר אַ מאָל געבראַכט.

אָבער וואַסאַ שלאָפט זעלטן. ער, וואַסאַ איז באַזאָרגט און זאָגט דעם קניאַז:

— דאָס קינד ווערט עלטער. זי, טאַמאַראַ, האָט אָפענע אויגן. זי וועט זיך צוקוקן און דערוויסן. זי וועט עפּשער שווייגן און עפּשער פראַגעס שטעלן. וואָס וועט מען איר ענטפערן?... און זי, זי וועט דאָך אַנטלויפן...

אין האַרצן ביי זיך טראַכט וואַסאַ:

„עפשער אליין זיך אויך ארויסרייסן?... איינגאנצן אנטלויפן און פארלאזן דעם קניאז?...

איז אבער דער קניאז שוין צופיל איינגעלעבט מיט וואסאן; צו־געוואוינט. בעט ער זיך ביי אים:

— בלייב דא. ווער וועט דען קאנען אכטונג געבן אף מיר אזוי ווי דו?... ווער וועט מיך באדינען?... פארבלייב!... איך וועל דאס קינד פארזארגן. איך וועל פאר איר א לערער דינגען... איך וועל זי פאר אן אייגענער טאכטער דערקלערן... דאס גאנצע פארמעגן אף איר נאמען איבערשרייבן... פארן איינציקן יורעש מאכן... איך וועל זי כאסענע מאכן מיט א יונגן, געזונטן און העלדישן קניאז... וואסא, פארבלייב מיט מיר, פארבלייב!...

הערט וואסא דאס וויינענדיקע געבעט און טראכט:

„וואוהין קאן ער אוועקגיין?... וואס וועט מיט טאמאראן ווערן?"..

און ער בלייבט.

ווערן נייע קליידלעך געבראכט פאר טאמאראן. ווערן נייע שפיל־צייג געקויפט און דער גאנצער הויף ווערט פול מיט טאמארא. קומט א לערער — לערנט זי. ברייננגט מען א פיאנע — שפילט זי. דערציילט מען איר אז דער־א איז פאפא — א קניאז און דער־א — וואסא — א דינער. הערט זי און לאכט. קושט זי פאפא אין שטערן, בייזערט זיך פיעשטשענדיק אף וואסאן און לויפט זארגלאז צו אירע שפילערייען.

שפרייטן זיך צוויי לאנגע, בלאנדע צעפ איבער יונגער, צארטער פלייצע. פינקלען גאלדיקע האר מיט בלענדנדיקע קאלירן אין זון־טעג. שפיגלען זיך בלויע אויגן אינם בלויען, לויטערן הימל. שפרינגען פלינקע פיסלעך אינם הויכן שמעקעדיקן גראז. קלינגט א הילכיק געלעכטער אין גערדיכטן שאטן פון הויכע עקאליפטן און פאלמעס. ברענען מיט פרייד יונגע, זארגלאזע טעג. אבער עפעס פעלט דאך. דאס יונגע הארץ בייגקט נאך נייעס. שטעלט זי זיך א נייגעריקע לעבן פארשלאסענעם טויער, הערט זיך איין אין די פרעמדע, דרויסנדיקע קלאנגען, וואס רייסן זיך דורך דער גראבער וואנט; טראכט זי וועגן די פרעמדע, ניט־געזעענע מענטשן און איר נייגיר ווערט שארפער און בייננלעכער. קושט זי שטיפעריש פאפא אין שטערן:

— א, זאל מען דעם טויער פאר איין מינוט עפענען. זי וויל בלויז א קוק טאן...

בייזערט זי זיך אף וואסאן:

— דו ביסט א שלעכטער. לאז ארויס גיין!...

דער טויער אבער בלייבט, ווי פריער, פארשלאסן.

פארציען זיך אויגן מיט טרויער. פארדעקט זיך פאנים מיט פיין. וויינען אויגן מיט קריסטאל־טרערן. אבער דער טויער בלייבט אלץ וויטער פארשלאסן.

ווערט דער לערער צו קליין פאר איר. ווערט זי צו גרויס פאר זיין

טוירע. מוז זי אנהויבן אין שול גיין. אזוי זאגט דער לערער. אזוי בעט וואסא. אזוי פאדערט טאמארא. אבער צאליקא וויל ניט הערן. ער האלט די שליסלען ביי זיך אפן האלז און דער טויער בלייבט ווייטער פארשלאסן.

פארשטייט ניט טאמארא און פרעגט נאאיוו:

— האסטו דען, פאפא, אימיצן שלעכטס געטאן?... האסטו מוירע פאר אימיצן?...

ענטפערט ניט צאליקא. וואסא שטיקט זיינע טרערן. טאמארא איז טרויעריק. און דער טויער בלייבט אלץ ווייטער פארשלאסן.

ווערן טעלער מיט אומבארירטער שפייז צוריקגעטראגן. טרעטן יונגע פיס פון שטוב ניט ארויס. ווערט קיין בוך ניט געעפנט און פיאנע לאזט פון זיך קיין טאן ניט ארויס. ווערן גאלדענע לאקן ניט פאנאנדערגעפלאכטן און בלויע אויגן מיט קיין מונטערן בליק באבליצט. הילכט מער ניט קיין געלעכטער איבערן הויז. ווערן אלע ווינקלען אין שטוב מיט ביינקשאפט אנגעפילט.

רופט מען א דאקטאר, פארשרייבט ער קרייטעכער, אבער עס העלפט ניט. דאס יונגע פאנים ווערט פון טאג צו טאג כמורנער. דער צארטער קערפער ווערט פון מינוט צו מינוט איינגעדארטער. קנייטשט דער דאקטאר דעם שטערן:

— איך ביינקשאפט איז שטארק. דאס יונגע הארץ קאן נאך פון ביינקשאפט אויסגיין. מען מוז די ביינקשאפט באפרידיקן!...

ציטערט צאליקא א דערשראקענער. ער האט מוירע נאכצוגעבן. אבער אז וואך און וואך פארגייט און טאמארא זיצט אלץ א שווייגעדיקע און ענטפערט ניט, הויבט ער זיך אן צו ביסלעך קווינקלען און ניט נאך.

צעעפנט זיך דער טויער, אבער בלויז פאר צוויי מאל אין טאג: אינדערפרי צום שול-געלויף און אין אוונט — צום אהיימקומען.

טאמארא איז גליקלעך. אויגן ווערן ווידער אויפגעלויכטן און גאנג ווערט איבער א נייעם שפרינגענדיקער. לויפט זי ארום מיט נייעם לעבן אנגעזאפט. הערט זי רייד — נייע, זעט זי זאכן — אומבאקאנטע. באקומט זי באגריפן — פרישע. דערוואוסט זי זיך סוידעס — ניט געהערטע. קושט זי שוין פאפא זעלטענער און רעדט צו וואסאן — ליבלעכער. זי פארשטייט שוין פארוואס דער טויער איז פארמאכט.

ווערן טעג מיט נעכט באגראבן און מיט אנדערע מארגנס געבוירן. וויל טאמארא, אז דער טויער זאל אינגאנצן געעפנט ווערן:

—זאל מען אים עפענען!—שטייט זי צו מיט געבעט.—איך ווער דאך זעכצן יאר אלט. איך וויל פרייענט פון שול פארבעטן. איך וויל זיך מיט מיינע כאווערטעס פרייען . . .

צאליקא הערט און קווינקלט זיך. ער האט מוירע פאר אפגע-

פרעמדטע מענטשן, פאַר אַפּגעוואוינטע בליקן... אָבער ער מוז נאָכגעבן:

— גוט. אַף איין טאָג וועט מען דעם טויער פאַר דרויסנדיקע מענטשן צעעפענען. דעם איינעם טאָג פאַר א יאָנטעוו מאכן און געסט פארבעטן. וועלן דאן טאמאראַס כאוועריעס קומען, וועלן זיך זיינע אַלטע פריינט באווייזן און מען וועט א הוליע טאָן...

צעגיסט זיך א פרייד איבערן הויף. טאמארא שפּרינגט פון ני־צאכן. וואסאַ נעמט גרייטן דעם יאָנטעוו. ער פּוצט דאָס טייערע, שוין לאנג־ניט־באנוצטע באקארא געפעס; קלויבט אויס די עלטסטע ווײַנען און שטאָפּט א פעטן שעפּס לעקאָוועד דעם יאָנטעוו. בלויז צאַליקאַ ליגט ביי זיך אין צימער. ער זיצט ביי דער פוס־האַרמאָניע און צעוואַרפט ציטערדיקע קלאנגען פון „שאמילס טפילע". צעקלינגט זיך די שפּיל אין דער איינגעשלאָפענער שטילקייט פונם הויף און צע־וועקט ביי צאַליקאַן א ביינקשאַפט. האַקט ער איבער אינמיטן שפּילן און רופט דורכן אָפענעם פענצטער:

— וואסאַ!... וואסיקאַ!...

הערט וואסאַ און טראַכט:

„מיסטאמע זיך פארביינקט נאָך א קוש, דער אַלטער"...

און ער גייט ניט. ער זיצט ווייטער ביי זיך אינם קליינעם קיך־שטיבל און פלעכט א פרישן בלומען־קראַנץ צו טאמאראַס געבורטס־טאָג.

צעשרייט זיך דער קניאז מיט געבייזער:

— אהער גיי, הונט איינער!.... וויפל מאָל דאַרף מען דיך רופן?...

שמייכלט וואסאַ. ער ווייסט, די בייזקייט איז א געמאכטע. אָבער ער גייט פאָרט אריין.

צאַליקאַ טוט זיך א גלעט מיט זיינע אויסגעקרומטע פינגער איבער די געפארבטע, גלאַט־פארקעמטע האָר, טוט א דריי די ברוין־שוואַרצע וואָנצעס און טוט מיטאמאָל א פרעג:

— ווי זע איך אויס היינט, וואסאַ?...

וואסאַ קוקט זיך איין מיט א שמייכל, טראַכט א ווייל און נעמט שפּאַסן:

— גאָר גוט, קניאַז, גאָר גוט. און ווען דו וואָלסט אביסל מער צוגעפארבט געווען וואָלסטו גאָר ווי א יונגערמאַן אויסגעזען. וואָלסט אָפּילע געמעגט כאסענע האָבן...

—און אליין ווייס איך דען ניט, אז איך וואָלט געמעגט?—צע־שרייט זיך דער קניאַז, אז וואסאַ קאָן אפילע ניט דערקאָנען צי דאָס איז אין שפּאַס, אָדער אין ערנסט.—די צאָרע איז דאָך בלויז, וואָס איך האָב ניט מיט וועמען... אדראַבע, זאָג דו...

— זעסטו, — נעמט וואסאַ גיפטיק שפּאַסן, — ווען איך וואָלט איצט א טאכטער געהאַט, וואָלט איך זי דיר אוועקגעגעבן.

דער קניאַז טוט א שאַרפן קוק און פארקנייטשט אַן אויגל:

— האסט דאך, הונט איינער, האסט דאך...

— האסטו זי דאך אבער פון מיר צוגענומען...

— וואס־זשע, וועל איך זי דיר צוריקגעבן...

— וועל איך זי אבער ניט אפנעמען...

— א, וועסט שוין יא...

— און אז איך וועל פארט ניט וועלן אפנעמען?...

— וועל איך זי נעמען! — צעלאכט זיך צאליקא פון זיין אייגענעם ענטפער און ווערט מיטאמאל ערנסט און פארטראכט.

ביידע שווייגן. מיטאמאל טוט צאליקא א פרעג:

— און וואו איז זי טאקע איצט, טאמארא?...

וואסא קוקט זיך ארום מיט פארכידעשטע בליקן:

— א, מיסטאמע ביי א כאווערטע.

— ביסטו זיכער, אז עס איז טאקע ביי א כאווערטע?...

וואסא לאזט ארונטער די אויגן, בייסט א נאגל און מורמלט:

— איז דען א כילעק וואו?...

צאליקא שווייגט פארטראכט. מיטאמאל טוט ער א קלאפ מיט די צעקרומטע פינגער איבער די קלאווישן פון דער פוס־הארמאניע. עס דערהערט זיך א הויכער, ציטערדיקער אקארד און באלד ווערט אלץ ווידער שטיל. דער קניאז טוט טאמעוואטע א פרעג:

— איז ווי דענקסטו, וועל איך איר געפעלן?...

וואסא טוט א שארפן קוק אף אים און הויבט מיט די אקסלען:

— וואס ווייס איך?....

— און דיר, הונט איינער, געפעל איך כאטש? — טוט זיך צאליקא א דריי אוים צו אים. — זאג, האסטו כאטש מיך ליב?...

— נו, זיכער. — ענטפערט וואסא צעצויגן. — דו ווייסט עס דאך אליין...

— איז דערלאנג א קוש אהער!... אבער גלייך אין די ליפן!...

— באפעלט צאליקא און כאפט וואסאן ביים פארטעך.

וואסא טוט זיך א פלינקן דריי, באווייזט אן ארויסגעשטעקטע צונג און לויפט ארויס.

— וועסט שוין טאפלט אפגעבן, הונט איינער! — שרייט אים צאליקא נאך און דראעט מיט די צעקרומטע פינגער. — וועסט שוין אפגעבן. דערוויל ברייננג מיר ווייז אהער! „מויטא גוויני"! דעם בעסטן, שטארקסטן און עלטסטן!...

וואסא איז שוין אינדרויסן און הערט אים ניט. ער לויפט ארום א פארסאפעטער און פארעט זיך ארום מיטן צוגרייטן. ער צעשטעלט די אין שטויב־איינגעגעסענע ווייז־פלעשער אף וויים־געדעקטע טישן; פלאנצט לעבעדיקע רויזן אין רעגנבויגן־קאלירטע קרישטאל־וואזאנעס; באצירט די ברעגן מיט באקארא־געפעסן; צעלייגט די זילבער געשירן און צעשטעלט באגילדעטע גלעזער און בעכערס: —

## טאמארא ווערט זעכצן יאר אלט!...

געסט זענען זיך צונויפגעקומען פון נאָענט און ווייט. שוין לאַנג ניט געזעענע פריינט האָבן זיך אין די פּיסקעס צעקושט, איינס דאָס אַנדערע אין די פּלייצעס געקלאַפּט און אויסגעפרעגט, צי מען האָט שוין איבער דער צייט אייניקלעך כאַסענע געמאַכט און ווי עס האַלט דאָס יאָר מיטן וויין־געוועטעניש. און אַז מען האָט זיך מיט די אויספרעגענישן אָנגעזעטיקט, — האָט מען זיך צו די טישן געזעצט, זיך אויפגעפרישט מיט אַלטן וויין און גענומען כיכיקען און וויצן דערציילן. דאָס געלעכטער האָט זיך פריידיק צעטראָגן איבער די ווינקלען פונם ביז איצט פאַראייניזאַמטן, איינגעשלאָסענעם הויף.

שפּעטער זענען כאַפּטעס יונגע מיידלעך, טאַמאַראָס כאַוועריטעס, אָנגעקומען. האָט זיך בלאַנדער געלעכטער פון יונגע, זאָרגלאָזע טעג, פריידיק צעקלונגען. האָבן זיי זיך מיט צנועשע בליקן געשושקעט און שעמעוודיק — צווישן געסט — צום טיש זיך געזעצט. דינער האָבן איבער אַ נײַעם וויין אין די גלעזער געגאָסן און אַדלליט האָבן טאָסטן צו די יונגע מיידלעך געטרונקען; מיט געאיידלטע ווערטער און קאָמפּלימענטן זייערע צעקאָכטע ליידנשאַפטן פאַרגאָסן.

און אַז געסט האָבן זיך מיט גענוג פעטע שאַשליקן אָנגעגעסן, מיט גענוג פרישן, שמעקעדיקן לאַוואַש און זויערן זשאַנזשאַלי פאַרביסן און מיט פרישע גלעזער אַלטן וויין די פרייד פאַרוואַשן, — האָט מען ווידער גענומען האַלטן טאָסטן. טאָסטן פאַר יעדן באַזונדער.

מיטאַמאָל האָט מען זיך אַ כאַפּ געטאָן:

— טאַמאַראַ!...

— וואו איז טאַמאַראַ?...

— טאַמאַראַ איז ניטאָ!...

האָבן זיך אויגן אין אומרואיקן שרעק איבערגעקוקט און צעוויטיקטע פראַגעס האָבן זיך פון מויל צו מויל איבערגעגאָסן:

— וואו איז טאַמאַראַ?...

וואָסאָס אויגן ווערן מיטאַמאָל מיט צעשראָקענע פייערלעך אָנגעגאָסן און אַ דערשראָקענער לויפט ער ארויס זוכן. ער זוכט זי איבער די זייטיקע שטיבער, זוכט זי אין די פאַרוואָרפענע ווינקלען פונם הויף און געפינט זי ניט. ערשט שפּעטער טרעפט ער זי ביים טויער מיט אַ שיינעם, געזונטן יונג שטיין. ביידע — האַנט אין האַנט געפלאַכטן, אויגן — איינער אין אַנדערנס פאַרכאַלעמט, אין מיילער — שטום געשלאָסן. שטייען זיי דאָרט ביידע, קוקן איינס אָף צווייטע און שווייגן. צעלאַכט זיך וואָסאָ, כאַפּט זיי ביידן אונטער זיינע געזונטע אָרעמס און פירט זיי צוזאַמען אין שטוב אַריין, צו די געסט.

און אַז טאַמאַראַ באַווייזט זיך, ווערן געסט אויפגעהייטערט און לעבעדיק. שפּרינגען זיי פון זייערע פּלעצער אויף, צעקלינגען זיי די

ווייז־גלעזער און טרינקען אַ פרישן טאָסט פאַר דער געפונענער זעכצנ־יעריקער טאַמאַראַן. זינגען געמישטע שטימעס דאָס באַגעגן־ליד, „מראַוואַל־זשאַמיאַ", פאַרהילכן די שטוב מיט „וואַשאַ" אויסגעשרייען און פאַרוואַרפן טאַמאַראַן מיט לעבעדיקע בלומען נאָך יעדן טאָסט.

ווערט היימלעך און לעבעדיק. צאַליקאָ שפּילט אַ קאַבעדיקע לעזגינקע לעקאַוועד טאַמאַראַן און געסט צעטאַנצן זיך אין שטורמישן ווירוואַר. טאַנצן זיי איינציקווייז, טאַנצן זיי צו פּאָרלעך און עס צע־קאַכט זיך דאָס זידנדיקע בלוט. טאַנצט איינער מיט צוויי קינזשאַלן, — טאַנצט אַ צווייטער מיט פיר. און אַז קינזשאַלן טאַנצן, צעגלאַנצן זיך זייערע שאַרפן, פונקט ווי די אָנגעגאָסענע אויגן, קעגן דער שיין פון די ברענענדיקע ליכט, און עס דאַכט זיך, ווי ווייסע זילבערנע וואַסערפאַלן וואַלטן געשטראָמט. און אַז קינזשאַלן צעפּאַכען זיך אין שיקערער היס־לייוועס — דאַכט זיך, אַז אָט־אָט און זייערע שאַרפן וועלן העלזער און גאָרגלען איבערשניידן. אָבער טאַנץ איז נאָך דערווייל אַ פרייליקער און פרידלעכער. אַלע צעשטעלן זיך אין ראָד. הענט פלעכטן זיך אין הענט און ראָד ווערט אָנגעגאָסן מיט געלעכטער, טאַנץ און פרייד.

אַזוי קעסיידער שאַ נאָך שאַ. טרינקט מען נאָכאַמאָל פונם אַלטן וויין. קלינגען ווידער פלעשער און גלעזער. ווערן גלעזער און פלע־שער ליידיק, — ברענגט מען ווידער וויין פונם קעלער און גלעזער ווערן ווידער פול. און אַז גלעזער ווערן אויסגעליידיקט, — ווערן מויכעס פול. און אַז מויכעס ווערן אָנגעגאָסן, — ווערן צונגען צעשרויפט. און אַז צונגען צעשרויפן זיך, — ווערן רייד פריי צעגאָסן...

טרינקט אַ ספּעציעלן טאָסט דער „קינטאָ", דער וויצן־זאָגער, וואָס איז געקומען פרייליך מאַכן די סימכע. איז זיין טאָסט פול מיט שפּאַס און וויץ. טרינקט ער פאַר טאַמאַראַן — דער נייער; פאַר טאַמאַראַן — דער פרוי; פאַר טאַמאַראַן — צוליב וועמען דער קניאַז האָט זיך אַזוי באַנאַרישט און, אַנשטאָט זי פאַר זיין פרוי נעמען, — האָט ער זי גאָר פאַר אַ טאָכטער גענומען...

צעלאַכן זיך אַלע געסט פונם שפּאַס און צאַליקאָס פּאָנים ווערט מיט פייער און בלוט אָנגעגאָסן. זיינע אויגן ווערן גרעסער און אָנ־געגליטער. קוקט ער אויף טאַמאַראַן און אים דאַכט זיך, אַז דאָס זעט ער זי אַזוי צום ערשטן מאָל. עפּעס איז זי אַזוי אַנדערש, אַזוי גרויס און שלאַנק געוואָרן. אָטעמט ער מיט זיינע נאָזלעכער און עס דאַכט זיך אים, ער פילט דעם פרישן, רייצנדיקן רייעך פון איר יונגן קערפּער, וואָס דאַרף, דאַכט זיך, אַזוי שמעקן, ווי די ווייסע רויז, וואָס זיצט אַזוי רייצנדיק אויף איר הויכער, שטייפער ברוסט. צעגליט זיך אַ ברע־נענדיקער פאַרלאַנג אין אים. צעקריצט ער מיט די ציין און פאַר־קוועטשט די צעקרומטע פינגער. כאַפּט ער אַ גלאָז מיט וויין און נעמט לעשן זיין צעגליטע ליידנשאַפט.

איז זיין טאָסט אַ צעשוואומענער און עס קלעפּט זיך ניט קיין

ווארט. ווארפט ער זיין גלאז אין קאַאס אַף דער ערד, אז עס צעפליט זיך מיט א צעשראָקענעם קלאנג אין אלע ווינקלען.

און שארפע, גליענדיקע ווערטער שפרינגען פון זיין מויל:

— ער, „קינטאַ"! — שרייט ער א צעווילדעוועטער. — נאריש־קייטן, זאַגסטו, באַגאַנגען?... אָבער דאָס קאָן מען דאָך נאָך אויס־בעסערן. און ווי, אַ שטייגער, אז איך וועל זי וואסאָן צוריקגעבן....

געסט הערן און שמייכלען. וואסאַ שטייט מיטן קאָפּ צו דער ערד געבויגן, פּלעכט שוואַכע פויסטן און בייסט צעוויטיקטע ליפּן אונטער פארשטשעמעטע ציין. שטייט ער, הערט מיט פארגאפטע אויגן דעם קניאזס רייד, וואס גיסן זיך ווי פייער־פלאַמען:

— זי וועט די יוירעשטע, ווי פריער פארבלייבן... זי וועט מיין פרוי ווערן... און איך...

טאמארא שטייט לעבן יונג, דריקט זיך צו אים מיט מוירע און אין אירע אויגן — א געבעט:

— זיי מיין שיצער. לאָז מיך ניט פארקויפן. דו ביסט דאָך...

שטייט דער יונג און פויסטןביילן זיך:

— ער, וואלטן נאר אזויפיל געסט ניט געווען...

— און איך וועל זי פאר מיין פרוי נעמען! — שרייט דער קניאז א פארשיקערטער און הויבט זיך אַן צורוקן אַף אלע פיר צו טאמאראַן.

—יאָ, איך וועל זי נעמען. וואסאַ אליין האָט געזאָגט... איאָ, וואסאַ?...

טאמארא קוקט זיך ארום מיט צאַפּלעניש. אירע צעשראָקענע בליקן וואנדערן פון איינעם צום צווייטן, ווי אין א געבעט, אז מען זאָל זי ראטעווען. זי ווארפט א בליק אַף וואסאַן, קוקט אַף זיינע שטייפע ארונטערגעלאָזטע אויגן און מיטאמאָל:

— פארשאָלטן זיי דערפאר, וואס דו האסט מיך געוואָלט פאר־קויפן, פּונקט ווי דו האסט זיך אליין פארקויפט!...

זי טוט אַ כאַפּ א פלאַש פון טיש, פארמעסט זיך און טוט מיט אימפּעט א שמיץ אין וואסאַס פּאָנים. אליין טוט זי זיך א וואַרף אינם יונגס אָרעמס און צעוויינט זיך.

וואסאַ שטייט אָפּן פלאַץ. רויטער ווייַן מישט זיך מיט רויטן בלוט און ער שטייט אלץ ווי פריער, מיט די אויגן צו די פיס געבונדן.

מיטאמאָל דערטראָגט זיך פון דרויסן אַ מאָדנער געזאַנג. נייע, ניט־געהערטע אויסרופן פארהילכן די גאס מיט צאַפּלדיקן פייער:

— ארונטער!

— זאָל לעבן!

ציטערן אויף די געסט און קוקן זיך פארכידעשט איבער:

— וואס איז געשען?... וואס איז געשען?...

דאָס געשריי און געזאַנג פון גאַס ווערט פון מינוט צו מינוט נעענ־טער און הילכיקער. עס הערט זיך שוין קלאָר:

— שטייט אויף, איר אלע, ווער ווי שקלאפן!...

ציטערט אויף דאָס גאַנצע הויז. ס'באַפאַלט אַ פּאַכער אַף אַלעמען.

— די וועלט פון גוואַלדטאַטן און לײדן באַפרייען וועלן מיר!...— הילכט אַפּ שטאַרקער און נעענטער.

ווײַסן שוין געסט, אַז דאָס זענען די פּויערים פון די פּעלדער און װײַנגערטנער געקומען אַפּנעמען זייער טייל, — וואָס זיי האָבן מיט שווייסיקער פּראַצע פאַרהאַרעוועט.

צעלויפן זיך געסט ווי דערשראָקענע מייז אין די ווינקלען: שקלאַף אין אויפגעשטאַנען, איז אַ געפאַר פאַר זייער נעקאָמע.

וואַסאַ שטייט נאָך אַלץ אַ צוגעשמידטער צום פּלאַץ. זײַנע אויגן, אָבער, הויבן אָן צו בליצן. זיין איינגעבויגענער קערפּער הויבט זיך אָן אויסגלייכן. ער הערט דעם רוף:

— שקלאַפן שטייט אויף!...

אויסרופן ווערן שטורמישער. געזאַנגען ווערן הילכיקער. אַ שווע־רער שטיין פליט אין די פאַרהאַנגענע פענצטער:

— נידער!...

— זאָל לעבן!...

ווערן וואַסאַס פויסטן שטייפער. רייסט ער אימפּעטיק זיינע פיס פונם פּלאַץ, וואו ער איז ביז איצט, ווי אַ פאַרווירטער, צוגענאָגלט גע־שטאַנען. ער טוט זיך אַ וואָרף אַפן קניאַז מיטן גאַנצן קערפּער און גראָבט זיך איין מיט זיינע שאַרפע נעגל אין קניאַזס שיקערן האַלדז. דער קניאַז דרייט זיך אין קאַנוואולסיעס, כאָרכלט און כריפּעט:

— לאָז אָפּ, הונט איינער!... איך וועל זיך מיט דיר אָפּרעכענען דערפאַר!... איך וועל!...

אָבער וואַסאַ לאָזט ניט אָפּ. זיינע נעגל גראָבן זיך טיפער איין אין צאַליקאַס ווייכן האַלז, פונוואַנען עס טראָגט זיך אַ טויבער, פאַר־שטיקטער כאָרכל.

צאַליקאַ צעעפנט די מיט בלוט־אָנגעגאָסענע אויגן, קוקט מיט די אַרויסגעשטאַרטע ווייסלעכער ווי אַ בלינדער און טראָגט זיך אַוועק אין אַ וועלט פון פאַרגעסנהייט.

אַרום ווערט שטיל. בלויז פון גאַס הערט זיך נאָך דאָס געזאַנג. וואַסאַ שטייט נאָך אַלץ אַף זיינע קניען. זיינע הענט ציטערן. די אויגן — מיט טרערן פאַרלאָפן — בלאַנדזשען.

---

די אָנגעוואָרפענע גלעזער און פּלעשער האָט מען אויסגעראַמט. די טויטע, צוגעפּוילטע קערפּערס, אַרויסגעטראָגן. פון הויז האָט מען אַ קלוב פאַר אַרבעטער און פּויערים געמאַכט. און דער טויער איז שוין פון דעמאָלס אָן אַף שטענדיק אָפן געבליבן...

---

# אין אַ טאָג אַ הייסן



אַ היץ איז געווען — אַ שטיקנדיקע. דער הימל — ווי אַן אויסגעוואַשענער, ווייסער און לויטערער — האָט זיך נידעריק געשפּרייט איבער דער צעגליטער ערד און זי געשטיקט. די זון — אַ גליענדיקע — האָט זיך אַרויסגערוקט אינמיטן הימל און, ווי אין שטיפּערישן כּוויזעק, קאַלטבלוטיק געשאָסן מיט פייער אַף די אויסגעמידטע מענטשן, וואָס האָבן — ווי אין פאַרצווייפלונג — זיך געיאָגט איבער די ענגע גאַסן און זיך באַהאַלטן אונטער די שאָטנס פון די הויכע הייזער. די צעגליטע טראָטואַר-פּלאַסטן, האָט זיך געדאַכט, האָבן זיך פּאָשעט געפּרעגלט אַף פייער. די הייזער-ווענט האָבן זיך געסאַרפּעט, ניט געווען וואו זיך אויסצובאַהאַלטן.

אין דער געדיכטעניש פון שמאָלע, אָבער רוישיקע גאַסן, איז אפן ראָג געשטאַנען אַן אַלטער, פינף-שטאָקעדיקער מויער, וואָס האָט — מער פון די אַנדערע — זיך געגליט אין דער סאַרפּעדיקער זון. די גרויסע צעעפנטע פענצטער אין דער ברוין-ברודיקער וואַנט, האָבן אויסגעזען ווי לעכצנדיק-אויסגעהונגערטע מיילער פון אויסטערלישע כאַיעס, וואָס זוכן איינצואָטעמען אַביסל דרויסנדיקע, כאָטש צעגליטע, אָבער דאָך פרישערע לופט.

דאָרט, אין יענעם הויז, האָט די היץ ביז גאָר אַכזאָריעסדיק געשטיקט. די אַרבעטער, וואָס זענען געזעסן ביי דער אַרבעט, האָבן — האַלב-נאַקעטע און איינגעבויגענע, ווי שקלאַפן — געטריבן די טאַנצנדיקע מאַשינען און דערביי געאָטעמט שווער און אָפּגעהאַקט, ווישנדיק אָפט די שווייסיקע פּענימער מיט די נאַקעטע, נאַסע הענט.

איינע פון די אַרבעטער-מיידלעך, ראָוז, אָדער — ווי די אַרבעטער האָבן זי צוליב איר צוגעלאָזנקייט גערופן — רייזעלע, איז געשטאַנען לעבן אַ הויכן טיש, אַף וועלכן עס זענען געלעגן קופּעס אָנגעוואָרפענע זיידענע, נאָך-ניט-פאַרענדיקטע קליידלעך. זי האָט מיט אירע מידע, צעגליטע פינגער אַרויסגעפּאַרטיקט די קליידלעך און — איינציקווייז — זיי צוגעוואָרפן צום פּרעסער, וואָס איז געשטאַנען ניט ווייט פון איר, ביי זיין גלהענעמדיק-צעגליטן אייזן, און דאָרט זיך געבאָדן אין הייסן שווייס.

ראָוז האָט אויסגעזען מיד. עס האָט זיך געדאַכט, אַז זי שטייט אַף שטאָלצן. מעכאַניש האָט זי געשטופּט די נאָדל אינם ווייכן זייד אריין און דערביי געקוקט דורכן פענצטער צום דרויסן. אירע געדאַנקען — ווייט פון שאַפּ. זי האָט ווי צו זיך אַליין, אַ מורמל געטאָן:

— עך, טייערינקע, אריינצושפּרינגען איצט פאַר אַ מינוט אין וואַסער!...

יעדע מינוט אין שאַפּ איז פאַר איר געווען איבעריק און פיינלעך. דעם גאַנצן טאָג אַזוי, נאָך פון סאַמע פרימאָרגן אָן, האָט זי געטראַכט וועגן דעם. געטראַכט, אַז זי דאַרף זיך היינט נאָך טרעפן מיט אייבן. ער, אייב, האָט זי דאָך אַזוי ליב. זי האָט אים דאָך אַזוי גערן, אַז יעדע מינוט צו וואַרטן איז צופיל. זי וואָלט אים אָבער געוואָלט באַגעגענען אַ פרישע, אויפגעלעבטע און אויסגעוואַשענע... און דאָ איז עס דאַווקע היינט אַזוי היים...

ראָוז האָט זיך אַ טרייסל געטאָן, ווי איינע, וואָס וויל פון זיך אָפּטרייסלען עפּעס אַ פיינלעכן, שרעקעוודיקן כאַלעם. ברייט און כיינעוודיק האָט זי אַ שאָקל געטאָן איר קעפּל, פאַרוואָרפן אַף ארונטער די ברוינלעך־רויטע גריווע און דערביי ליידנשאַפטלעך איינגעאָטעמט דאָס קילע ווינטעלע, וואָס האָט זיך אַ טראָג געטאָן פון אירע אייגענע קילע האָר. מיטאַמאָל האָט זי אַ שמייכל געטאָן, פאַרשטעקט ערגעץ איר נאָדל, צוגעוואָרפן דאָס אויסגעפּארטיקטע קליידל צום פרעסער און, פאַכענדיק זיך מיט בײדע הענט, גענומען צושפּאַצירן צום פאָרמאַן מיט פאַמעלעכע טריט.

ער, דער פאָרמאַן, אַז ער האָט זי דערזען צוקומען, האָט איר געפּרוווט אַנטקעגנטראָגן אַ שמייכל. ער האָט אָבער גלייך דערזען אירע אָנגעברוגעזטע ליפּן, האָט ער אָנגענומען אַ פולן בויך מיט אָטעם און איז אויפגעשפּרונגען:

— וואָס איז ווידער, רייזעלע?... עפּעס געשען?...

— אָ, ס'איז גאָרניט געשען. — האָט זי פּראָסט און מיט אַ שמייכל, ווי אַ קינד, וואָס ווייסט אַז עס וועט אַלץ אויספירן, אָפּגעענטפערט. — איך... איך מוז אַוועקגיין... איך קאָן היינט מער ניט ארבעטן. דאָס אַלץ...

דער פאָרמאַן האָט איר טיף אַ קוק געטאָן אין די אויגן אריין און — אויפהויבנדיק זיך אַף די שפּיצן פינגער — פאַרלייגט די הענט אַף די זייטן און מיט אַ געמאַכטער קאַלטקייט אַ שטאָך געטאָן:

— אַלבעטשע, אַז אייבעלע וואַרט שוין ערגעץ אַף אייך, האַ?...

זי האָט געשוויגן. דערפאַר אָבער אים אַזאַ ברען געטאָן מיט אירע צעגליטע בליקן, אַז ער האָט זיך ווי פאַרלוירן און ווייכער שוין גענומען רעדן:

— אָבער... רייזעלע... איר ווייסט דאָך, אַז מיר קאָנען ניט אָפּשטעלן דעם שאַפּ צוליב אייך... מען מוז דאָך היינט ארויסענדיקן די ארבעט... איר ווייסט עס דאָך אַוודע אַזוי גוט ווי איך...

זי האָט ווידער געשוויגן. ער האָט אונטער דער נאָז אַ ברום געטאָן:

— איך האָב גערעכנט, אַז איר וועט היינט צוארבעטן אביסל אָווערטיים און...

ראָוז האָט אַ שאַרפן קוק געטאָן אַף אים און טרוקן אָפּגעענטפערט:

— איר ווייסט גאַנץ גוט, אַז איך וועל קיין אָווערטיים ניט ארבעטן. איך וועל ניט און וויל ניט. כוץ דעם, — האָט זי שאַרפער פארענדיקט, — איז עס ביכלאַל ניט קיינעמס אייסעק צו ווען איך גיי און ווער עס וואַרט אַף מיר...

דער פאָרמאַן האָט פארקנייטשט אַן אויגל און זיך מיקלוימערשט גענומען בייזערן:

— וועל... אויב איר וועט איצט אַוועקגיין, וועט איר מאָרגן שוין אינגאַנצן פארשפּאָרן קומען צו דער ארבעט!...

ראָוז האָט געלאַכט:

— נו, מיילע, וועל איך ניט קומען. — וואָרים עס פעלן דען אנדערע דזשאָבס?...

זי האָט זיך שאַרף אָפּגעקערט און אַ קוק געטאָן אַף איר האַנטזייגערל. — ס'איז געווען צוויי. אינגאַנצן נאָך דריי שאָ געבליבן צו ארבעטן. אָבער... די היץ... פאַרן פאָרמאַנס דראָאונג האָט זי גאָר קיין מוירע ניט געהאַט. געוואוסט האָט זי, אַז דאָס רעדט ער בלויז אזוי; אַז ער וועט זי פון דער ארבעט ניט אַוועקשיקן. צו שטאַרק ליב האָט ער זי, אַז ער זאָל דאָס טאָן. נאָך מער; זי איז זיכער געווען ביי זיך, אַז זאָל זי אים נאָר זאָגן אַן איינציק וואָרט, אַ וואָרט, אַז זי גייט זיך ניט זען מיט אייבן; אַז דאָס גייט זי אַוועק, ווייל עס איז איר היים; ווייל זי פילט זיך ניט מיט אַלעמען, אָדער אזוי אויסטראַכטן עפּעס אַ טערעץ, — וואָלט ער דאָך פּאַשעט צעגאַסן געוואָרן פון פרייד און וואָלט אפילע קיין וואָרט ניט גערעדט.

„זי וועט דאָס אים אָבער ניט זאָגן“ — האָט זי באַשלאָסן. — „אַ מאַקעלע פאַרן ווען. פארוואָס זאָל זי דאָס טאָן?... פאַרקערט; זאָל עס אים פארדריסן. זאָל ער טאַקע ווייסן, אַז זי האָט ליב אייבן און אים וויל זי ניט קאָנען“...

— נו, וואָס שטייט איר נאָך? — האָט דער פאָרמאַן, זעענדיק, אַז זי רירט זיך ניט פון אָרט, אַ פרעג געטאָן אין אירע פּלייצעס אריין. — פאָלגט מיך, רייזעלע, גייט און זעצט זיך צוריק צו דער ארבעט. מאַכט זיך ניט קינדיש...

ראָוז האָט זיך האַסטיק אַ דריי אויס געטאָן אַף צוריק צו אים. זי האָט אַף אים אַ שאָס געטאָן מיט אזאַ שאַרפן בליק, אַז ער איז געבליבן שטיין ווי אַ פארלוירענער מיט די ניט־דערדעדטע ווערטער — הענגען אַף די ציטערדיקע ליפּן.

זי האָט טרוקן אָפּגעהאַקט:

— ניטאָ וואָס צו רעדן. איך האָב געזאָגט, אַז איך גיי — גיי איך.

אויף גיך האָט זי גענומען אוועקשפּאַנען פון אים און דערביי נערוועז גענומען אַרונטערוואַרפן פון זיך דאָס אַרבעט־פאַרטוך. זי איז אַוועק אין וואַש־צימער און זיך דאָרט גענומען איבערטאָן מיט אַזעלכע אײַלנדיק־נערוועזע באַוועגונגען, פּונקט ווי אימיצער וואָלט געווען געשטאַנען הינטער איר און זי אונטערגעטריבן. פון איר פּאָנים האָט געזעצט אַ וואַרעמע רויטקייט, וואָס האָט זיך מאַט אָפּגעשפּיגלט אינם קליינעם פאַרהויכטן וואַנט־שפּיגעלע.

זי האָט מיט האַנאַע געקוקט אויף זיך.

— פונוואַנען איז דאָס ביי מיר? — האָט זי מיט צופרידנקייט געשמייכלט צו זיך. — ווי אַזוי האַלט עס זיך נאָך?... האָט די אַרבעט נאָך טאַקע ניט אָנגעגריפן מיין נאַטירליכע פאַרב, אַזוי ווי ביי די אַנדערע מיידלעך?... האָט נאָך טאַקע דער שאַפּ־מאַלכאַמאָוועס ניט באַוויזן אוועקצוליִיגן זיין ביינערדיקע האַנט אויף מיין פּאָנים?...

זי האָט פאַרמאַכט די אויגן און געשוויגן. מיט זיסער האַנאָע האָט זי געגלעט איר גלאַטיק־ריינעם פּאָנים און געטראַכט. זי האָט דערפילט אַזאַ לאַשטשענדיק־זיסן גלעט פון איר אייגענער האַנט, אַז עס האָט זיך איר אויסגעדאַכט, פּונקט ווי דאָס וואָלט גאָר אייב אַזוי געשטאַנען לעבן איר און ער וואָלט דאָס איר אַזוי געלאַשטשעט. דורך אירע אָדערן האָט זיך מיטאַמאָל אַ טראָג געטאָן אַזאַ ליבלעך־רעגנדיקער און פאַרגעניגנדיקער שטראָם, אַז זי האָט אַזש דעם אָטעם פאַרהאַלטן. זי האָט פּאַמעלעך צוגעבויגן איר קאָפּ צום נאַקעטן אַקסל, צוגעטראָגן דאָס מויל צו איר אייגענער ווייכער און ווייסער הויט און — מיט פאַרמאַכטע אויגן — זיך אַליין אַ לאַנגן, און ליידנ־שאַפטלעך־זיסן קוש געטאָן.

מיטאַמאָל האָט זי זיך אַ צאַפּל געטאָן און זיך גענומען רויטלען. זי האָט אין פאַרלעגנהייט אַ שעמעוודיקן שמייכל צום שפּיגל געוואָרפן, זיך גענומען פאַרענטפערן פאַר זיך אַליין און דערביי באַמערקט אין שפּיגל, אַז אירע ליפּן זענען בלאַסלעך:

— נישקאָשע, — האָט זי זיך גענומען טרייסטן, — וועל איך זיי אַביסעלע צושמירן. עס מאַכט ניט אויס. אַ פרוי דאַרף זיך האַלטן אָנציִענדיק און פריש...

זי האָט איינגעגעבן אירע ליפּן, זיי אַרומגעווישט מיטן ברעג פון איר טיכעלע און מיטן רויטן פאַרב־שטעקעלע, גענומען פאָרזיכטיק אויסמאָלן אויף זיי די געוויינטלעכע דריי רויטע קאַרמין־פּינטעלעך, ווי אַלעמאָל. זי האָט ווידער אַ קוק געטאָן אין שפּיגל, קאָקעטיש זיך אַ דריי געטאָן אין אַ זייט, זיך געבויגן אַהין און אַהער און מיטן מינדסטן פינגערל פון דער רעכטער האַנט גענומען צעגלעטיקן און אויסבעסערן די אָנגעלייגטע פאַרב, אַז עס זאָל זיין גלייך, צעצויגן און אויסגעפורעמט.

זי האָט פאַרענדיקט דאָס צופאַרבן זיך, זיך נאָכאַמאָל באַטראַכט אינם קליינעם האַנט־שפּיגעלע און איז צופרידן געווען. מיטאַמאָל האָט זי זיך פריילעך, אָבער איינגעהאַלטן צעלאַכט. זי האָט זיך דער־מאָנט, אַז ביי פיל כאַווערטעס אין דער יוניאָן און אין קלאַס וואו זי לערנט זיך, ווערט דאָס צופאַרבן זיך באַטראַכט קימאַט ווי אַ פאַר־ברעכן. יעדענפאַלס, האַלטן זיי ניט פון אַזעלכער, וואָס פרישט אויף איר פּנים מיט פאַרב און פודער. איין כאַווערטע האָט איר אַפילע איינמאָל אַ זאָג געטאָן, אַז די פרוי וואָס שמירט זיך די ליפּן, באַווייזט דערמיט אַליין, אַז זי איז ניט קיין ערנסטער מענטש...

— נאַראָנים! — האָט ראָוז אַ ברום געטאָן צו זיך. — יאָ, עמעסע נאַראָנים און צוריקגעשטאַנענע. זיי זענען געבליבן שטיין מיט די זעלביקע באַגריפן, וואָס זיי האָבן מיט זיך געבראַכט פון די היימישע דערפלעך און שטעטלעך. זיי האָבן זיך אַפילע פון אָרט ניט גערירט, כאָטש זיי לעבן אין גאַנץ אַנדערע אומשטענדן... און דאָס ערגסטע, — האָט ראָוז זיך געערגערט, — איז דאָס, וואָס זיי אינדענטיפיצירן ערנסט־קייט מיט אָפּגעלאָזנקייט און לאָזן זיך אַפילע ניט איבערצייגן, אַז זיי זענען אומגערעכט...

ניט איינמאָל שוין האָט ראָוז אינזינען געהאַט אַוועקצושטעלן די דאָזיקע פראַגע אין איר קלאַס, אַז דער לערער זאָל עס פאַרענטפערן, נאָר...

— עס וועט סיי ווי ניט העלפן. — האָט זי באַשלאָסן. — יענע, וואָס האַלטן אַנדערש, וועלן ניט ווערן איבערצייגט, פונקט ווי מען קאָן ניט איבערצייגן דער מוטער, אַז...

זי האָט זיך נאָך מער צעלאַכט:

— נו, טאַקע אַזוי, אָט גיי, רעד צו דער מאַמען און איבערצייג זי, אַז פרייע ליבע מיינט נאָך ניט זיין אויסגעלאַסן און אַז דאָס איז העכער, שענער און פּראַקטישער אַפילע ווי...

און ניט נאָר די אַלטע, אַלטמאָדישע מאַמע, נאָר אַפילע פיל פּראָגרעסיווע מענטשן, כאַווירים, האַלטן ניט דערפון און לאַכן אָפּ פון פרייער ליבע, אָדער — ווי מען רופט עס — די בירגערלעכע כאַסענע. נו, וואָס זשע, איז עס דען אַ באַוויז, אַז עס טויג טאַקע ניט; אַז מען דאַרף זיך נאָך אַלץ האַלטן ביים אַלטן און כאַסענע האָבן בלויז דאַמאָלס, ווען דער ראָוו גיט זיין האַסקאָמע?...

זי האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— עט, צוהערן זיך צו דעם וואָס מענטשן זאָגן... זאָלן זיי לאַכן... זי וועט טאָן ווי זי אַליין פאַרשטייט און ווי איר געפעלט. זי וועט זיך אַדראַבע, אינמיסטן פאַרבן און זאָל זי אַלעמען געפעלן ווערן. אַפילע יענע, וועלכע בויזעקן מיקלוימערשט אָפּ פון איר און אַליין כאַפּן זיי פונדעסטוועגן זייטיקע קוקעלעך אַף איר און ווערן דערביי שיער אויסגעריסן. און מיט אייבן וועט זי כאַסענע האָבן דאַווקע אַזוי, פריי, אָן אַ כופּע וועקידושין. זי וועט אַפילע אין קאָורט אריין

ניט גיין. ווארים א קלאג מוז שוין זיין צו יענער מיידל, וועלכע דארף זיך באווארענען מיטן קאָרט, אז דער מאן זאל זי שטענדיק ליב האבן. יא, זי וועט ביכלאל לעבן אזוי ווי איר געפעלט און זאלן מענטשן רעדן. זאל עס זיי פארדריסן.

ראָוז האט זיך עטוואס בארואיקט און אונטערגעשמייכלט ווי אין ניצאכן. זי איז לעבעדיק ארויסגעשפרונגען פון וואש־צימער, ארייג־געלאפן אין שאפ און מיט שטאלצע טריט פארביישפאצירט דעם פאר־מאן, וועלכער האט איר נאכגעקוקט מיט צעוויטיקט־ברויגזע בליקן. זי האט א נעם געטאן איר האנט־בייטל און — פארביילויפנדיק צו דער טיר — פריילעך א ווארף געטאן צום פארמאן:

— ביי־ביי, הערי!... מירן זיך טרעפן אין קלויסטער!... ביי־ביי!...

ער האט א טראט געטאן נאך איר:

— אבער רייזעלע,ווארט נאר א ווײַלע...

זי האט שטיפעריש א פאכע געטאן מיט דער האנט צו אים, פלינק א צעעפן געטאן די טיר און זיך ארויסגעגליטשט.

---

די היץ פון גאס, כאטש שוין ניט אזא שווערע ווי אינווייניק, אין שאפ, איז אבער דאך גענוג שטיקנדיק געווען, אז עס האט אזש ביי ראָוזן פארכאפט דעם אטעם און זי קוים געלאזט שפרייזן, דער גערויש פון די פארבייפארנדיקע, גרויסע לאסט־אויטאס און פון די גרילצנדיקע טראמוויי־וואגאנען, האבן איר נעעגבערט אין מויעך.

זי האט ווידער א קוק געטאן אף איר האנט־זייגערל, — ס'איז נאך פרי געווען. ביז זי וועט זיך דארפן טרעפן מיט אייבן, — האט זי נאך גענוג צייט. זי וועט זיך נאך קאנען צוכאפן צום יאם, זיך אפבאדן און צוריקקומען אין צייט, — האט זי, א צופרידענע, א טראכט געטאן.

— און עפשער גאר פריער אפקלינגען צו אייבן? — האט זי זיך געאישעוועט. — זאל ער זיך עפשער אויך פראווון ארויסכאפן פון שאפ און... דעמאלס וואלטן זיי ביידע צוזאמען צום יאם געפארן, וואלטן ביידע צוזאמען זייערע צעגליטע געמיטער אין וואסער אפגע־לאשן און אין די שטיפעריש־יאגנדיקע כוואליעס זייער יוגנט־פרייד זארגלאז אויסגעטאנצט?...

דער איינפאל איז איר גלייך געפעלן געווארן. זי איז גיך און פריילעך אוועק צו א דערבייאיקער קראם, אריין אין טעלעפאן־ביידל, אנגעקלונגען און קימאט אפן קאל אין טרייבל אריינגעשריגן:

— ...נו, וועסט זאגן, אז ס'איז אימיצער ביי דיר שטארק קראנק געווארן... יא־יא, אז אימיצער איז געפערלעך און דו מוזט אים גלייך זען...

— „ער וועט קומען... ער וועט קומען” — האט זי, ארויסגייענ־דיק צוריק אף דער גאס, צו זיך אונטערגעשמייכלט. — ער האט זי דאך אזוי שטארק ליב...

זי האָט זיך אָנגעלענט אָן אַ וואַנט פון אַ הויז און גענומען ווארטן. די היץ האָט זי גיך איינגעמידט. זי איז געשטאַנען מיט שווערע האַלב־צוגעמאַכטע אויגן.

לעבן איר האָבן זיך באַלד אוועקגעשטעלט דריי גרויסע, אויס־געפורעמטע פיגורן. איר האָט זיך אַפילו אויסגעוויזן, אַז זיי, די פיגורן, — כאָטש זיי האָבן זיך באַוועגט פאַרביי אירע אויגן ווי אין אַ שווערן נעפּל און מיט שוואַכע, קוים־באַמערקבאַרע קאָנטורן — זענען פּאָרט לעבעדיקע. זי האָט זיי אַפילו דערקאָנט. זי האָט געזען פאַר זיך די דריי מענטשן, וואָס זאָגן איר שטענדיק אַז זיי האָבן זי ליב.

דער באָס אירער— מיסטער מאַנדעלבוים — דער ערשטער.
דער פאָרמאַן — הערי — דער צווייטער.
און... אייב.

דער ערשטער, דער באָס; אַן אויסגעדאַרטער איז ער. מיט מאַסן קנייטשן אַף אַ מאָגער, אויסגעבלאַסט פּאָנים און מיט גראָבע ברילן־גלעזער אַף קורצזיכטיקע, קעלבערנע אויגן. אַ שטילער איז ער, רעדט קימאַט קיינמאָל קיין וואָרט ניט. אָבער אַז ער רעדט יאָ, איז עס מיט עפּעס אַזאַ פּאַסקודנע ווערעמל אין האַרצן. אָפּט דאַכט זיך, אַז ער איז גאָט די נעשאָמע שולדיק און... איז דערביי פּיאַיק ביי אַ מענטשן די לעבער אַרויסצונעמען פאַר אַ דאָלאַר. טיילמאָל מאַכט ער אַזאַ פרום־ראַכמאָנעס־פּאָנים, פאַרגלאָצט אַזוי צוואַאַקיש די אויגן, אַז עס גלוסט זיך פּאָשעט אַרויסצונעמען אַ פּעני און אים אַ נעדאָווע דערלאַנגען... ער איז איצט אַף זיין וואַקאַציע אין אַטלאַנטיק סיטי. דאָרט, וואו אַלע פון זיין גלייכן זענען. ער פאַרברענגט דאָרט אַזוי יעדן זומער. קיין געלט פעלט אים ניט. די שאַפּ גייט זיך אָן אָן אים. עס זענען פאַראַן גענוג אַזעלכע, וואָס גיבן אַכטונג, אַז זיינע פאַרדינסטן זאָלן וואַקסן... און אַז ער וועט סאָף זומער צוריקקומען, — וייסט זי שוין פון פאַריאָרן, וועט ער זי אַריינרופן צו זיך אין אָפיס און וועט איר נעמען אַלץ אויסדערציילן. ער וועט זיך האַלטן אין איין באַקלאָגן פאַר איר, אַז ער האָט געהאַט אַ צאָרעדיקע וואַקאַציע; אַז ער איז געווען איינזאַם און ניט געהאַט מיט וועמען אַ וואָרט אויס־צורעדן. ער וועט איר דערביי געבן אָנצוהערן, אַז אויב זי, רייזעלע, וואָלט נאָר אַ פּיפּס געטאָן, וואָלט זי אויך געקאָנט זיין דאָרט, צוזאַ־מען מיט אים און דאַן... דאַן וואָלט דאָך אַלץ אַזוי אַנדערש געווען... דאַן וואָלטן זיי צוזאַמען פאַרבראַכט די צייט און די בעסטע פאַר־געניגנס, וואָס מען קאָן קריגן פאַר געלט...

דער צווייטער, הערי, דער פאָרמאַן; אַ יונגערמאַן איז ער שוין דאַווקע אַן אויסגעכאָליעטער. אַ דיקלעכער איז ער, מיט קליינינקע שמאַלץ־אייגעלעך, וואָס לויפן הין און צוריק אַף זיין גלאַטן פּאָנים, דערשראָקענע און צעטומלטע ווי ביי אַ מייזל. אַ געזונטער איז ער — אַ דיז — מיט אַ פּאָר גרויסע, בערישע לאַפּעס. אָפּט דאַכט זיך;

אז ווען ער זאָל אימיצן אריינקלאַמערן אין אָט די לאַפּעס, וואָלט יענער אונטער זיי גלייך דערשטיקט געוואָרן. זיינע כיטרע, כאַיעשע באַוועגונגען דערמאָנען איר אין אַ קאַץ. איבערהויפּט דאַן ווען ער איז בייז און טוט אַזוי גיך־גיך אַ וויש מיט זיינע גלאַטינקע פינגער איבער די שטעכיק־ארויסגעקאַמטע און שיטערע וואָנצעלעך, ארויף־ארויף... ער ווערט דאַן אין אירע אויגן אַזוי קאָמיש־ראַכמאָנעסדיק, אַז זי קאָן אַזש ניט קוקן אַף אים. און ער, הערי, וויל דאָס איר, רייזעלען, גליקלעך מאַכן מיט זיינע אָפּגעשפּאָרטע עטלעכע טויזנט דאָלאַר, מיט וועלכע ער האַלט זיך טאָמיד אין איין באַרימען פאַר איר און, איבערהויפּט, פאַר איר מוטער, וועלכע לייכט פאָשעט אויף הערנדיק זיינע מייסעס...

און... דער דריטער, אייב; אַ יונגערמאַן איז ער פון מיטעלען וואוקס. ער זעט אַפילע אויס קימאַט ווי אַ אינגל נאָך. די ברוינע, טיפע אויגן זענען אומרואיקע און בלאָנדזשענדיקע, אָבער אויך גלעטנדיקע און לאַשטשענדיקע. איר דאַכט זיך אָפט, אַז אַפילע די זומער־שפּרינקעלעך, וואָס אַף זיין פּאָנים, זענען פּונקט אַזוי אומרואיק ווי זיינע אויגן, ווי ער, און ווי זיין גאַנצע אומרואיקע נעשאָמע איז... זיינע באַוועגונגען זענען שנעל און האַסטיק, מיט ברען און אומרו אַפילע, אָבער אויך ווייך און צערטלעך. איז ער שיין? — מאָדנע; זי, ראָוז, האָט, דאַכט זיך, קיינמאָל אַפילע קיין טראַכט ניט געטאָן וועגן דעם. אָבער צי דאַרף אַ מאַן גאָר שיין זיין?... דערפאַר איז ער דאָך קלוג — מעדינעס אויסצופאָרן. קיין וואונדער ניט, וואָס אין דער יוניאָן איז ער אַזוי באַליבט ביי אַלעמען. ס'איז דאָך מאַמעש אַ פאַרגעניגן אים צו הערן רעדן מיט זיין קלינגענדיקער, פול־ברוסטיקער שטימע, וואָס קומט ווי פון ערגעץ טיף. עפּעס איז זי, די שטימע זיינע, אַזוי פעסט, אַזוי גענויעט און דערביי אַזוי זיכער און אויפריכטיק, אַז צי מען וויל יאָ, צי מען וויל ניט, — מען מוז גלייך גלויבן אין זיינע רייד. מיט פייער און ברען איז זיין וואָרט. מיט ווערטלעך און מעשאָלים געמישט. שטענדיק רעדט ער וועגן העכערע זאַכן, וועגן אַ שענערער וועלט און בעסערער צייט. ער כאָלעמט וועגן מענטשלעכן יושער און גלויבט אין אַרבעטערס באַפרייאונג און וועלט־רעוואָלוציע. און אין אַלעם איז ער אַזוי קלאָר און באַהאַוונט. אַליץ ווייסט ער...

ראָוז האָט אינמיטן אַ טראַכט געטאָן:

וואָלט זי אים, אייבן, געקאָנט ליב האָבן, ווען ער וואָלט געווען אַנדערש ווי ער איז?... אָט, ווען ער וואָלט אַפילע געווען העכער, מענערישער און העלדישער, אָבער ניט אַזוי אַ ווי ער איז?...

ראָוז האָט זיך פאַרטראַכט. עס האָט אויסגעזען, ווי זי האָט טאַקע אַף אַן עמעס געוואָלט קלאָר מאַכן פאַר זיך די געשטעלטע פראַגע; ווי זי וואָלט געזוכט אָנצוטאַפּן די הויפּט־אורזאַך, וואָס האָט ארויסגערופן איר ליבשאַפט צו אים. און זי איז זיכער ביי זיך:

„ניין. זי וואָלט אים בעשום אופן ניט געקאָנט ליב קריגן, ווען ער וואָלט נאָר אפילו מיט עפּעס אַנדערש געווען"...

— עך, — האָט זי אַ זיפץ געטאָן. — די מאַמע וועט צאָרעס האָבן ווען זי וועט איר אָנזאָגן, אַז זי האָט באַשלאָסן אוועקצוגיין וואוינען מיט אייבן, אַזוי זיך. זי וועט זיך פּאַשעט אַ מייסע אָפּטאָן. כאָטש זי, די מאַמע, האָט ליב אייבן ווי אַן אייגענעם זון און האַלט פון אים אַ וועלט. זי פאַרשטייט בלויז ניט איין זאַך; אַזאַ קלוגער און ליטישער יונגערמאַן זאָל רעדן אַזעלכע נאַרישקייטן. זי טײַנעט:

— מען קאָן זיך טאַקע זײַן אַ פרייער. ניט גיין אין שול אַריין. ניט דאַוונען און אפילו ניט פאַסטן אום יאָמקיפּער אויך. דאָס זענען גאָט־זאַכן און זי וויל זיך ניט מישן. אָבער... אָט, איינשפּאָרן זיך און דאַווקע וועלן כאַסענע האָבן העפּקער־פּעטרישקע, אָן כופּע ווערי־דושין און אָן אַ ראָוו, — אָט דאָס איז שוין, איר זאָלט מיר מויכל זײַן...

דערבײַ פאַרגייט זיך די מאַמע שטענדיק מיט אַ קרעכץ און זי ווייסט ניט ווי אַזוי צו פאַרענדיקן די רייד וואָס זי האָט אָנגעהויבן. זי טוט בלויז אַ וויש איבער די פאַרטרערטע אויגן און בלײַבט אַנט־שוויגן.

— נו, וואָס קאָן מען טאָן אין אַזאַ לאַגע? — פרעגט ראָוז בײַ זיך אַליין. — אַז זי האָט פאָרט אַזוי שטאַרק ליב דער מאַמען און וואָלט זייער שטאַרק געוואָלט איר ניט ווי טאָן. אָבער וואָס קאָן זי זיך העלפן?... אַז זי האָט דאָך אייבן אַזוי שטאַרק ליב. דאַכט זיך, פיל מער אפילו ווי דער מאַמען...

„איבעריגנס" — טוט זי אַ טראַכט, — אויב אייב האָט זי טאַקע אַזוי שטאַרק ליב ווי זי אים, וועט ער זיך ניט אײַנאַקשענען אויף אַזאַ קלייניקייט און וועט אײַנגיין אויף אַלעם, אַבי דער מאַמען קיין ווייטיקן ניט צו פאַרשאַפן. מען וועט בלויז דאַרפן מיט אים אַ רעד טאָן וועגן דעם"...

אָבער נאָך גיכער ווי זי האָט בײַ זיך אָפּגעמאַכט צו רעדן מיט אייבן וועגן דעם, האָט זי זיך פאַרשעמט פאַר איר געדאַנק און אַ ציטער געטאָן:

— עט, צום טייוול!... דער קליינבירגערלעכער וואָרים האָט מיך שוין אַ ריפּע געטאָן.

---

די היץ איז וואָס אַ מינוט אַלץ גרעסער געוואָרן. די זון — האָט אויסגעזען — האָט צענויפגענומען אירע אַלע קויכעס, זיך אונ־טערגעגאַרטלט און גענומען בריען און שטיקן. ס'איז שווער געוואָרן צו אָטעמען. די מענטשן אין גאַס האָבן זיך אַרומגעשלעפּט ווי איבער־געאַרבעטע פערד אין שווערער מאַסע געשפּאַנט. קריכנדיקע זענען זיי געגאַנגען אין זייערע יאָכן. ראָוז איז אַלץ געשטאַנען און גע־טראַכט. פיל מענטשן זענען פאַרביי אירע מידע אויגן. טייל פאַר־

בייגייער האָבן זי באַשאַנקען מיט אַ בליק. אַנדערע זענען פאַרביי גלייכגילטיק, ווי זיי וואָלטן דערביי באַמערקט:

— נו־יאָ, מער ליגט מיר ניט אינזינען אין אַזאַ הייסן טאָג...

אַן אָפּגעריסענער טרעמפּ, מיט פאַרגאַסענע, שיקערע אויגעלעך, האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן ראָוזן. הינטיש־האַכנאָעדיק האָט ער גענו־מען קוקן אין אירע אויגן אריין, אויסגעשטעלט אַ שמוציק־ציטער־דיקע האַנט און מיט געמאַכטער איידלקייט גענומען בעטן:

— איי בעג יור פּאַרדאָן, לעידי, איר וועט עפּשער אָפּשפּאָרן פאַר אַן אָרימען קערל אויף אַ טרונק בראַנפן?... שוין אַ וואָך צייט ווי איך האָב אין מויל קיין ביסל בראַנפן ניט געהאַט. ערן וואָרט!...

מיט אַ צעוויטיקטן עקל, וואָס האָט איר אַזש ביים האַרצן פאַר־קלעמט, האָט ראָוז זיך אָפּגעקערט פון אים. זי האָט ניט געקאָנט קוקן אויף זיינע פאַרשיקערט־וואַסערדיקע בליקן, אויף זיין אויסגעצויגענער, גרויסער נאָז און אויף זיינע פעטע, פייכטע ליפּן, וואָס זענען געווען אויסגעשמירט אין שפּייעכץ און בלאָטע.

דער טרעמפּ, אַז ער האָט דערזען ווי זי האָט זיך אָפּגעקערט פון אים, איז דאָך ניט אַראָפּגעפאַלן ביי זיך. ער האָט זיך אַ דריי געטאָן ווי אַן עלעגאַנטער קאַוואַליר צו איר, ווידער אַ קוק געטאָן איר גלייך אין פּאָנים און נאָכאַמאָל גענומען צושטיין:

— וואָס־זשע, גיט איר מיר גאָר ניט? — האָט ער אַ זאָג געטאָן און גענומען בעטן. — פּליז, גיט מיר עפּעס. גיט מיר עטלעכע סענט. גיט מיר אַ פראַסק אין צורע, גיט מיר אַ בוכע אין זייט, אַ פּלאַם אין מאָרדע, אַבי גיט מיר עפּעס...

ראָוז האָט אַן איינגעהאַלטענעם שמייכל געטאָן און אים דער־לאַנגט אַ מאַטבייע.

— אָ־אָ, איר זעט? — ניטאָ מער... אָפּגעשטאָרבן... האָט ער אַ זאָג געטאָן און מיט אַ פלינקער באַוועגונג פאַריאָגט די מאַטבייע צו זיך אין אַרבל אריין... — כע־כע־כע... נו, זאָגט, איז עס ניט ווערט געווען?... פאַר דעם איינענעם גילט וואָס איר האָט מיר געגעבן, האָט איר שוין געזען אַ קונץ אויך, פאַר וועלכער איר וואָלט אין צירק גע־דאַרפט באַצאָלן כאָטש אַ האַלבן דאָלאַר.

ער האָט גענומען אַוועקשפּרייזן און דערביי נאָך אונטערגע־מורמלט:

— אַ דאַנק, לעידי, אַ דאַנק!...

ראָוז האָט אים נאָכגעקוקט. זי האָט באַטראַכט זיין וואַקלענדיקן גאַנג, זיינע אָפּגעריסענע, נאָכהענגנדיקע שמאַטעס; זיינע צעדרייטע, מיט שטריק־אַרומגעבונדענע שיך, און ביי איר האָט זיך מיטאַמאָל דערוועקט אַ שווערער ראַכמאָנעס־געפיל, צוזאַמענגעמישט מיט אַ פיינ־לעכן וויטיק:

זי האָט אַ צעבראָכענע אַ קוק געטאָן אויף איר האַנט־זייגערל און זיך אַ כאַפּ געטאָן:

— אָ, ס'איז דאָך שוין אַ שטיק נאָך דריי!...

זי איז געוואָרן באַאומרואיקט:

„וואָס האָט עס דאָרט געקאָנט געשען מיט אייבן”? — האָט זי געציטערט. — „האָט זיך עפּעס כאָלילע ניט געטראָפן מיט אים?” — האָט זי זיך דערשראָקן פון איינענעם געדאַנק.

זי האָט דערפילט אַ שווערע מידקייט אין די קניען און קוים געקאָנט איינשטיין אַף די פיס. איר איז באַפאַלן אַ מוירע, אַז זי וועט אָט־אָט אַנידערפאַלן. זי האָט מיד פאַרמאַכט די אויגן, פאַרוואָרפן דעם קאָפּ און, אינסטינקטיוו, זיך אַ כאַפּ געטאָן מיט אַ האַנט אין עפּעס אַן אייזערנעם סלופּ. איר קאָפּ איז שווער און היים געוואָרן, פונקט ווי ער וואָלט אַנגעגאָסן געוואָרן מיט עפּעס אַ הייסער פליסיקייט. זי האָט דערפילט, אַז איר ווערט שלעכט. זי האָט זיך שטייף אַנגעלעגט אָנם סלופּ, צוגעטוליעט איר קאָפּ צום אַנגעגליטן אייזן און...

אינדערהויך, איבער איר קאָפּ, האָט זיך פאַרבייגעטראָגן אַ גערויש פון אַ דורכלויפנדיקער הויך־באַן, וואָס האָט מיטגעשלעפּט אירע געדאַנקען אין אַ ווייטער אומבאַשטימטקייט. אירע קניען האָבן זיך גענומען בויגן, נאָכלאָזן און זי האָט זיך גענומען אַרונטערלאָזן. זי האָט דערפילט אַ מאָדנע לויזקייט. עפּעס האָבן פייערדיקע רינגען, ווי זונען, זיך געטראָגן און געדרייט פאַרביי די אויגן. אַרום איר איז געוואָרן טונקל און שוואַרץ. מיטאַמאָל האָט זי דערפילט איבער זיך הענט. אַ מאַסע ווייכע און לאַשטשענדיקע הענט, האָבן זיך, דאַכט זיך, געפּאָרעט איבער איר פּאָנים און אַקסלען. אימיצער האָט זי געטרייסלט. זי האָט זיך אַנגעשטרענגט, געעפנט די אויגן און...

אייב — אַ דערשראָקענער — איז געשטאַנען לעבן איר און געציטערט:

— וואָס איז געשען, רייזעלע? — האָט זי דערהערט זיין צאַפּלדיקע שטימע.

זי האָט אָפּגעאָטעמט:

— אָ, ס'איז גאָר ניט, אייב, אַבסאָלוט גאָרניט. — האָט זי אַ שעמעוודיקע — זיך געפּלייסט צום שמייכלען. — איך האָב זיך מיסטאָמע אַנגעגליט און...

אייב האָט זי פעסט אַ נעם געטאָן אונטער זיין אָרעם, זי קימאַט אַ כאַפּ געטאָן אַף זיינע הענט און אַריינגעפירט אין אַ קראָם וואו מען פאַרקויפט קאַלטע געטראַנקען. דאָרט האָט ער זי אַוועקגעזעצט לעבן אַ טישל און צוגעטראָגן עפּעס צו דערפרישן זיך.

ער האָט געקוקט אַף איר, געהאַלטן איר האַנט אין זיינער, באַרואיקט זי און אַ דערשראָקענער געגלעט איר הויט. מיטאַמאָל האָט ער זיך אויפגעשטעלט, אַרויסגעלאָפן צו דער גאַס און צוגערופן אַ טעקסי.

זי האָט ברייט צעעפנט אירע אויגן:

— אייב, — האָט זי גענומען בעטן. — מען דאַרף ניט. ס'איז

גאָרניט. ס׳איז בלויז אַ שאָד דאָס געלט. אייב, מיר קאָנען דאָך פאָרן מיט דער אונטער־ערד־באַן...

אייב האָט ניט געענטפערט. שטילערהייט האָט ער זי צערטלעך אַ נעם געטאָן ביי דער האַנט און פאָרזיכטיק אַריינגעזעצט אין מאַשין.

— הם... — האָט ער מיטאַמאָל אַ מורמל געטאָן. — און איך האָב געהאַט גערעכנט, אַז האָסט בלויז געשפּאַסט, ווען דו האָסט דורכן טעלעפאָן געזאָגט, אַז אימיצער איז קראַנק געוואָרן...

זי האָט אַ שמייכל געטאָן:

— עס האָט שיער געהאַלטן דערביי.

ער האָט זי גענומען בארויקן:

— וועסט אַהיימפאָרן, זיך אָפּרוען, וועסטו זיך בעסער פילן...

זי האָט זיך דערשראָקן אומגעקוקט:

— אַהיים?... וואָרים מיר... פאָרן דען אַהיים?...

ער האָט אַ פאַרטראַכטער געשוויגן.

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף אייבן פונדערזייט און אַ טראַכט געטאָן:

„פאַרוואָס שווייגט ער?... פאַרוואָס פלוידערט ער ניט אַזוי פריי־לעך, ווי טאָמיד ביי אַלע זייערע באַגעגענישן?... זאָל ער עפּשער דענקען, אַז זי... אויב אַזוי, וועט זי דאָס אים גלייך פרעגן. זי וועט אים מוזן איבערצייגן, אַז ס׳איז גאָרניט; אַז דאָס איז נאָר פון דער שטיקנדיקער היץ און...

זי האָט אָבער גאָרניט גערעדט. זי האָט זיך בלויז נעענטער צוגערוקט צו אייבן און זיך געטוליעט צו אים. זי האָט באַשלאָסן:

„זי וועט אים גאָר אַ קוש טאָן. ער האָט דאָך אַלעמאָל טיינעס, אַז זי האָט אים נאָך קיינמאָל מיט איר אייגענעם ווילן קיין קוש ניט געטאָן. ער וואַרפט איר שטענדיק פאָר, אַז זי איז אַ צוריקגעהאַלטענע און אַז זי דערשטיקט אירע אייגענע געפילן, פונקט ווי אַלע אַנדערע צוריקגעשטאַנענע מיידלעך. נו, זאָל ער איצט זען, אַז ער האָט אַ טאָעם אין איר; אַז זי, ווען זי פילט נאָר ווי צו קושן — טוט זי עס אַליין, אָן געבעט און אָן צוואַנג“.

זי האָט זיך צוגעבויגן צו אים און אָפּגעפּרעסט אַ בריענדיק־זיסן קוש אויף זיינע ליפּן.

אייב איז גלייך געוואָרן אָן אויפגעלעבטער און גענומען פריילעך פלוידערן:

— און איך האָב זיך אַזוי שטאַרק דערשראָקן, — האָט ער זיך גענומען פאַרענטפערן פאַר איר.

ראָוז האָט געלאַכט און גערעדט. זי האָט פאַר אייבן אויסגע־רעכנט אַ פּלאַן, וואָס זיי וועלן טאָן אַ גאַנצן נאָכמיטאָג, ווי זיי וועלן פאַרברענגען דעם אָוונט און דערנאָך...

מיטאַמאָל האָבן די מאַשין־רעדער אַ גריליץ געטאָן און די טעקסי האָט זיך האַסטיק אָפּגעשטעלט אינמיטן גאַס, אַז עס האָט זיי אַזש אַ טרייסל געטאָן. אייב האָט אַ באַאומרויקטער געוואָרפן אַ בליק

דורכן פענצטערל פון מאַשין.

אַ גרויסער אוילעם, האָט ער געזען, האָט זיך געשטופּט און גע־שטויסן איבער דער גאַנצער ברייט פון גאַס און פאַרהאַלטן דעם פאַר־קער. אייב האָט אַ פרעג געטאָן ביי אימיצן פון די פאַרבייגייער וואָס עס איז געשען און, נאָך איידער יענער האָט באַוויזן אָפּצוענטפערן, האָט ער, אייב, מיט שרעק אין זיין שטימע, אַ זאָג געטאָן:

— הערסטו, ראָוז, עפּעס צופיל מענטשן שטראָמען אַהינצו. עס זעט אויס ווי לעבן אונזער יוניאָן־געביידע!...

דער מאַן ביי וועמען אייב האָט אָנגעפרעגט, האָט גלייכגילטיק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און צוגעוואָרפן:

— מען זאָגט, אַז די רעכטע און לינקע, אָט דאָרט...

אייב האָט אַ ציטער געטאָן. פאַר אים איז קיין ספק ניט געווען מער, אַז עפּעס איז דאָרט, אין דער יוניאָן, געשען. ער האָט זיך דער־מאָנט אין עטלעכע געשעענישן, וואָס זענען דאָרט לעצטנס פאָרגע־קומען. ער האָט אַף גיך אָפּגעלאָזט ראָוזיס האַנט און זיך אַ ריס געטאָן צו כאַפּן אַ בליק פונדערווייטנס, טאָמער וועט ער פאָרט עפּעס זען. באַלד האָט ער אַ צעעפן געטאָן די טיר פון דער טעקסי, אַרונ־טערגעשפּרונגען און דערביי אַ זאָג געטאָן צום שאָפער:

— איך גיי דאָ אַרונטער און איר, פירט צו די לעידי וואוהין זי וועט הייסן.

און צו ראָוזין:

— איך וועל צולויפן פאַר אַ ווייל. איך האָב מוירע, אַז...

זי האָט אַ כאַפּ געטאָן אייבן ביי דער האַנט:

— אָבער אייב... איך... איך גיי מיט דיר... איך...

— דו פילסט זיך דאָך אָבער ניט מיט אַלעמען, ראָוז, — האָט ער גענומען בעטן. — פאָלג מיך, פאָר אַהיים און רו זיך אויס. איך וועל שפּעטער צוקומען און דאַן...

זי האָט שאַרף אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ אַף ניין:

— איך גיי אויך, אייב, עס איז אויך מיין יוניאָן און... אויב דאָרט איז עפּעס געשען, דאַרף מען מיך אויך האָבן... איך...

אייב האָט צופרידן געשמייכלט.

---

וואָס נעענטער צום יוניאָן־הויז, אַלץ געדיכטער איז געוואָרן דער מענטשן־געדראַנג. אייב האָט קוים געקאָנט דורכשניידן דעם וועג פאַר זיך און ראָוזין. ער האָט זי פעסט געהאַלטן מיט אַ האַנט און מיט דער צווייטער — געעפנט אַ דורכגאַנג צווישן געדרענג. ניט וויט פון אַריינגאַנג אין הויז איז דער געדרענג געוואָרן אַזוי גרויס, אַז ער האָט ראָוזין אינגאַנצן פאַרלוירן פון זיך. און וויפל ער האָט זיך ניט געפּלייסט זי צוריקאָנצוכאַפּן — דאָס ניט באַוויזן. דער אוילעם האָט זיך געשטופּט, געשטויסן און זיי פאַנאַנדערגעטיילט. ראָוז האָט זיך געדרייט צווישן רעדלעך און גרופּעס און דערביי געהערט ווי

איינער האָט דעם צווייטן איבערגעגעבן פאַרשידענע געהערטע און אויפגעכאַפּטע מייסעס. פון מויל צו מויל איז איבערגעגעבן געוואָרן, אַז די געוועזענע פאַרקויפטע פירער פון דער יוניאָן, נאָכדעם ווי די אַרבעטער האָבן דערוויילט אַנדערע, פּראָגרעסיווע, קעמפנדיקע פירער, און זיי, די אַלטע, פאַרטריבן, זענען זיי — צוזאַמען מיט געדונגענע שטאַרקע — באַפאַלן די יוניאָן־געבײדע און געוואָלט פאַרכאַפּן דעם אָפיס, קעדיי ווידער ווי פריער אומגעשטערט צו קאָנען האַלטן די אַר־בעטער אין צוים און זיי פאַרראַטן צו די באַלעבאַטים.

ראָוז האָט זיך קוים דערשטופּט צום אַריינגאַנג. זי איז האַסטיק געלאָפן איבער די שמאָלע טרעפּ. פון אַרום האָט זיך געטראָגן אַ טומל. ענדלעך האָט זי געעפנט די טיר פון אָפיס. אייב — האָט זי געזען — איז שוין געשטאַנען צווישן אַ גרופּע אַרבעטער און אימיצער האָט דערציילט:

— יאָ, זיי זענען טאַקע אָנגעלאָפן אומגעריכטערהייט, געפּרוּווט פאַרפירן אַ געשלעג און זיך געכאַפּט צום צעברעכן אַלץ וואָס איז זיי אונטער די הענט געקומען. אָבער... זיי האָבן זייערס אַריינגעכאַפּט. נישקאָשע, זיי האָבן זיך ניט געגאַרט...

— אַ גליק, וואָס פּונקט אין יענער צייט, זענען אין אָפיס געווען אַרבעטער. — האָט אַ צווייטער צוגעגעבן, — אַנדערש...

באַלד זענען אָנגעלאָפן אַרבעטער פון די אַרויסגערופענע שעפּער. מען האָט זיך צוגעזעצט, ווער אויף אַ בענקל, ווער אויף אַ טיש און ווער גלאַט אויף דער ערד, און מען האָט גענומען באַטראַכטן אַ פּלאַן וואָס צו טאָן.

— מען וועט דאַרפן בלייבן היטן דעם לאָקאַל! — האָבן זיך געהערט שטימען פון די אַרבעטער. — מען וועט דאַרפן גרייט זיין פאַר אַ יעדנפאַלס...

— מען וועט זיי דאַרפן איינמאָל פאַר אַלעמאָל באַווייזן, אַז עס וועט זיי ניט געלינגען...

— אויב מען וועט אַפילו דאַרפן זיצן אַ גאַנץ יאָר, וועלן מיר דאָס טאָן. מיר וועלן זיך ניט לאָזן באַרויבן פון דער יוניאָן, וואָס מיר האָבן מיט בלוט געבויעט...

דער אַקטיוו האָט גלייך גענומען אויסטיילן פונקציעס צו יענע, וועלכע האָבן זיך אַליין אַרויסגערופן צו פאַרבלייבן. יעדער האָט באַ־קומען אַ פּלאַץ אָפּצוהיטן און אַן אָנזאָג, צו זען, אַז קיין שום אומ־געוואונטשטער זאָל זיך ניט אַריינכאַפּן.

אַלע פּלעצער ביי די אַריינגאַנגען זענען גלייך פאַרנומען געוואָרן. פאַר אייבן מיט ראָוזין — האָט אויסגעזען — איז שוין ניט פאַר־בליבן וואָס צו טאָן. אייב האָט שטומערהייט אַ קוק געטאָן אויף איר. זי האָט אויפגעכאַפּט זיין בליק און אַ זאָג געטאָן:

— מיר, אייב, וועלן אויך בלייבן. די יוניאָן איז וויכטיקער פון אַלעם...

אייב האָט ניט געענטפערט. ער האָט דערפילט ווי טרערן וואָלטן זיך אים געשטעלט אין האלז פון גרויס פרייד. ער איז נעענטער צוגע־גאַנגען צו ראָוזין, ארויפגעלייגט אַ האַנט אויף איר אַקסל און, קוקנדיק אין אירע אויגן אריין, געשוויגן.

באַלד האָט ער צענויפגעקליבן עטלעכע דורכגעלייענטע צייטונגען, זיי אויסגעשפּרייט אויף די טרעפּ און אוועקגעזעצט ראָוזין אויף זיי. כעוורע האָבן שוין געהאַט פאַרנומען זייערע פּלעצער און גענומען טומלדיק רעדן צווישן זיך. אימיצער האָט אָנגעהויבן זינגען. אַ צווייטער האָט דערציילט עפּעס אַ מייסע. אַ דריטער — אַ וויץ. אימי־צער האָט דערמאָנט, אַז עס וואָלט געווען אַ פּלאַן עפּעס אין מויל צו נעמען. כעוורע האָבן זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם. מען האָט זיך צענויפ־געלייגט ווער וויפל עס האָט געקאָנט געבן, עטלעכע יאַטן זענען ארונ־טער אין קראָם און באַלד ארויפגעבראַכט פרישע ברויטלעך, וואורשט, זויערע אוגערקעס און פלעשלעך קאַלטע סאָדע־וואַסער. איינער האָט גענומען שניידן דאָס ברויט, אַ צווייטער האָט ארומגעטיילט און אַלע האָבן פריילעך געטומלט און געגעסן.

ביסלעכוויז איז געוואָרן שטיקנדיקער. צוליב די פאַרמאַכטע טירן און איבער דער גרויסער צאָל מענטשן, וואָס האָבן זיך געפונען אין יוניאָן־לאָקאַל, איז מאַמעש ניט געוואָרן מיט וואָס צו אָטעמען. קיינער האָט זיך ניט באַקלאָגט. יאַטן האָבן בלויז ארונטערגעוואָרפן די רעקלעך פון זיך און געבליבן זיצן אין הוילע העמדער. אימיצער האָט מיקלוימערשט אין שפּאַס אַ זאָג געטאָן ראָוזין, אַז אויך זי זאָל ארונטערוואַרפן פון זיך וואָס זי קאָן, און זי, אָן איבעריקע קווינקלעניש, האָט זיך גערן באַקוועם געמאַכט.

דאָס אַלץ האָט אָבער ווייניק וואָס געהאָלפן. כעוורע זענען געזעסן צעפּאַרעטע און קעסיידער געווישט דעם שוויים פון זיך. אימיצער האָט אַ מורמל געטאָן:

— עך, אַ היץ, אַז מען קאָן צעשמאָלצן ווערן. די הינט האָבן ניט געקאָנט אויסקלויבן כאָטש עפּעס אַ קילערן טאָג, געהאַרגעט זאָלן זיי ווערן ?!...

קיינער האָט ניט געענטפערט.

צום גליק איז די גליענדיקע זון לאַנג ניט פאַרבליבן שטיין איבער די קעפּ. צו ביסלעך האָט זי זיך גענומען ארונטעררוקן הינטער די ווענט פון די דערבייאיקע הייזער און בלויז געוואָרפן פון זיך שווערע, צעפּאַרעטע שאָטנס. עס האָט אויסגעזען, אַז זי אַליין, די זון, האָט שוין ראַכמאָנעס געהאַט און זיך פאַרקליבן ערגעץ ווייט. שפּעטער, אַז די זון איז שוין געלעגן גאַנץ הארט ביים האָריזאָנט און געהאַלטן ביים פאַרשווינדן, האָט זי נאָך צוגעוואָרפן אַ לעצטן בליק דורך דער זייטיקער גאַס. עס האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט צוגעשיקט אַ טרייסט וואָרט:

— נו, ברידערלעך, איצט וועט אייך שוין לייכטער זיין...

עס איז צעגעפֿאַלן די נאַכט. אין די אַרומיקע הייזער האָבן זיך מאַסן לעמפּלעך אָנגעצונדן. אויף די גאַסן־ראָגן האָבן זיך לאַמטערנעס צעבליצט. בלויז אינעם יוניאָן־לאָקאַל איז געבליבן פינצטער. מען האָט די לאָמפּן בעקיוון ניט אָנגעצונדן, קעדיי, אויב די אָנפאַלער זאָלן ווידער וועלן מאַכן אַ פאַרזוך, זאָל מען זיי קאָנען לייכטער באַקעמפן פון דער פינצטער.

אַרום איז שטיל געווען. יאָטן האָבן ביסלעכווייז אָנגעהויבן איינ־געמידט ווערן. אייניציקווייז זענען זיי צעגעפאַלן מיט די קעפּ צו די האַרטע ווענט און אָנגעהויבן איינצודרימלען.

אייב איז געזעסן לעבן ראָוזין. ער האָט געהאַלטן איר האַנט אין זיינער, געגלעט מיט צערטלעכקייט און דערביי שטיל איר אין אויער אַריינגעפּליסטערט:

— אָ, רייזעלע, ווי גוט מיר איז מיט דיר... מיט אַזאַ ווי דו קאָן מען גיין אומעטום...

זי האָט זיך געטוליעט צו אים און אים געלאַשטשעט מיט אירע בליקן:

— יאָ, אייב, וואוהין דאָס לעבן וועט אונז נאָר פירן, אַהין וועלן מיר צוזאַמען גיין...

ער האָט זי אַריינגענומען אין זיינע אָרעמס, געקושט אירע האָר און דערביי עפּעס אינדערשטיל געשעפּטשעט. זי איז געלעגן אַ לויזע און נאָכגיביקע, האָט געגורעט איר קאָפּ אין זיין ברוסט און זיך גע־לאָזט גלעטן פון זיינע הייסע און ציטערדיקע הענט.

שפּעטער, אין די מיטנאַכט־שאָען, האָט די היץ אינגאַנצן נאָכגע־לאָזט. אַ קילע, אויסגעוואַשענע לעוואָנע, איז פאַרבייגעשוואומען אויף ווייסע וואָלקנדלעך און צערטלעך באַשיינט די מידע קערפּערס אויף די טרעפּ. עטלעכע ווייסע שטראַלן זענען געפאַלן אויף אייבן מיט ראָוזין, וועלכע זענען געלעגן צונויפגעטוליעט איינס אין אַנדערן און האַנאָעדיק־זים געשמייכלט אין זייער שלאָף.

ס'איז שטיל געווען. פון ערגעץ אין דער גאַס האָבן זיך געטראָגן מאָנאָטאָנע טריט פון אַ שפּאַצירנדיקן נאַכט־וועכטער. די נאַכט האָט שטילערהייט געזונגען אַ ליד פון שלאָף און רו...

# „עסטער־האַמאַלקע"



באַלד אינדערפרי, איידער מען האָט זיך נאָך גענעצט צו דער אַרבעט, איז ווילי צוגעגאַנגען צו איינעם פון די אַרבעטער און אינדערשטיל אים געזאָגט, אַז ער, ווילי, איז גרייט צו גיין אין דער יוניאָן און מיטהעלפן, אַז מען זאָל דעם שאַפּ אָרגאַניזירן.

די דאָזיקע נייעס איז באַלד פאַרשפּרייט געוואָרן איבערן שאַפּ. די אַרבעטער האָבן זיך גענומען סוידען צווישן זיך און איבערגעגעבן די נייעס צו די איבעריקע. עטלעכע יאַטן האָבן אונטערגעשמייכלט. אַנדערע האָבן זיך באַצויגן פאָרזיכטיק און סקעפּטיש. אָבער אַלע האָבן זיך געוואונדערט:

—ס'קען ניט זיין...

—וואָס עפּעס מיטאַמאָל? . . .

— אַלוויי זאָל עס זיין עמעס...

—ער הויבט זיך אָן מענטשלען?!. . .

געוואונדערט האָבן זיי זיך דערפאַר, ווייל פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס ער, ווילי, איז געווען צוזאַמען מיט זיי אין שאַפּ, האָט ער וועגן דער יוניאָן אפילע ניט געוואָלט הערן און גערענקען.

—צו וואָס דאַרפן מיר עס? — האָט ער אַלעמאָל אַרגומענטירט.

— ווערן מיר דען שלעכט באַהאַנדלט פון לעוונשטיינען?... באַקומען מיר דען ניט אַזעלכע ווידזשעס ווי אין די יוניאָן־שעפּער?...

ער, ווילי, איז געווען אַ געזונטער און קרעפטיק־שיינער באָכער, פון אַ קנאַפּן דרייסיקער. אַז ער איז נאָך געווען אַ יאַטל קוים פון אַ יאָר זיבעצן —אין מילכאָמע־צייט איז עס געווען — האָט ער זיך אַזויפיל אָנגעהערט מיט נאַציאָנאַליזם און פאַרכאַפּט געוואָרן דערפון, אַז ער איז — קעגן ווילן פון טאַטע־מאַמע — אַוועק און זיך פאַרשריבן אין אידישן לעגיאָן. געוואָלט דאַווקע פאָרן העלפן באַפרייען ערעץ־איסראַעל פון די טערקן. עס איז אים אָבער ניט געגאַנגען. בלויז עטלעכע טעג נאָכדעם ווי ער איז דורכגעגאַנגען דעם מעדיצינישן פאַרהער און אַרויסגעקראָגן זיין יוניפאָרם, האָט זיך די מילכאָמע פאַרענדיקט. מער קיין לעגיאָנערן האָט מען ניט אַוועקגעשיקט. איז ער אַריין אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי. אָבער אויך דאָרט האָט ער זיך לאַנג ניט גע־

האַלטן: אַ קאַרפּאַראַל האָט אים אַמאָל אַ זאָג געטאָן „שיני", האָט ער יענעם צעשלאָגן, איז אָפּגעזעסן דערפאַר אַ שטיקל צייט און דערנאָך אינגאַנצן אַרויסגעוואָרפן געוואָרן.

כאַטש — און עפּשער טאַקע דערפאַר — וואָס ער האָט פּאַלעס־טינע אין זיינע אויגן קיינמאָל ניט געזען, איז ער געווען אַ הייסער ציאָניסט און פאַנאַטישער נאַציאָנאַליסט. ער האָט קעסיידער גערעדט אידיש, ווי מען זאָגט עס, אפילו צו אַ פּאָליסמאַן. ער האָט ניט געקאָנט פאַרליידן, ווען אַ איד, אַדער אַ אידיש מיידל, האָט זיך גערופן מיט אַן ענגלישן נאָמען. עס האָט אים פּאַשעט געגרילצט אין די אויערן. פאַר זיך אַליין, אָבער, האָט ער גאָרניט געקאָנט אויפטאָן; — וויפל ער האָט אַלץ געבעטן, אַז מען זאָל אים רופן זעוו, אַדער כאָטש פּראָסט — וועלוול, איז עס ניט געגאַנגען. דער נאָמען ווילי האָט זיך אַזוי ווי צוגעקלעפּט, אַז ער האָט פון אים ניט געקאָנט פּאָטער ווערן.

געווען איז ער, ווילי, אַ יאָט — אַ היציקער, און געקאָנט אַריינ־ליגן ווען מען האָט נאָר געדאַרפט. בעטעווע האָט ער זיך אָבער מיט קיינעם ניט פאַרטשעפּעט און אָפּט אפילו אויסגעמיטן געשלעגן. ווייַ איז בלויז געווען יענעם, וועלכער האָט אין זיין קעגנוואָרט געוואָגט צו באַליידיקן זיין נאַציאָנאַלן געפיל; אָפּכויזעקן פון פּאַלעסטינע, ציאָניזם און דאָסגלייכן. דערפאַר האָט ער געהאַט אַן איינציקן אַרגומענט: — אַ פּאַרפאַר אין מאָרדע.

איינמאָל איז ער — צוזאַמען מיט זיינס אַ כאַווער — געזעסן אין פּאַרק און גערעדט צווישן זיך. דערביי זענען געזעסן עפּעס צוויי פּאָס־קודנע פּוילישע יונגען, מיט פאַרשיקערטע און פאַרריסענע נעז. עס איז יענע, אַפּאַנים, ניט געפעלן געוואָרן, וואָס ווילי האָט גערעדט אין אַן אומבאַקאַנטער שפּראַך און זיי האָבן אינדערשטיל גענומען איבער־קרומען. ווילי האָט זיך אפילו געוואָלט אויפהויבן און אָפּטרעטן. די בעוורע אָבער האָבן באַקומען מער כוצפּע און דירעקט פאַרטשעפּעט:

— העי, איר, גרינהאָרנס וואָס איר זענט! — האָט איינער פון די יונגען אַ זאָג געטאָן אין אַ צעבראָכענעם ענגליש, — פאַרוואָס רעדט איר ניט קיין אַמעריקאַניש, איר שמוציקע „שינים"?...

דאָס האָט ווילין אויפגעקאָכט. ער האָט אַ וואונק געטאָן צו זיין כאַווער:

— דייוו, — האָט ער אים אַ זאָג געטאָן, — דו טו זיך אַ נעם צום קלענערן. איך וועל שוין „הענדלען" דעם גרעסערן אַליין...

פלינק, נאָך איידער יענע האָבן באַוויזן זיך צו אָריענטירן, האָט זיך ווילי אַ וואָרף געטאָן אָפן גרעסערן, האָט אים גוט אונטערגעהאַקט די זייטן און איז נאָך געקומען צו הילף זיין כאַווער אין קאַמף מיטן צווייטן. די יונגען — מיט אונטערגעשלאָגענע אויגן און צעפּאַטלטע האָר — האָבן דערזען, אַז זיי זענען אַריינגעפאַלן, האָבן זיי זיך גענומען בעטן:

— א־רייט, באיעס, לאזט אפ!... איר מעגט רעדן אף וואסער שפראך איר ווילט נאר אליין!....

פאר גאנצע אכט יאר, כוץ קליינע אונטערברעכונגען, האט ווילי געארבעט אין דער זעלביקער שאפ. די דאזיקע שטעלע האט ער באקומען א שטיקל צייט נאכדעם, ווי ער איז אהיימגעקומען פון דער ארמיי. א שלעכטע צייט געווען. מען האט ביכלאל קיין ארבעטער ניט צוגענומען. אים האט אונטערגעשפילט דאס, וואס ער איז געווען א לעגיאנער און א ציאניסט. מענטשן האבן אריינגעווארפן א גוט ווארט פאר אים צו מיסטער לעוונשטיין, דעם סעקרעטאר פון דער ציאניסטישער ארגאניזאציע אין שטאט, וועלכער האט אגעוו געהאט די גרעסטע שאפ. ווילי האט זיך געזעצט ארבעטן. געווען איז ער א גוטער באלמעלאכע. האט ער זיך אוועקגעזעצט צו א מאשין, — איז די ארבעט געלאפן ביי אים ווי ביי א טיוול.

די שאפ ביי לעוונשטיינען — כאטש די גרעסטע אין שטאט — איז געווען אומארגאניזירט. און כאטש די סכירעס זענען געווען קימאט ווי אין יוניאן־שעפער, זענען אבער די אנדערע באדינגונגען אין שאפ געווען שטרענגע און שווערע. געארבעט האט מען פון שטיק. צי עס איז יא געווען ארבעט, צי ניט, — די ארבעטער האבן געמוזט אריינקומען יעדן טאג אין שאפ און אפקלינגען די צייט פון קומען און אוועקגיין אף די רעגיסטריר־זייגערס. איינער צום צווייטן האט קיין ווארט ניט געטארט אויסרעדן אין שאפ, בעאיים דער ארבעט. פון א זינג־טאן — איז אפגערעדט. קיינער האט אפילע קיינמאל ניט געוואוסט וויפל און פאר וועלכער ארבעט ער וועט באקומען געצאלט אין קומענדיקן צאל־טאג. ערשט אין די דינסטיקס, ווען די מיידל פון אפיס איז ארומגעגאנגען מיט א קוישעלע געלט־קאנווערטלעך איבערן שאפ און לויט די נומערן אויסגעטיילט יעדן זיין קאנווערטל, האט מען ערשט אין קאנווערטל, אף א צעטעלע, געפונען דעם רעכענונג, וואס האט אנגעוויזן פאר וועלכער ארבעט עס איז שוין באצאלט און פאר וועלכער עס בלייבט שטיין אף דער קומענדיקער וואך.

וויפל די יוניאן און די ארבעטער אפן פלאץ האבן ניט געפרואווט איינצופירן א יוניאן־שאפ אין פלאץ, — האט עס אלץ געהאט א דורכפאל. די קלענצטע אנצוהערעניש וועגן דעם, איז גלייך אויסגערונען. יענער ארבעטער, וואס האט געווארפן א ווארט וועגן דעם, איז אף צומארגנס ארויסגערופן געווארן אין אפיס, באקומען פון קאסירער די סכירעס, צוזאמען מיט אן אומשולדיק־שמייכלענדיקער באמערקונג:

— סארי, מיסטער, ניטא דערווייל פאר אייך קיין ארבעט. מירן שיקן נאך אייך, ווען...

נאך אזא געשעעניש, איז מיסטער לעוונשטיין אליין ארונטערגעקומען פון זיין אפיס אין שאפ אריין, מיקלוימערשט גלאט אזוי זיך, א גוט־מארגן ביטן. ער האט נעהייסן אפשטעלן די קראפט פאר א

ווייל און גענומען האַלטן אַ דראַשע פאַר די אַרבעטער. מיט געמאַכטער איידלקייט און צוריקגעהאַלטנקייט, האָט ער די אַרבעטער געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אַ יוניאָן ביי אים אין שאָפּ איז ניט נויטיק, אַז עס וועט ערגער מאַכן, אַז...

— אויב איר האָט אַ קריוודע, — האָט ער געזאָגט, — זענען מיר דאָך עפּעס אידן. קאָנען מיר זיך דאָך פאַרגלייכן אָפן שיינעם וועג. מיר זענען דאָך ניט קיין גאָיעשע גאַזלאָנים...

ער האָט דערביי געאייצעט די אַרבעטער, אַז זיי זאָלן זיך בעסער אָפּגעבן מיט שענערע זאַכן; העלפן אויפבויען ערעץ־איסראָעל, איידער אוועקגעבן זייער פאַרהאַרעוועט געלט צו יוניאָן־באַאַמטע, וואָס וועלן עס אַוואַדע פאַרשיקערן:

— פאַר אַ שעקל בלויז, אַן איינציקן טאָלער, — פלעגט ער זאָגן, — און איר זענט אַן עמעסער און איבערגעגעבענער איד...

אָט אַזוי יעדעסמאָל, ווען אין שאָפּ האָט עפּעס געטראָפן.

ווער ס'איז דער פויגל, וואָס זינגט אַריין לעוונשטיינען אין די אויערן — האָט קיינער פון די אַרבעטער אין שאָפּ ניט געוואוסט. עמעס, עס זענען געווען גענוג פאַרמאַנס און אַכטונג־געבער מיט געני־טע אויערן ווי ביי בלוט־הינט. אָבער דער כשאַד איז שטענדיק געפאַלן אָף ווילין. קיין באַווייזן אָבער האָט מען ניט געהאַט. האָט מען גע־שוויגן און זיך בלויז געהיטן פאַר אים מיט אַן איבעריק וואָרט. ווילי פלעגט דאָס היטעניש באַמערקן. דאָס האָט אים געקרענקט ביזן ביין און ער פלעגט אַ צעווייטיקטער זאָגן:

— עמעס, ברידער, איך בין טאַקע אַ ציאָני. איך האַלט טאַקע, אַז מיר דאַרפן דאָ קיין יוניאָן ניט האָבן. אָבער מאַסערן?... — ניין!... וואָס צו גאָט —איז צו גאָט און וואָס צו לייט — איז צו לייט. וואָס־וואָס, קיין מאַסער בין איך ניט...

האָבן יאַטן געהויבן מיט די אַקסלען און געשוויגן. פון צייט צו צייט האָט מען פונדעסטוועגן מיט אים אַ רעד געטאָן. זיי האָבן אָף אים געפּרואווט ווירקן מיט גוטן. כעוורע האָבן גערעדט צו אים, דער־קלערט און אָפט אַפילע פאַרבראַכט מיט אים צוזאַמען. און ער האָט ליב געהאַט צו פאַרברענגען. ער פלעגט זיך אַפילע אָפט לאָזן קאָסטן. טיילמאָל, נאָכן אַרויסגיין פון שאָפּ מיט די געלט־קאָנווערטלעך, האָט אימיצער פון די יאַטן אין שפּאַס ווילין אַ זאָג געטאָן:

— עפּשער, ווילי, וואָלט גאָר געווען אַ פּלאַן זאָלסט פונדעוועגן מיט אַ טרונק בראַנפן?... קיין ווייב און קינדער האָסטו דאָך ניט. און געלט — ווי אַ גאַי...

פון אַזעלכע זאַכן האָט זיך ווילי קיינמאָל ניט אָפּגעזאָגט. ער האָט גענומען די יאַטן, איז מיט זיי אַוועק אין אַ „ספּיקי" און געהייסן געבן. דערפאַר, אַז כעוורע זענען געוואָרן אונטערגעוואַרעמט און פריילעך פונעם טרונק־בראַנפן, האָבן זיך די צונגען צעבונדן:

— א דימענט א מענטש, אט דער ווילי, — האט איינער דעם צוויי־טן געזאגט, — א הארץ ביי אים — אן אפנס. דער גאנצער אומגליק איז נאר, וואס...

— יא, — האט דער צווייטער צוגעשטימט. — דאס לעצטע העמד פונם לייב וועט ער אויסטאן און אוועקגעבן. די צארע איז בלויז, וואס ער איז צופיל שמעלקע מיט לעוונשטיינען; צופיל מעכוטן מיטן באס...

אים אליין האט מען גארניט געזאגט. בלויז בערע, דער פרעסער, האט טיילמאל געהאט דעם „נערוו" אים אריינצוזאגן עפעס אזעלכעס, וואס האט אים, ווילין, ניט געשמעקט. ער, בערע — א יאט — א שטאק די הויך און א געזונטער ווי ווילי, האט אפנהארציק געזאגט:

— ער, ווילי־ווילי, וואס פאר א קלאג איז עם מיט דיר, וואס דו כאווערסט זיך נאר מיט לעוונשטיינען?... ווי קומט עס גאר צו אן אר־בעטער?... עס איז דאך...

ווילי איז געווארן אנגעברויגעזט. דער פארוואורף האט אים, ווי א צוגעזעצטע פליג, א קיצל געטאן אין פאנים. און ווי ארונטער־צעטרייבן דאס פון זיך, האט ער א וויש געטאן מיט דער האנט און צו־געווארפן:

— בין איך שולדיק, וואס לעוונשטיין האט דעם זעלביקן אידעאל וואס איך?... דארף איך דאס זיין פאראנטווארטלעך דערפאר, וואס אויך ער וויל, אז די אידן זאלן אויסגעלייזט ווערן פון גאלעס און ס׳זאל געשאפן ווערן אן אייגענע היים פארן אידישן פאלק?...

— פאלק, שמאלק! — האט בערע איבערגעקרומט. — וואס דער־ציילסטו בייקעס?... דאס איז דאך נאר בלויז אזא אויסרייד פאר אים, קעדיי ער זאל דיך קאנען האלטן פעסט אין זיין האנט; קעדיי... פאר־שטייסט, ער איז דאך דיין באס... עס איז דיין סוינע... און דו..

— וואס האט איינס מיטן צווייטן? — האט ווילי א צעקאכטער געשריגן. — אפילע אויב ער איז א סוינע, מעג איך גיין מיט אים צו־זאמען, ווען עס האנדלט זיך ווענגן גליק פון אידישן פאלק, ווענגן אזא הייליקן און וויכטיקן אידעאל...

— באבקעס! — האט בערע אויסגעשריגן. — עפשער איז נאך אמאל מיט א סוינע יא מעגלעך צו גיין צוזאמען, אבער מיט א באס?!..

ווילי האט זיך גענומען קלאפן אין ברוסט אריין:

— ניט לעוונשטיין, זאג איך דיר!... ניט ער. ער איז א גרויסער מענטש. א גרויסער איד. וואס אים קאסט א יאר ערעץ־איסראעל בלויז, וואלטן מיר...

— ער מעג זיך לאזן קאסטן; עס איז אונזער געלט! — האט בערע געשריגן און זיך אפגעקערט פון ווילין.

— מיר ארבעטן ניט בעבינעם! — האט ווילי, ווי עס וואלט אים איז לעבן געגאנגען, געהאלטן אין איין שרייען. — ער צאלט אונז וואס עס קומט!...

בערע האָט מיט איראָניע אַ שטאָך געטאָן:

— נו־יאָ, דו וואָלסט נאָך עפּשער געוואָלט, אַז מיר זאָלן אַרבעטן איינגאַנצן אַז געלט, אַבי דיין ערעץ־איסראָעל, דיין היילעקער אידעאַל, זאָל....

ער האָט ניט פאַרענדיקט. ער האָט בלויז אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, וואָס האָט געזאָלט הייסן אַזוי:

— וועל, ביסט אַ פאַרפאַלענער מענטש, ווילי. מיט דיר איז ניטאָ וואָס צו דיסקוטירן. דו ווילסט ניט וויסן און ווילסט ניט פאַרשטיין!..

ווילי האָט זיך ניט געמאַכט דערוויס. אַף אַלע אַרגומענטן האָט ער, ווי שטענדיק, געהאַט איין ענטפער:

— צום ערשטן וועלן מיר, צוזאַמען מיט זיי און פאַר זייער געלט, אויפבויען דאָס לאַנד און באַזעצן די אידן אין ערעץ־איסראָעל. דערנאָך, אויב מען וועט דאַרפן, וועלן מיר אייך פאַרבעטן, וועט איר קומען און אונז העלפן מאַכן אַ רעוואָלוציע. דעמאָלס, זעט איר, מעגט איר קאָנפיסקירן זייערע פאַרמעגנס און אַפילע איינפירן דעם סאָציאַליזם. דערווייל אָבער...

בעוורע האָבן געלאַכט. בערע האָט געבויזעקט:

— וואָס דאַרפסטו דען אונז?... אַז דו גייסט שוין אַזוי ווייט מיט לעוונשטיינען, וואָלסטו אים געמעגט פאַרבעטן, אַז ער זאָל פאַר דיר מאַכן אַ רעוואָלוציע אויך...

ווילי האָט ליב געהאַט אַרגומענטירן, אָבער ניט זיך קריגן. ער פלעגט זאָגן, אַז פון דיסקוסיעס ווערט אַ מענטש קלוגער. ער האָט בלויז ניט געקאָנט פאַרטראָגן די שטעך־ווערטלעך. דאָס, — האָט ער געזאָגט, — איז ניט אינטעליגענט. מען דאַרף האָבן טאָלעראַנץ צו יענעמס מיינונגען און אידעאַלן אויך. ער, ווילי, האָט זיך טאַקע אַזוי געפירט. ער פלעגט יעדן געבן גערעכט, אַבי מען זאָל זאָגן, אַז ער איז אויך גערעכט. ער איז געווען אַזוי איינגעגלויבט אין ציאָניזם, אַז וואָס מען זאָל אים ניט האָבן באַווייזן קעגן דעם, איז אים אויסגעקומען, אַז מען זאָגט עס אַזוי בעקיוון, עס זאָל אים קרענקען און פאַרדריסן. דערפאַר פלעגט ער האַנאָע האָבן צו לייענען צייטונגען און זשורנאַלן, וואָס האָבן דערציילט וועגן דערגרייכונגען און אויפטואונגען אין פּאַלעסטינע. יעדעס שטיקל אָפּגעקויפטע ערד, יעדעס פאַרפלאַנצטע בוימעלע און יעדער ניי־איינגעוואַנדערטער — איז ביי אים געווען אַ גאַנצער יאָנטעוו. ער האָט אויפגעלעבט, ווען אין שטאָט איז אַמאָל אַרונטערגעקומען אַ רעדנער, ספּעציעל אַזאַ, וואָס איז צוריקגעקומען פון אַ רייזע איבער פּאַלעסטינע. ער האָט מאַמעש געוואַקסן אין דער בריט ביי יעדן גרוס און זיך געפרייט פון יעדן װאָרט.

---

מיסטער לעוונשטיין, ווי דער סעקרעטאַר פון דער ציאָניסטישער אָרגאַניזאַציע אין שטאָט, האָט איינגעפירט אַ נייעס. אָנשטאָט צו

ווארטן אף פרעמדע, דרויסנדיקע מענטשן, וואס זאלן זעלטן ברענגען א גרוס פון פאלעסטינע, האט ער אנגעהויבן שיקן איינגענע. געטאן האט ער דאס אף אזא אופן:

יעדעס יאר האט ער איינגעארדנט א פורים־באל פאר דער ארגא־ניזאציע. ביי די דאזיקע בעלער האט מען מיט געקויפטע שטימען דער־ווילט די שענסטע מיידל פון צווישן די געסט און זי געקרוינט פאר אן עסטער־האמאלקע. די דערוויילטע מיידל האט באקומען א פרייע רייזע קיין פאלעסטינע און דערפאר, אז זי איז צוריקגעקומען, האט זי אפ־געגעבן דעם גרוס, אף א ספעציעלער פארזאמלונג. דאס האט זיך פאר דער ארגאניזאציע בעסער געלוינט און עס האט געשאפן מער שטימונג און פראפאגאנדע.

פאר ווילין איז דאס גאר געווען א גליק. א גאנץ יאר נאכדעם האט ער געהאט א געלעגנהייט זיך דורכצורעדן מיט דער צוריקגעקומע־נער און אויספרעגן ביי איר יעדע פראגע, וואס האט אים אינטערעסירט.

די לעצטע צוויי יאר איז נאך בעסער געווארן. געווען איז עס דערפאר, וואס די אויסדערוויילטע מיידלעך זענען געווען פאשעטע ארבעטער־מיידלעך און טאקע פון לעוונשטיינס שאפ. ער, לעוונשטיין, האט שוין געזען, אז די מיידל וואס ער האט צוגעגרייט, זאל געווינען דעם קאנטעסט. ער האט זיך געלאזן קאסטן געלט און געקויפט מאסן שטימען, אבי זיין קאנדידאטקע זאל דורכגיין. ער האט אפילו ווילין געגעבן א סומע געלט, אז ער זאל ארויסהעלפן אין קאנטעסט. ער פלעגט אים, ווילין, דערביי אזוי זאגן:

— איר פארשטייט, כאווער קאלמאן, עס פאסט ניט, אז איך זאל זיין דער איינציקער אונטערשטיצער. אזוי אבער, אז איר וועט אויך קויפן, וועט איר דערמיט העלפן אייערם א שוועסטער, אן ארבעטער־מיידל און איר וועט אויך דערביי זיך מאכן א נאמען אין שטאט. איר וועט ווערן אן אנגעזעענער מענטש...

פארן ברייטן, פאשעטן אוילעם, פלעגט לעוונשטיין, ברייטהארציק, ווי א מעצענאט, זאגן:

— גווירישע קינדער קאנען אליין פארן אף וואקאציע. אן ארבע־טער־מיידל, אבער... זיי דארפן עס דאך האבן מער ווי די אנדערע. און.. אויב איך וועל עס ניט זען צו באזארגן, — ווער דען וועט עס טאן?...

פאר זיינע מענטשן, פארן קאמיטעט פון דער ארגאניזאציע, אדער זיין מישפאכע, האט ער געהאט גאר אן אנדערן נוסעך, אפנהארציק:

— מיט פאשעטע ארבעטער־מיידלעך, — האט ער זיי געגעבן צו פארשטיין, — קאן מען בעסער און מער אויפטאן. זיי הערן זיך בע־סער צו. ווייטער... איז אפילו פון געשעפטלעכן און פאשעטן שטאנד־פונקט קעדאי, אז זיי, די ארבעטער־מיידלעך, זאלן פארן. זיי וועלן דערנאך פארשפרייטן צווישן די ארבעטער אין די שעפער א ליבשאפט און אינטערעס צו אונזער ארבעט. און דאס... דאס וועט זיי, פארשטייט

איר דאַר, אַפּציען פון...

פונם דאָזיקן געדאַנק, לעוונשטיינס, צו שיקן אַרבעטער־מיידלעך, האָט ווילי פּאַשעט אַנגעקוואַלן. ער פלעגט צו די אַרבעטער אין שאַפּ אַזוי זאָגן:

— נו, זעט איר שוין, אַז לעוונשטיין איז ניט קיין סוינע?!... איר זעט ווי ער פאַרלייגט עם וועלטן, אַז זיינע אַן אַרבעטערן זאָל באַקומען אַ גוטע וואַקאַציע?!...

די אַרבעטער האָבן געלאַכט. בערע האָט ווילין געפּרוואווט אָנ־ווייזן, אַז דאָס טוט לעוונשטיין ניט צוליב אוילעם־האַבע און ניט דער־פאַר, וואָס ער האָט אַזוי שטאַרק ליב זיינע אַרבעטערנס, נאָר ווייל ער זוכט דערפון אייגענע נוצן. בערע האָט ווילין אָנגעוויזן, אַז דער פאַקט, וואָס לעוונשטיין גיט אַפילו פּערזענלעכע מאַטאָנעס די דאָזיקע מייד־לעך, באַווייזט, אַז דאָס טוט ער דערפאַר, אַז קעדיי ווען די מיידל וועט צוריקקומען, זאָל זי אים פאָלגן; אַז זי זאָל טאָן וואָס ער וויל און זאָגן וואָס ער הייסט. ווילי האָט זיך אָבער פון אַזעלכע רייד אויסגעלאַכט:

— נאַרישקייטן. — האָט ער געטיינעט. — ס'איז אַ בילבל. ניט לעוונשטיין וועט עס טאָן... כוץ דעם, נויטיקט זיך ניט ערעץ־איסראָעל, אַז מען זאָל דאַרפן ליגן זאָגן וועגן דעם...

לעוונשטיין האָט געוואוסט, אַז ער קאָן זיך פאַרלאָזן אַף ווילין. אַ צומאָרגנס נאָכדעם ווי די מיידל, וועלכע האָט געוואוינט דעם קאָנ־טעסט, איז צוריקגעקומען פון איר רייזע און שוין געהאַט אָפּגעגעבן דעם עפּנטלעכן באַריכט פאַרן ברייטן אוילעם, האָט ער, לעוונשטיין, אַריינגערופן ווילין צו זיך אין אָפיס, געבעטן אים זיצן, מעכאַבעד גע־ווען מיט אַ ציגאַר און אַ פרעג געטאָן:

— כאַווער קאַלמאַן, עפּעס פיל אַרבעטער פון אונזער שאַפּ זענען געווען ביים אָפּגעבן דעם גרוס?...

ווילי האָט גלייכגילטיק אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— דאַכט זיך, אַז אויסער מיך — קיינער ניט.

— אַזוי... — האָט לעוונשטיין אויסגעצויגן, אַרויסבלאָזנדיק דער־ביי דעם רויך פון זיין ציגאַר. — וועל... אויב דער באַרג איז ניט געקו־מען צו מאַכמעדן — וועלן מיר דאַרפן מאַכמעדן פירן צום באַרג. איר, כאַווער קאַלמאַן, וועט מיר בלויז דאַרפן צוהעלפן...

ווילי איז גרייט געווען:

— יעדע זאַך, וואָס איז לעטויוועס אונזער לאַנד און פאָלק,—האָט ער דעקלאַמאַטאַריש אָפּגעענטפערט, — בין איך שטענדיק גרייט צו טאָן.

אַ טאָג שפּעטער איז לעוונשטיין, צוזאַמען מיט דער מיידל, אַריינ־געקומען אין שאַפּ. אַף מיקלוימערשט זי צוריק אַוועקצוזעצן צו דער אַרבעט. דערוויי־ל האָט ער געהייסן אָפּשטעלן די קראַפט, און די אַר־בעטער — אויסשטעלן זיך אין אַ קרייז אַרום אים. די מיידל האָט דע־

מאלם איז א קורצער, פינף־מינוטיקער רעדע, ווי פון א פאפיר ארויס, איבערגענעבן אירע איינדרוקן פון דער רייזע און צום סאף, אף לעווג־שטיינס א וואונק, א זאג געטאן:

— אלץ, ברידער מיינע, וואלט גוט געווען. די כאלוצים אבער, וואס בויען דאס לאנד פאר אונזערטוועגן און פארן גאנצן אידישן פאלק, גייען ארום אפגעריסן און בלויז. זיי האבן מיר געזאגט, אז די ציאניסטישע ארגאניזאציע איז זיי גרייט צו העלפן, אבער... זיי האבן מיר דערביי געבעטן אייך איבערגעבן, אז איר זאלט זיי שיקן קליידער; הויזן, שיך און...

ווילי איז דערביי גלייך אויפגעשפרונגען און געבעטן א ווארט. ער איז געווען זיכער ביי זיך, אז ווען לעוונשטיין וואלט עס אים אפי־לע פריער ניט געווען געמאכט אויפמערקזאם, וואלט ער עס אליין גע־ווען געטאן. ער האט א זאג געטאן:

— איך שלאג פאר, אז אונזער שאפ זאל גיין אפן רעקארד צו העלפן אונזערע העלדישע כאלוצים אין זייער באקאשע. יעדער אר־בעטער פון שאפ זאל דעריבער זיך באשטייערן מיט צען דאלאר פארן דאזיקן צוועק!...

לעוונשטיין האט א באהאלטענעם שמייכל געטאן און געוואלט נעמען דעם פארשלאג צום אפשטימען. ער האט אבער באמערקט די אויפגערעגטע בליקן ביי די ארומשטייענדיקע ארבעטער און ער האט דעריבער גיך, מיט א כיטרע געמאכטער גוטהארציקייט, מיקלוימערשט אויסרעדנדיק ווילין, מיט א שמייכעלע צוגעגעבן:

— צען דאלאר, כאווער קאלמאן, איז דאכט זיך, אביסעלע צו־פיל פאר אן ארבעטער. איך גלויב, אז פינף איז גאנץ גענוג. די גרוי־סע סומעס, כאווער, לאזט איבער פאר אונז.

ער, לעוונשטיין, האט נאך מיקלוימערשט א פרעג געטאן ביי די אר־בעטער, ווער פון זיי עס איז ביכלאל קעגן א באשטייערונג. אבער קיינער האט קיין ווארט ניט געזאגט. יעדער איינער פון זיי האט גאנץ גוט געוואוסט, אז צי ער וויל עס יא, צי ער וויל עס ניט — די פינף דאלאר וועט מען שוין מוזן געבן, סיידן... סיידן מען וויל זיך געזעגענען מיטן דזשאב. אלע האבן געוואוסט, אז דעם קומענדיקן דינסטיק, ווען די מיידל וועט אויסטיילן די סכירעס, וועט דארט, אינם קאנווערטל, — ניט געקוקט וויפל איינער וועט האבן פארדינט — זיין מיט פינף דא־לאר ווייניקער. אנשטאט דעם וועט דארט זיין א קאבאלע און א דאנק פון דער ציאניסטישער ארגאניזאציע, אונטערגעשריבן פון סעקרעטאר, מיסטער לעוונשטיין, זייער באס.

דערפאר שפעטער, ווען לעוונשטיין איז שוין געהאט אוועק, האבן זיך די ארבעטער, כוץ ווילין, פארשטייט זיך, גענומען קאכן און זידלען. בערע האט א ברום געטאן, אזוי, אז עס איז ניט קלאר געווען, צי ער האט דערמיט געמיינט ווילין, אדער לעוונשטיינען. ער האט

בייז געברומט:

— אזא פּאַסקודנע הייליקע סטראַפּטשע!... א גוטער געוואָרן אַף אונזער רעכנונג!...

ניט איינעם פון די כעוורע האָט זיך דעמאָלס געוואָלט א פּאַרפּאַר טאָן ווילין אין צורע און אויסהאַקן ביי אים כאַטש א פינף צייַן דער־פאַר. זיי האָבן זיך אָבער ניט געוואָלט אָנהויבן מיט אים. עס וואָלט געהייסן אומזיסטיקע צאָרעס.

ווילי, צי ער האָט זיך ניט געמאַכט דערוויס, צי ער האָט פּאַשעט ניט באַגריפן, אז די כעוורע זענען בייז, האָט זיך גאָר ארומגעטראָגן אין געדאַנק מיט עפּעס אַנדערש. ער האָט געהאַלטן אין איין באַוואונ־דערן די מיידל. ער האָט א זאָג געטאָן:

— ער, ס'אַ כיעס... א פּאַשעט מיידל, און אמעריקאַניזירטע... דאַכט זיך אזא, וואָס אויסער מואוויס, דזשעז־טענץ, קליידלעך און באָכערים, האָט עס ניט אינזינען. און דאָך... ער!.. לעבן זאָל טאַקע דאָס אידישע פאָלק, וואָס קאָן ארויסגעבן אַזעלכע פיינע טעכטער פון זיך!....

בערע האָט אויסגעשאָסן אין א געלעכטער:

— ער, יאָלדאָק איינער!... זי רעדט דאָך כאַטש פאַר געלט, — האָט ער ווילין א שטאָך געטאָן, — אָבער דו, דו ברעשעסט דאָך איינ־גאַנצן אומזיסט!...

מער האָט ער צו אים וועגן דעם ניט גערעדט. ער האָט געשוויגן. עס האָט אויסגעזען, אז ער, בערע, האָט עפּעס פאַרטראַכט. טיילמאָל פלעגט ער צווישן די ארבעטער א זאָג טאָן, אז דאָס איז צום לעצטן מאָל. מער קיין געלט וועט מען שוין ניט געבן...

---

ס'איז געווען ארום פּורים־צייט. ווילי האָט זיך געגרייט צום אַנ־קומענדיקן באָל. דאָס יאָר איז ער ארומגעלאָפן פאַרפאַרעט מער ווי אין די פריערדיקע יאָרן. געווען איז עס דערפאַר, ווייל די מיידל, וואָס האָט קאַנדידאַטירט פאַר עסטער־האַמאַלקע, איז געווען — קאָן מען זאָגן — זיין איינענע, ווילים, קאַנדידאַטקע. ער אַליין האָט זי טאַקע פאַרגעשלאָגן פאַר לעוונשטיינען. און וואָס נאָך מער; — זי, די דאָזי־קע מיידל איז אים טאַקע געווען צום הארצן. ער האָט אַף איר אַן אויג געהאַט געוואָרפן נאָך דעמאָלס, ווען בערע האָט אים געהאַט באַ־קאַנט מיט איר און דערביי געזאָגט, אז עס וואָלט געווען א יוישער, אז ער, ווילי, זאָל איבעררעדן מיט לעוונשטיינען און זען, אז זי זאָל ארויפ־גענומען ווערן צו דער ארבעט. יענעם אַוונט נאָך, האָט ער, ווילי, זיך מאַמעש פאַרליבט אין איר. זי, איוועע האָט זי געהייסן, איז לויט ווילים מיינונג, געווען ניט בלויז א שיינע אידישע טאָכטער, וואָס מען טרעפט ביכלאַל ווייניק, נאָר עפּעס אַזעלכעס, וואָס... אירע בלויע אויגן און רויט־ברוינע האָר, זענען געווען א מאָדנע ליבלעכע קאָמבינאַציע.

פונקט אזא, ווי ווילי האט ליב געהאט. פון אירע פעטלעך־רויטע ליפן איז קיינמאל ניט ארונטער דער ליבטיק־פריינטלעכער און ליבלעכער שמייכל, וואס איז געווען — ווי ווילי האט זיך פארגעשטעלט — אזוי זיס ווי קארמעל־וויין פון סאמע ערעץ־איסראעל. היינט קלוג איז זי געווען — לענדער אויסצופארן. שטענדיק מיט א גלייך־ווערטל און מיט א כאכמעלע, וואס האט אנגעצונדן. דעם געדאנק פארצושלאגן זי פארן קאנטעסט, איז געקומען טאקע פון איר אליין. געווען איז עס בעאיים מען האט זיך וועגן דעם געהאט צערעדט אין שאפ. זי האט דאן גלייכגילטיק און אומדירעקט א זאג געטאן:

— א, ווען ווילי וואלט געווען א גוטער באכער, וואלט ער געזען צו מאכן, אז איך זאל דאס יאר פארן אף וואקאציע... איך דארף עס דאך אזוי נויטיק האבן...

און צו ווילין האט זי שוין דירעקט, מיט טויזנט כיינעז, צוגעגעבן:

— ווי דענקט איר, ווילי, בין איך עפשער ניט גענוג שיין, אז איך זאל קאנען זיין די מאלקע?...

ווילי איז געווארן א צעשמאלצענער. ער איז אזוי פארכאפט גע־ווארן פון אירע קלינגענדיקע רייד און פונם געדאנק אליין, אז זי זאל ווערן די מאלקע, אז ער האט אפילע קיין איינציק ווארט ניט געקאנט אויסרעדן. אין זיין מויעד האט זיך געגומען פלאנטערן א געדאנק, אז אויב ער זאל דאס קאנען אויספירן; פויעלן ביי לעוונשטיינען, אז זי זאל נאמינירט ווערן,—וואלט נאך עפשער מעגלעך געווען, אז זי...

מער האט ער ניט געקאנט און אפילע מוירע געהאט צו טראכטן. דעם זעלביקן אוונט וואס זי האט דאס געזאגט, איז ער ארויפגעגאנגען צו לעוונשטיינען און אים געמאכט אויפמערקזאם וועגן איווען. צו־מארגנס האט לעוונשטיין ארונטערגעשיסט און זי ארויפגערופן צו זיך אין אפיס. ער האט גערעדט מיט איר א ווייל און, אזוי גיך ווי ער האט געזען, אז זי איז גאנץ נישקאשעדיק, האט ער איר געפרעגט דעם נאמען און א זאג געטאן:

— אזוי?... כאווע?... וואס פאר א שיינער ביבלישער נאמען!... אונזער מוטער כאווע!... וועל... וואס־זשע זאגט איר, וואלט איר גע־וואלט ווערן א מאלקע ביי אונז און...

זי האט זיך צנואיש געררויטלט און געשוויגן.

— האט איר עפעס ליב ערעץ־איסראעל, פאלעסטינע? — האט ער פארזיכטיק א פרעג געטאן.

זי האט א שאקל געטאן מיטן קאפ און קימאט ארויסגעזונגען:

— איך פאלג נאך מיט פארכאפטן אטעם דעם אויפבוי אין מיין לאנד...

— א־ריייט! — האט לעוונשטיין צופרידן געענטפערט. — איך וועט אבער דארפן זיין א גוטע און קלוגע מיידל, האבן סייכל...

זי האט וואוויליונגעריש און קאקעטיש א פינטל געטאן מיט אז

אויג און דערמיט אים, לעוונשטיינען, ווי אין א פאסטקע **געפאנגען. ער** איז אינגאנצן צופרידן געווען פון איר.

צום אוונט פון באל האט ווילי געארבעט אף **אלע קיילים. ער** האט זיך געפילט אזוי ווי אף אן אייגענער כאסענע. אים האט זיך אויסגעוויזן, אז קיינמאל איז נאך קיין באל ניט דורכגעפירט געווארן מיט אזויפיל שיינקייט און פאראד; אז עס איז נאך ביכלאל אזא מאלקע קיינמאל ניט געווען. ער איז ארומגעלאפן איבערן זאל א פארסאפעטער און פארפארעטער. יעדע וויל איז ער אוועק צו יענע, וואס האבן פארצייכנט די געקויפטע שטימען, זיך צו אינפארמירן ווי עס האלט דער גלייכגעוויכט צווישן די צוויי קאנקורענטקעס. נאך יעדן מאל האט ער ברייט און וואזשנע אויסגערופן איבערן זאל:

— נאך פופציק שטימען פאר דער צוקונפטיקער עסטער־האמאלקע, פאר מיס כאוועלע...

— נאך הונדערט שטימען פאר דער שענסטער און בעסטער אידישער טאכטער, פאר...

דאסמאל האט ער די שטימען געקויפט ניט בלויז פארן געלט וואס לעוונשטיין האט אים, ווי אלע יאר, געגעבן דערויף, נאר האט נאך צוגעטראגן זיינע אייגענע פאר דאלאר. ער האט ביכלאל געמאכט אזא טומל, אזוי אויפגעבלאזן דעם קאנטעסט, אז עס איז געווארן אן עמעס אנשיקעניש. די געסט ביים באל זענען פארכאפט געווארן אין דער קאנקורענץ־שפיל און פיל פון יענע, וואס האבן געהאט אונטערגעשטיצט כאוועלעס קאנקורענטקע, זענען סאף־קאל־סאף אריבער אף כאוועלעס צאד. ווילי האט געהאפט אז זיין ארבעט וועט זיך באצאלן אין אלע זייטן. דאס הייסט, אז כאוועלע וועט זיין די דערווײלטע און, אז דאס וועט שוין בעמיילע זי דערנענטערן צו אים. אירע שמייכעלעך יענעם אוונט האבן אים האפנונגען געגעבן, אז ער וועט געווינען איר צוטרוי, איר הארץ און...

כאוועלע איז טאקע דערוויילט געווארן. מיט הארץ־קלאפעניש איז ווילי געשטאנען אינמיטן זאל, בעאיים מען האט אויסגעציילט די שטימען און זיך שיער צעטאנצט פאר פרייד, ווען עס איז דערקלערט געווארן, אז זי, כאוועלע, איז מיט א גרויסער מאיאריטעט אויסדערוויילט און דערקלערט געווארן פאר דער שענסטער אידישער טאכטער אין שטאט...

טויט־ערנסט איז ער געשטאנען און אונטערגעברומט די האטיקווע, בעאיים די מוזיקאנטן האבן עס אויפגעשפילט לעקאוועד כאוועלען, דער נייער מאלקע. פונקט מיט אזא ערנסטקייט האט ער — ווי דער הויפט־שטיצער, צוזאמען מיט לעוונשטיינען, דעם הויפט־סעקרעטאר — אנגעטאן די באגילדעטע קרוין אף כאוועלעס קאפ, און זי געפירט איבער די, מיט טעפיכער־געדעקטע־טרעפ, ארויף, צום ספעציעל־אויפגע־

שטעלטן, טעאטראַלישן טראַן.

פון יענער מינוט אָן, האָט ער, ווילי, זיך דערפילט גאָר נאָענט צו כאַוועלען. עפּעס נאָר ווי אַן אייגענער. ער איז ניט אָפּגעטראָטן פאַר אַ מינוט און זי באַדינט ווי אַ פּאַזש — אַ קעניגין. ער האָט איר צו־געטראָגן אַלץ וואָס ער האָט נאָר געקאָנט און וואָס איר האַרץ האָט גע־גלוסט. יעדע ווייל האָט ער איר פאַרגעלייגט עפּעס אַנדערש; אַ נאַש אָדער אַ טרונק. ער האָט געטאַנצט מיט איר און דערביי געפילט, ווי אַלע באַכורים זענען אים מעקאַנע. יענעם אָוונט האָט זי, כאַוועלע — אונטער די בלענדנדיקע סנאָפּעס ליכט, וואָס זענען פון אַלע זייטן גע־יוען אָנגעצילט אויף איר און אויף איר בלאַסן פּאָנים — אויסגעזען אין זיינע אויגן, ווי אַן עמעסע מאַלקע, ווי אַ מאַלעך פון הימל...

ווי אַ הונגעריקער האָט ער געשלונגען איר שמייכל און זיך גע־קוויקט מיט פאַרקישעפטער האַנאָע פון אירע זיסע רייד. פּאַרטאָג, ווען דער באַל האָט זיך פאַרענדיקט, האָט ער איר צוגעטראָגן דעם ווייסן פוכיקן פוטער־מאַנטל, וואָס זי — פונקט ווי די פריערדיק־דערוויילטע מאַלקעס — האָט פון לעוונשטיינען אַ פערזענלעכע מאַטאַנע באַקומען. דער ווייכער פוכיקער קאַלנער, וואָס האָט ארומגעכאַפּט איר ווייסן, שיינעם האַלז, האָט אים ווי פאַרשיקערט. דער שמעקעדיקער פּאַרפיום, וואָס לעוונשטיינס פאַרפוצערקעס האָבן יענעם אָוונט אויסגעגאָסן אויף כאַוועלען, און וואָס האָט זיך געטראָגן פון איר ווייסן, גלאַטן קער־פּער, און פון איר — ספּעציעל צום אָוונט, — געקרויזטן קאָפּ מיט האָר, האָבן אים פּאַשעט פאַרקישעפט. און וואָלט ער זיך ניט געוועזן געשעמט פאַר די ארומשטייענדיקע מענטשן, וואָלט ער דאָרט, אינמיטן זאַל, זיך געוועזן אַזוי איינגעגעבערט מיט זיין קאָפּ אין די טיפע האָר פון קאַלנער און וואָלט ליידנשאַפטלעך איינגעאָטעמט איר רייצנדיקן גערוך אין זיך אריין....

ווי געוויינטלעך, האָט לעוונשטיין נאָכן באַל אָפּגעפירט די נייע מאַלקע צו איר היים, אין זיין נייעם, יאַנטעוודיקן אָטאָמאָביל. דאַסמאָל איז ווילי, ווי אַן אייגענער מעכוטן, אויך מיטגעפאָרן. ער איז געזעסן צוזאַמען מיט איר אין דער הינטערשטער טייל פון מאַשין און געוועזן אַליין מיט איר. די גאַנצע צייט האָט ער געהאַלטן איר האַנט אין זיי־נער און געקוקט אין אירע בלויע אויגן אריין, וועלכע האָבן — אַנט־קעגן דעם פרימאָרגן־ליכט — פאַר ווילין אויסגעזען, ווי אַ פאַרכאַ־לעמט־מידער הימל ערגעץ אין כעוורוין, אָדער ווי אַ „ניט־פאַרגעס־מיך"־בלימעלע ערגעץ אין גאַליל. ער האָט מאַמעש געשוועבט אין די הימלען פון גליק.

פּאַמעלעך און שטיל האָט ער זיך צוגעבויגן צו כאַוועלען און איר אַ קוש געטאָן אין באַק. זי האָט אים דערפאַר גוטמוטיק אַ שקאָצע־וואַט פּעטשל איבער דער האַנט דערלאַנגט און דערביי ברויגעס גע־

שמייכלט. פאר ווילין אבער, איז דאס פעטשל געווען מער ווי טויזנט קושן. עס האט זיך אים אויסגעוויזן, אז ער וואלט געווען איבערגליקלעך, זי זאל אים קעסיידער און שטענדיק אזעלכע פעטשלעך געבן. אין דעם האט ער געזען א סימען, אז אויך זי, כאוועלע, האט אים ליב. ער איז אפילע גרייט געווען שווערן אז בעאיים ער האט איר שטילערהייט איינגערוימט, ווי ליב ער האט זי, — האט זי דאס ארונטערגעשלונגען מיט אזא שטילער צופרידנקייט און צארט־שטיל זיך געטוליעט אין זיין ארעם. און דאס, האט ער געפילט, איז געווען פיל מער ווי אן ענטפער.

פון יענעם פרימארגן אז, ביזן טאג פון איר אפפארן אף דער רייזע, האט ער, ווילי, שוין ניט דורכגעלאזט קיין איינציקן אוונט, אז ער זאל זיך מיט איר ניט באגעגענען און פארברייגנען. אזוי גיך ווי ער איז נאר פארטיק געווארן פון דער ארבעט, איז ער גלייך ארונטערגעלאפן, אויסגעמידן די אנדערע ארבעטער פון שאפ און זיך אוועקגעשטעלט ווארטן אף דער אנדערער זייט גאס, ביז זי, כאוועלע, איז פארטיק געווארן מיט איר איבערטאן זיך און איז ארונטערגעקומען. דאן איז ער מיט איר אוועק אין א רעסטאראן, צוזאמען אפגעגעסן און דערנאך פארבראכט מיט איר אין א מואווי־טעאטער, אדער אזוי שפאצירט א צייט ביז זי איז מיד געווארן און געבעטן, אז ער זאל זי אהיימפירן.

ביים אפשייד־באנקעט, וואס איז געגעבן געווארן לעקאוועד כאוועלן, א טאג פאר איר אפפארן, האט ווילי — פונקט ווי לעוונשטיין און אנדערע גרויסע לייט פון דער ארגאניזאציע — געהאלטן א געזעגענונגס־רעדע און כאוועלען אנגעזאגט, אז זי זאל פארן געזונט, אז זי זאל איינזאפן אין זיך די שיינקייט פונם הייליקן לאנד און זאל — נאכן צוריקקומען — דאס טראנספארמירן אין פייערדיקע ווערטער. ער האט גערעדט א סאך און מויבע געהאט, אז ער זאל זיך אמאל אין זיינע רייד ניט ארויסכאפן מיט זיינע געפילן צו איר. ער האט זיך אבער באהערשט. דערפאר, שפעטער, ווען ער האט זי אפגעפירט אהיים, האט ער, ווילי, איר געגעבן א רינגל צום אנדענק. זי האט גערן אנגענומען זיין מאטאנע און האט בלויז מיט א ליב שמייכעלע א זאג געטאן, אז ווען אלץ, וואס ער, ווילי, קלייבט זיך צו רעדן מיט איר, וועט זי ערשט גרייט זיין אים צו הערן נאך איר צוריקקומען. און אויב — האט זי א לאך געטאן, — עס וועט אים נאר געפעלן זיין אירע גרוסן, דאן...

ווילין איז אזוי געפעלן געווארן איר רעדן, אז ער האט זי אזש ארומגענומען און הארציק א קוש געטאן. זי האט ניט פראטעסטירט. פארקערט; ער האט געפילט איר ווארעמען און איבערגעגעבענעם ענטפער.

די עטלעכע וואכן פון איר אפוועזנהייט, זענען פאר ווילין געווען

א פעריאד פון לײדנדיקן אומגעדולד. ער האט געהאלטן אין אײן טראכטן װעגן כאװעלען. אומעטום, װאו ער איז נאר געװען, האט איר געשטאלט געשװעבט פארבײ זײנע אויגן. יעדעס װארט װעגן ערעץ־איסראעל האט אים אװעקגעטראגן מיט זײנע געדאנקען צו איר. איר לײדיק בענקל אין שאפ, האט פאר אים אויסגעזען װי דער טראן, יענעם אװנט פון באל, אף װעלכן זי, כאװעלע, דארף זיך באלד אװעקזעצן...

דער טאג פון איר קומען האט זיך דערנענטערט. די ארגאניזאציע האט זיך געגרײט צו איר קאבאלעס־פאנים. די ארטיקע צײטונג האט טעגלעך געדרוקט ארטיקלען װעגן ערעץ־איסראעל און װעגן דעם מאדערנעם מעראגל. דערבײ זענען געדרוקט געװען כאװעלעס בילדער אין אלערלײ פאזעס און פאזיציעס, װאס מען האט פון איר ארונטערגענומען בעאײסן באל.

װילי האט געלײענט די דאזיקע ארטיקלען און פאר אים האבן זײ זיך אויסגעװיזן װי פערזענלעכע גרוסן. ער האט געקוקט און זיך ניט געקאנט זאט־אנקוקן פון אירע בילדער. אין זײנע אויגן האט זי אויסגעזען ניט נאר װי א מאלקע, נאר װי א מאלעך פון הימל. יעדער װארט װאס איז געװען געשריבן װעגן איר, האט ער אויסגעשניטן פון דער צײטונג און דאס ארומגעטראגן מיט זיך װי א קאמיע. צו די ארבעטער אין שאפ און צו בערען האט ער אזוי געזאגט:

— אט קומט שוין באלד כאװעלע. זי װעט ברענגען אן עמעסן גרוס. איר װעסטו דאך שוין מיסטאמע יא גלויבן, ניט אזוי?... איצט װעסטו שוין ניט קאנען אפלאכן אזוי װי דו האסט עס שטענדיק געפלעגט טאן...

בערע האט צוגעשאקלט מיטן קאפ, געשמײכלט און פרײלעך א פרעג געטאן:

— נו, און דו... דו װעסט כאװעלען יא גלויבן?..
װילי האט געשװיגן.

---

דער טאג איז אנגעקומען. אינדרויסן איז געשטאנען א שײנער און פרישער פרילינג־טאג. פונקט אזא טאג, װאס איז געװען צוגעפאסט צו װילים אויפגעלעבטן געמיט. ער, װילי, איז יענעם טאג צו דער ארבעט ניט געגאנגען. אנשטאט דעם האט ער זיך אויסגעפוצט אין זײנע יאנטעװדיקע קלײדער און איז פארפרי אװעק אין שטאט. ער האט אפגענומען דאס קלײנע זײגערל, מיט די אידישע ציפערן, װאס ער האט געהאט ספעציעל באשטעלט צו געבן כאװעלען א מאטאנע. ער האט פארזיכטיק איבערגעלײענט דעם אויסגעקריצטן אויפשריפט, װאס האט געזאגט:

„כאװעלען, דער גרויסער אידישער טאכטער, דער שענסטער מײדל אין שטאט און דעם קרוין פון מײן קאפ. מיט ליבשאפט, װילי"...

ער האָט זיך געשפּיגלט אין דעם און האָנאָע געהאַט, וואָס זיין נאָ־מען שטייט צוזאַמען מיט איר נאָמען אויף איין פּלאַץ. ער האָט גע־קויפט א בוקעט בלומען און זיך געלאָזן גיין צום וואָקזאַל, וואו כאַווע־לע האָט געדאַרפט אָנקומען.

צום צוג איז נאָך געגנוג צייט געווען, אָבער ביסלעכווייז האָבן זיך שוין גענומען קלויבן מענטשן. עס זענען געקומען די נאָענטערע מיט־גלידער פון דער ציאָן־אָרגאַניזאַציע, סראָוו דיקע, אויסגעפּאַשעטע און באַצירונגטע פרויען. עס האָבן צוגעמאַרשירט קינדער פון דער טאַל־מוד־טוירע, מיט ווייס־בלויע פענדלעך און מאָגן־דאַווידלעך אין די הענט. א יונגינקער רעפּאָרטערל פון דער אָרטיקער אידישער צייטונג איז אַרומגעלאָפן פאַרשמייעט מיט א פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַטל און געהאַלטן אין איין אַרונטערנעמען בילדער פון די פאַרשידענע גרופּעס. עס איז אָנגעקומען אַן אָרקעסטער מוזיק און לעווינשטיין — מיט א גרויסער ווייסער בלום אין לאַץ — האָט זיך אַרומגעפאַרעט; אָנגעוויזן יעדן וואו צו שטיין און וואָס צו טאָן, בעאַיים דער צוג וועט אָנקומען און זיך אָפּשטעלן. א גרויסע, ווייס־בלויע פאָן האָט, ווי פאַרכאַלעשט, אַרונטערגעהאַנגען און זיך קיין ווייע ניט געטאָן אינם שטילינקן ווינ־טעלע. די שטימונג איז געווען אַן אָנגעצויגענע.

ענדלעך איז דער צוג אָנגעקומען. די מוזיק האָט אויפגעשפּילט די האַטיקוואָ און דער אוילעם האָט גלייך אונטערגעכאַפּט און מיט־געזונגען:

— אוידלע יאַוודע לעקווע—סעי—יע—ניו, האַ—האַ—טיק—ווע האַ—שע—נע—שע—נע, לאַשעוו לערעץ יאַווע—סעיווע—ווע—ווע־ניו, לירבע דאַוועט כאַ—וואַ—וואַ—וואַ—נע!...

אפן וואַגאָן־טרעפּל האָט זיך באַוויזן איווע. זי איז געווען בלאַס און מיד. זי האָט אויסגעזען צעשראָקן און אומצופרידן.

דער אוילעם האָט גענומען אַפּלאַדירן. לעווינשטיין איז פלינק צו־געלאָפן צום וואַגאָן, האָט גאַלאַנט אָנגענומען איווען ביי דער האַנט און זי פאַוואַליע אַרונטערגעפירט פון די טרעפּלעך. ער האָט איר באַגריסט אין נאָמען פון אַלע אידן אין שטאָט ביכלאַל און די אַנוועזנדיקע — ביפראַט. באַגריסט זי דערמיט, וואָס זי האָט זויכע געווען מיט אירע אייגענע אויגן צו זען דאָס הייליקע לאַנד און זיינע בוניער. דערנאָך האָט ער זיך פאַרנויגט פאַר איווען און געבעטן, אַז זי זאָל זאָגן עטלעכע ווערטער צום אוילעם פאַרזאַמלטע.

איווע האָט זיך אומבאַקוועם א דריי געטאָן און געבעטן אַנט־שולדיקן. זי האָט דערקלערט, אַז זי קאָן ניט רעדן, אַז זי איז ניט מיט אַלעמען און אַז...

לעווינשטיין האָט אַנטווישט א דריי געטאָן מיט זיינע ליפּן, אָבער באַלד א שמייכל געטאָן, זיך אויסגעדרייט צום אוילעם און א זאָג געטאָן:

— ליבע פריינט!... צום באַדויערן, איז אונזער גאַסט ניט מיט

אלעמען און קאן פאר אונז ניט אויסדריקן איר גרויסע פרייד. מיר האפן, אז זי וועט אונז דערפאר אפצאלן ביי איר עפנטלעכן ארויס־טריט, וואס ווערט צוגעגרייט פאר איר אין עטלעכע טעג ארום!...

ווילי האט געוואלט צוגיין צו כאוועלען. ער האט זיך אבער גע־פילט אומבאקוועם. ער האט בלויז געוואַרט, אז לעוונשטיין זאל זיך אפפארטיקן מיט איר און אפטרעטן. אבער יענער איז אלץ געשטאנען לעבן איר און אינדערשטיל עפעס גערעדט. דערביי האט ער איר אי־בערגעגעבן עטלעכע מאשין־געדרוקטע בויגנס פאפיר, צוגערופן א טעק־סי, פלינק זי ארייגעזעצט און, איידער מען האט באוויזן זיך אומצו־קוקן, איז זי אוועקגעפארן.

דער אוילעם האט זיך אנגעהויבן פאנאנדערגיין. בלויז ווילי אליין איז געבליבן שטיין אפן פלאץ ווי א צעדולטער און ניט געוואוסט וואס צו טאן. איבער דער איבערראשונג און צוליב כאוועלעס אומדער־ווארטעטן אוועקפארן, האט ער איגנאנצן פארגעסן אין די בלומען ביי זיך אין האנט און אינם זייגערל, וואס ביי זיך אין קעשענע. אן אנטויש־טער האט ער געלאסן געגומען אוועקשפאצירן. ער האט זיך דערמאנט אין די בלומען, געוואלט זיי אוועקוואַרפן, אבער זיך א כאפ געטאן:

— וועל צוגיין צו כאוועלען, וועל זיך דורכרעדן מיט איר און...

אומאנטשלאסן האט ער ארומשפאצירט א שטיקל צייט, ביז ער האט ענדלעך איינגעשטעלט. ער האט צוגערופן א טעקסי, געזאגט וואוהין ער וויל און איז אוועק.

ער האט אנגעקלונגען אין טיר. אין שמאל־געעפנטן טיר־שפאלט האט זיך באוויזן דאס טונקעלע געשטאלט פון כאוועלעס פאטער. ער האט א קוק געטאן אף ווילין און קורץ א זאג געטאן צו אים:

— כאוועלע... ניטא אינדערהיים... זי.. זי קאן קיינעם ניט אויפ־נעמען...

און פארהאקט די טיר.

ווילי איז געבליבן שטיין לעבן דער פארמאכטער טיר ווי אן אנ־געצוואגענער מיט קאלטע וואסער. טראפנס שווייס האבן ארויסגעזעצט אף זיין שטערן. ער האט ניט געקאנט באגרייפן וואס ס'איז פארגע־קומען מיט כאוועלען און פארוואס איר פאטער האט אים אזוי קאלט און פרעמד אויפגענומען.

ער איז אוועק צו זיך אהיים. פויל האט ער דעם בוקעט בלומען ארייגעשטעלט אין א גלאז וואסער און א בייזער זיך פארשלאסן אין זיין צימער. ער האט זיך אוועקגעזעצט און אלץ געטראכט, כאטש ער האט אליין ניט געוואוסט פון וואס ער טראכט. ער האט ארויסגענו־מען דאס זייגערל, וואס ער האט געהאט צוגעגרייט א מאטאנע פאר כאוועלען, דאס באטראכט, איבערגעלייענט דעם אויפשריפט דערויף און ביטער געשמייכלט. ניט ווייסנדיק צוליב וואס, האט ער זיך איינ־געהערט אינם טיקטאקעווען פונם פיצינקן געווערקעלע און עס האט

זיך אים אויסגעדאכט, אז אט־אט וועט עס זיך — פונקט ווי כאוועלעס באציאונג — אינגאנצן אפשטעלן.

גאנץ פרי איז ער — א קרענקלעכער און פארדרוסלעכער — אוועק צו דער ארבעט. אין שאפ איז נאך קיינער פון די ארבעטער ניט געווען. ער האט זיך צוגעזעצט צו זיין מאשין און אלץ געטראכט. שפעטער, ווען די ארבעטער זענען שוין געווען, האט ער זיך געהיטן ניט א קוק צו טאן אף קיינעם פון זיי. אים האט זיך אויסגעדאכט, אז אלע וויסן שוין פון זיין מאפאלע; אז אלע קוקן אף אים מיט כויזעק און לאכן אים אויס. אין מויעד ביי ווילין האט עפעס גאר אזוי ווי א ווערעמל געגריזשעט:

„זי האט דיך בלויז אויסגענוצט... ווי א נאר דיך אויסגענוצט!...”

ווילי האט אבער דעם דאזיקן געדאנק אפגעטריבן פון זיך:

— ניט כאוועלע, — האט ער אזוי ווי צו אימיצן צוריקגעטיינעט.

— ניט זי איז פיזאיק אף אזעלכע געמיינע זאכן. דא מוז בלויז זיין עפעס א מיספארשטענדעניש, א טאעס...

באשלאסן האט ער, ווילי, אז וואס עס זאל ניט זיין, וועט ער נאכאמאל צוגיין צו איר און זיך דורכרעדן מיט איר. זי וועט שוין מוזן ענטפערן.

ביינ האט ער א שטעל געטאן זיין פוס אפן טרעטער, געלאזן גיין די מאשין און זיך געוואלט נעמען צו דער ארבעט. אבער איידער וואס־ווען איז אין שאפ אריינגעלאפן כאוועלע. ער איז געבליבן זיצן ווי א פריטשמעלעטער. זי, כאוועלע, איז — ווי שטענדיק — פריילעך געווען און, נאך ביי דער טיר, הילכיג א ווארף געטאן צו אלעמען א ברייטן „העלאו”. ווילי איז בלאס געווארן. ער האט זיך א באוועג געטאן און געוואלט איר אנטקעגנגיין. די ארבעטער אבער זענען אים דעם וועג פארלאפן. פון אלע זייטן האבן זיי זיך א לאז געטאן צו כאוועלען, איר אפגעשטעקט ברייטע שאלעם־אלייכעמס אין גוטמוטיק געגומען אריינקיבעצן:

— נו, ווי פילט זיך עפעס אונזער אימפעראטארסקאיע וועליטשעסטווא, צאריצע איוועס? . . .

— וואס מאכט עפעס די קעניגין עסטער־האמאלקאוונע ? ...

בערע האט זי אפגעמאסטן פון אויבן ביז ארונטער און מיט א שמייכל געפרעגט:

— און וואס הערט זיך אינם לאנד פון זאוואס כאלאוו אודוואש ?

. . . אין היילינקן לאנד, מיין איך? . . עפעס א סאך האניק אין מילך כאטש דארט אויפגענאשט? . . .

כאוועלע האט געווארפן א זייטיקן בליק אף ווילין און מיט אנשטעל א זאג געטאן:

— כאפט נאר ניט, באיעס. לאזט מיך כאטש אפאטעמען. איך וועל אייך אליין אלץ דערציילן. לעוונשטיין און ווילי האבן דאך מיך שוין אפילע באזארגט מיט א צוגעגרייטער רעדע . . .

ווילי האָט אַ קריץ געטאָן מיט די ציין. אים איז ניט קלאָר געווען כאַוועלעס לעצטע כּויזעק־באַמערקונג. ער האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין בענקל, געוואָלט צוגיין צו איר און זיך באַגריסן. אָבער זי האָט זיך דערוויילפלינק אַ לאָז געטאָן צום וואַש־צימער אַף איבערצוטאָן זיך. ווילי האָט זיך ווי אַן אָפּגעבריטער צוריק אַוועקגעזעצט. די מאַשינען זענען ווידער אַוועק אין רוישיקן געיעג. ווילי האָט זיך אָנגעשטרענגט, ארויפגעצויגן אַ געצוואונגענעם שמייכעלע אַף זיין פּאָנים און, בעאיים כאַוועלע איז צוריקגעגאַנגען פון וואַש־צימער, האָט ער פון וועיטן בלויז צוגעוואָרפן:

— און איך האָב אַלץ געמיינט, אַז פּאַלעסטינע פּאַרפּעסטיקט דעם זיקאָרן... צום סאָף, זע איך גאָר, אַז פאַרקערט. וואָסי, כאַוועלע, האָסט מיך שוין אינגאַנצן פאַרגעסן?... קאָנסט מיך שוין גאָר ניט?...

— אַ, כאָלילע! — האָט כאַוועלע פריילעך אָפּגעענטפערט.

— איך האָב דיר פאַר מיין אַוועקפאָרן קלאָר געזאָגט, אַז מיר וועלן רעדן ערשט נאָך מיין באַריכט אָפּגעבן... נו, און איך האָב דיר גאָך צו זאָגן וועגן דיין פּאַלעסטינע אַזויפיל, אַז...

זי איז אַוועק צו איר פּלאַץ. די מאַשינען האָבן געריסן אין געהודזשעט. אין אַ ווינקל האָט אימיצער פון די אַרבעטער פאַרגאַנוועטערהייט אַ ברום געטאָן אונטער דער נאָז עפּעס אַ לידל און באַלד צוריק אַנטשוויגן געוואָרן. אין שאַפּ האָט אַלץ אויסגעזען אַזוי ווי טאָמיד. בלויז ווילים מאַשין איז געגאַנגען אויסערגעוויינלעך. אָט האָט זי זיך אַ לאָז געטאָן מיט אימפּעט, אַ שפּרונג און אַ ברום געטאָן מיט קאַאַס, אַזוי ווי זי וואָלט זיך פאַרמאָסטן אריבערצושפּרינגען עפּעס, וואָס איז איר אין וועג געשטאַנען, און אָט איז זי ווידער צוריק אַנטשטומט געוואָרן. ער, ווילי אַליין, איז געזעסן אַ צוזאַמענגעבראָכענער. זיינע געדאַנקען זענען ניט געווען ביי דער אַרבעט. ער האָט זיך אַפילע עטליכע מאָל אויפגעשטעלט און זיך געקליבן מעלדן דעם פאָרמאַן, אַז ער פילט זיך ניט מיט אַלעמען און אַז ער גייט אַהיים.

אָבער נאָך איידער ער האָט באַוויזן צו באַשליסן אַזוי אָדער אַנדערש, האָט זיך אין דער טיר באַוויזן לעוונשטיינס קאָפּ. ער, לעוונשטיין, האָט זיך, אַפּאָנים, דערוואוסט, אַז איווע איז געקומען צו דער אַרבעט, האָט ער געוואָלט אַ קוק טאָן צי עס איז טאַקע אַזוי.

— וואָס איז געשען, כאַוועלע? — האָט ער, מיט אַן איבערגעטריבענער זיסקייט און אַ פאַרכידעשט פּאָנים, געפרעגט. — עס פירט זיך ניט קיינמאָל ביי מיר, אַז די מאַלקע, ווען זי איז נאָך אַ גאַסט, זאָל זיך שטעלן אַרבעטן. עס איז ניט שיין איידער מען גיט אָפּ דעם באַריכט... עס פּאַסט ניט פאַר מענטשען... איר פאַרשטייט... דאָס פאַרביליקט און...

זי האָט אים אָנגעקוקט:

— קאָן זיין. — האָט זי מיט אַ שמייכעלע געענטפערט. — אָבער מיך פאַרביליקט עס ניט. איך שעם זיך ניט מיט קיין אַרבעט.

לעוונשטיין האָט כיכיקעט:

— דאָס איז אַ פֿיינע געשיכטע, כלעבן... אַ האַרעפּאַשנע מאַלקע!

— האָט ער מיט האַנאַע געקוקט אַף כאַוועלען. — נו, מיילע, זאָל שוין זיין אַזוי, אויב איר ווילט עס דאַווקע... אַבער, זאָגט מיר כאָטש, ווי פֿילט זיך עפּעס אונזער מאַלקע היינט?... זיך אויסגערוט שוין?...

כאַוועלע האָט זיך אַ באַוועג געטאָן. עס האָט אויסגעזען, אַז זי האָט לעוונשטיינען געוואָלט עפּעס זאָגן. אָבער נאָך איידער זי האָט באַוויזן דאָס מויל צו עפֿענען, האָט שוין לעוונשטיין ווידער גענומען רעדן:

— איר פֿאַרשטייט, כאַוועלע, דאַסמאָל דערוואַרטן מיר גאָר אַ גרויסן אוילעם צום באַריכט... איר האָט, „ביי גאָד", אַרויסגערופֿן אַ גרויסן אינטערעס אין שטאָט צו זיך...

ווילי איז געזעסן און זיך געפּליסט אויפֿצוכאַפּן זייערע רייד. געהערט האָט ער אָבער בלויז אָפּגעריסענע ווערטער; אַ מין שיפֿן, וואָס האָט זיך געצויגן איבערן שאַפּ און זיך צענויפֿגעמישט מיטן מאַשינען־געבראַזג. ער האָט אָבער געהיטן זייערע גרימאַסן. געוואָלט כאָטש אַזויאַרום, דורך זייערע פּאָנים־אויסדרוקן, אַרונטערלייענען זייערע ווערטער. ער האָט געזען:

כאַוועלע האָט זיך געריסן צום רעדן, אָבער לעוונשטיין האָט איר ניט דערלאָזט. ער האָט קעסיידער גערעדט:

— אָ, איך פֿאַרשטיי... איר ציטערט... איר שרעקט זיך... אָבער האָט ניט קיין מוירע. ס'איז גאָרניט מיט גאָרניט... דעם פּלאַן האָט איר דאָך שוין אַ פּאַרטיקן. איר וועט בלויז דאַרפֿן צופּוצן דאָס פּראָזאַאישע און עס מאַכן פּאָעטיש און שיין... אָט אַזוי פּאָעטיש און שיין ווי אייערע אויגן זענען, ווי אייער גאַנצער יונגינקער גראַציעזער פּערפּערל איז, כע־כע־כע...

ער האָט איר אַ קנופּ געטאָן אין בעקל און ציניש געלאַכט.

ווילי האָט אַ ציטער געטאָן און אומרואיק געוואָרן. און כאָטש ער איז גאָרניט אייפֿערזיכטיק געווען אַף לעוונשטיינען, דאָך האָבן זיך זיינע הענט אַ קלאַמער געטאָן אין פֿויסטן.

לעוונשטיין האָט נאָך אַלץ געלאַכט און מיטאַמאָל זיך אַ כאַפּ געטאָן:

— ווייסט איר גאָר־וואָס, כאַוועלע, אַזוי ווי מיר האַלטן שוין דערביי, וואָלט איר עפּשער טאַקע דאָ גלייך געמאַכט אַ רעפּעטיציע?... איך מיין... איר פֿאַרשטייט... אנשטאָט אהערצוקומען אין שאַפּ צו רעדן נאָכן אָפּענעם אַרויסטריט, זאָלט איר איצט, אַזוי ווי איר זייט שוין דאָ, דאָס גלייך אָפּפּאַטערן...

כאַוועלע איז געשטאַנען שטיל און פֿאַרטראַכט. ווילי האָט געזען, ווי אַף איר פּאָנים האָט אַרויסגעשלאָגן אַן אומרואיקייט, אַזוי ווי זי וואָלט ניט געוואוסט וואָס עס טוט זיך מיט איר. לעוונשטיין האָט דערווייל באַפֿוילן אָפּצושטעלן די קראַפֿט, געהייסן די אַרבעטער, זיי זאָלן זיך אַרומשטעלן אין אַ קרייז אַרום אים און אַליין האָט ער אָנגענומען כאַוועלען ביי דער האַנט און צו איר אַ זאָג געטאָן:

— וועל, טייערע, דאָ קאָנט איר רעדן גאַנץ פריי. דאָ דאַרפט איר זיך גאָרנישט אָנשטריינגען.

כאַוועלע האָט זיך האַסטיק אַ ריס געטאָן פון אים:

— איך וועל ניט ריידן, מיסטער לעווענשטיין!... איך...

לעווענשטיין האָט אויסגעגלאָצט אַפּאָר אויגן:

— וואַ־אַ־אַ־אַס? — האָט ער צעשראָקן געשטאַמלט. — וואָס מיינט איר, איר וועט ניט ריידן?...

— איך מיין, — האָט זי שאַרף און טרוקן געענטפערט, — אַז איך קאָן ניט אָפּנאַרן. איך...

לעווענשטיינס פּאָנים איז פאַרצויגן געוואָרן מיט אַ נאַריש־אונ־באַהאָלפענער פאַרוואָלקנטקייט. און פּונקט ווי ער וואָלט ניט פאַר־שטאַנען, אָדער ניט דערהערט כאַוועלעס לעצטע ווערטער, האָט ער, אַ צעדולטער, איבערגעפרעגט:

— איר מיינט... איר זייט ניט צוגעגרייט, אָדער...

— איך מיין, — האָט כאַוועלע פּאַשעט געענטפערט, — אַז איך וועל ביכלאַל ניט ריידן. ניט דאָ און ניט דאָרט... ניט היינט און ניט... איר פאַרשטייט, איך וועל ניט ריידן.

לעווענשטיין האָט באַצוואונגען אַ לאַך געטאָן:

— אָ, כאַוועלע, מאַכט זיך ניט קינדיש. וואָס הייסט?... גייט שוין, איר וועט יאָ רעדן.

— וועל, — האָט זי גלייכגילטיק אַ זאָג געטאָן און געהויבן מיט די אַקסל, — אויב איר וועט דאַווקע באַשטיין, — וועל איך יאָ ריידן, אָבער ניט פונם צוגעגרייטן פּאַפּיר, וואָס איר האָט מיר געגעבן. איר פאַרשטייט, איך וועל זאָגן נאָר דאָס, וואָס איך האָב אַליין געזען. וואָס איך...

לעווענשטיין איז מיטאַמאָל אַזוי ווי איינגעשרומפּן און סלענער געוואָרן. ער האָט אומבאַקוועם גענומען וואַרפן מיט שמייכעלעך:

— נאַרישע מיידל, וואָס איר זייט! — האָט ער געזאָגט צו איר.

— וואָרים ווער צווינגט אייך דאָס דאַווקע צו ריידן פונם פּאַפּיר?... איר רעדט אַזוי ווי איר ווילט נאָר אַליין און ווי עס איז אייך באַקוועם. פאַרקערט; איך רעכן, אַז ס'איז גאָר שענער פון אויסווייניק, אָן אַ פּאַפּיר... עס וועט מאַכן אַ בעסערן איינדרוק...

— איז גוט! — האָט זיך כאַוועלע שטייף־שקאָציש אָוועקגע־שטעלט און קימאַט אויסגעשריגן. — וועל איך רעדן. וועל איך טאַקע דערציילן, וועגן דעם גרויסן שווינדל וואָס אייער פּאַלעסטינע איז; ווי אַזוי איר פּרואווט באַזעצן אַ פּיצל לאַנד, וואָס האָט אינגאַנצן ניט קיין ברעקל אומבאַזעסענע ערד... וועל איך טאַקע דערציילן, ווי איר טרייבט אַרונטער אַלטבאַזעסענע אַראַבישע פּויערים פון זייערע פּיצלעך פעלדער און ווי איר באַשווינדלט זיי... וועל איך דערציילן, ווי אייערע כאַלוצים — וועלכע איר האָט אַהינצו פאַרנאַרט מיט צוזאָגונגען און גאָלדענע גליקן — עסן ביי אייך דאָרט שטיינער, קייען די ערד און רייסן זיך צוריק אין זייערע גאָלעס־לענדער. יאָ־יאָ, איך וועל אויך

דערציילן וועגן אייערע ציאָניסטישע ספּעקוליאַנטן, וואָס אין נאָמען פון נאַציע, פאָלק און היימלאַנד...

זי האָט גערעדט הויך, געהאַקט, גיך און מיט פייער. און די עדשטע מינוטן איז לעוונשטיין אַזוי ווי פאַרלוירן געוואָרן און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. עס האָט אויסגעזען, ווי אירע ווערטער וואָלטן געוועזן געפאַלן אַף זיין קאָפּ ווי שווערע האַמער־קלעפּ. באַלד אָבער איז ער געקומען צו זיך און געוואָרן צעווילדעוועט. זיינע אויגן — אָנגעפילט מיט אַ מאָדנעם גלאַנץ — האָבן גענומען לויפן הין און צוריק. די הענט האָבן אָנגעהויבן ציטערן. ער האָט זיך גיך אַ וואָרף געטאָן אַף איווען, פאַרשטעלט מיט אַ האַנט איר מויל און גענומען ווילד ברומען:

— איר זענט מעשוגע געוואָרן, צי וואָס?... שווייגט בעסער, זאָג איך אייך!... איר הערט?... שווייגט, אָדער איך...

זי האָט זיך לייכט אַ דריי געטאָן און מיט אַ געמאַכטער נאַאיווקייט קאַלט געשמייכלט:

— גאָט איז מיט אייך, מיסטער לעוונשטיין!... אַט האָט איר דאָך מיר נאָר־וואָס געהאַט געזאָגט, אַז איך זאָל דערציילן דאָס וואָס איך האָב געזען... דערציילן דעם עמעס... נו, זאָג איך טאַקע און כאַזער עס איבער; אַז אינם לאַנד, וועגן וועלכן איר שרייט, אַז עס טריפט מיט מילך און האָניק, איז אַפילע פּאָשעטע טרינק־וואַסער אַ לוקסוס־זאַך, און מען מוז עס קויפן אַף דער קוואָרט. דאָס גאַנצע אידישע היימ־לאַנד איז אַן ענגלישע קאָלאָניע און אַ פּאָשעטער שווינדל.

לעוונשטיין איז געווען אויסער זיך. דאָס פּאָנים זיינס האָט געגליט. די אויגן האָבן געברענט. דער שטערן — רויט. די ליפּן האָבן געציטערט. די נאָזלעכער האָבן זיך געבלאָזן. די ציין האָבן געקריצט. ער האָט זיך צעווילדעוועט געוואָרפן און אַלץ געשריגן, אַז זי זאָל אַנטשווייגן ווערן. מיטאַמאָל האָט ער — ווי אַ באַזיגטער — געביטן דעם טאָן און שוין פיל שטילער גענומען בעטענדיק פאָר־וואַרפן:

— און דערוויף האָבן מיר אַזויפיל געלט געפּאַטערט אַף אייך?... דערפאַר האָבן מיר דאָס אייך אַזוי פּאָפּולער געמאַכט, געגעבן אייך אַ פרייע רייזע, געקרוינט אייך פאַר...

— אַזוי־? — האָט איווע ווידער מיט אַ געמאַכטער נאַאיווקייט איבערגעשלאָגן. — און איך, נאַר, האָב זיך גאָר איינגערעדט, אַז דאָס האָט מען מיך געקרוינט צוליב מיין שיינקייט... אַזוי?!... הייסט עס, אַז איר האָט מיך פּאָשעט געוואָלט אָפּקויפן?!... איר האָט דערוואַרט, אַז פאַר דער זכיע צו פאָרן אַף דער רייזע, זאָל איך אייך העלפן אָפּ־נאַרן מענטשן און רעדן — וואָס איר וועט מיר באַפעלן?!...

— אַלזאָ, — האָט לעוונשטיין — פאַרגעסנדיק מיסטאָמע, אַז אַרום אים שטייען די אַרבעטער — מיט קאַאַס אויסגעשריגן. — אויב איר פאַרשטייט וואָס עס לוינט פאַר אייך, וועט איר ריידן ווי מען הייסט אייך...

זי האָט אים שטיף אָנגעקוקט און שאַרף אַ וואָרף געטאָן:

— רעדן ווי מען הייסט מיך?... אַז מיר לוינט זיך גאָר ניט בעסער ווי נאָר זאָגן דעם עמעס!...

פון גרויס אויפרעגונג האָט לעוונשטיין גענומען אַזוי האַסטיק ארומשפּאַנען איבערן שאַפּ, אַז ער האָט אַפילו ניט געזען וואָס ארום אים טוט זיך. מיטאַמאָל האָט ער דערזען, אַז די אַרבעטער שטייען אַרום און שמייכלען אונטער, האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן, געהייסן ווידער לאָזן די קראַפט און זיך צוריקנעמען צו דער אַרבעט. אַ ווייל שפּעטער, אַזוי גיך ווי די מאַשינען האָבן אָנגעהויבן צו טראַסקען, האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן צו איוווען און מיט שוים אַף די ליפּן געשריגן צו איר:

— און דו... איר... גייט אייך פון דאַנען!... איר האָט דאָ מער ניט וואָס צו טאָן!... גייט!...

איוווע האָט אַ שמייכל געטאָן, זיך אויסגעגלייכט און, אָן איבער־ראַשונג — אַזוי ווי זי וואָלט פאָראויס געוואוסט וואָס עס וועט פאָר־קומען — ארויסגענומען פון איר האַנט־טעשל די פאַרשריבענע פּאַפּיר־בויגנס, וואָס לעוונשטיין האָט איר געהאַט געגעבן, זיי אַ שמיץ געטאָן אַפן טישל לעבן אים און בייסיק צוגעוואָרפן:

— באַהאַלט פונדעסטוועגן אייער באַריכט, מיסטער לעוונשטיין. וועט איר קומענדיקן יאָר פאַרשפּאָרן אויסצושרייבן אַ נייעם...

זי האָט זיך סאַרקאַסטיש צעלאַכט און אַ וואָרף געטאָן צו די אַרבעטער:

— וועל, גוד־ביי באָיעס, גוד־ביי!... און געדענקט, אַז אויב אַ באָס גיט אייך אַמאָל עפּעס, דערוואַרט ער פון אייך דערפאַר צען מאָל אַזויפיל צוריק. און וויסן זאָלט איר אויך, אַז דעם עמעס טאָר מען ניט זאָגן. ווייל... פאַרן עמעס, ווי איר זעט...

זי האָט זיך אַוועקגעלאָזט צום ארויסגאַנג און זיך אַפילו ניט אומגעקוקט צו ווילין, וועלכער איז געזעסן ווי אַ צעבושטער. זי האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר און איז ארויס.

לעוונשטיין איז שטיל געבליבן. די אַרבעטער האָבן געשוויגן. אין שאַפּ האָט געהערשט אַ שווערע און שטילע אָנגעצויגנקייט. בלויז דער מאַשינען־געבראַזג, וואָס האָט זיך איבערן שאַפּ געטראָגן, האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט זיך געבייזערט אַף אימיצן. ער, לעוונשטיין, האָט זיך אַ מידער אַראָפּגעלאָזט אַפן בענקל, וואָס איוווע האָט געהאַט פאַרנומען, און געבליבן זיצן מיט אַן אַרונטערהענגענדיקן קאָפּ. מיטאַמאָל, אַזוי ווי עס וואָלט אים עפּעס אַ ברי געטאָן, איז ער האַסטיק אויפגעשפּרונגען, איז צוגעגאַנגען צו ווילין, אַרויפגעלייגט אַ האַנט אַף זיין אַקסל און באַפוילן:

— כאַפּט זיך גלייך אַריבער, כאַווער קאָלמאַן, אין ביוראָ פון דער אָרגאַניזאַציע און זאָגט דאָרט, אַז מען זאָל גלייך אָפּשטעלן אַלע צוגרייטונגען פאַרן מיטינג, דער טייוול זאָל עס נעמען!... איך וועל דערווייל אָפּטעלעפאָנירן אין רעדאַקציע, זיי זאָלן לאָזן לויפן אַ מעל־

דונג, אַז דער באַריכט ווערט אָפּגערופן דערפאַר, וואָס די מאַלקע אונ־זערע, ניט גוט זאָל איר ווערן, איז מיטאַמאָל קראַנק געוואָרן !...

ווילי איז געזעסן אַ פאַרטראַכטער און זיך אַפילע קיין באַוועג ניט געטאָן. ער האָט געקוקט אַף לעוונשטיינען מיט שטאַרע בליקן. עס האָט אויסגעזען, אַז ער האָט אים, לעוונשטיינען, אַפילע ניט געזען און ניט געהערט. זיין געדאַנק — האָט זיך געדאַכט — איז אַוועק בלאַנדזשען ערגעץ ווייט און ניט געפונען אין וואָס זיך אָנ־צוכאַפּן.

לעוונשטיין איז געוואָרן אומגעדולדיק און נאָכאַמאָל גענומען ווילין אונטערמונטערן:

— וועל, — האָט ער אים ברויגעזלעך אויסגערעדט, — וואָס זשע זיצט איר נאָך, כאַווער קאַלמאַן? טוט זיך אַ ריר צו... העלפּט כאַטש זיך אַרויסראַטעווען פון דער בלאָטע, אין וועלכער איר האָט אונז אַריינגעפירט !...

ווילי האָט ניט געענטפערט.

לעוונשטיין האָט זיך אַלץ געוואָרפן :

— נו־נו, אַזאַ אומגליק... און ווער האָט עס זיך געקאָנט ריכטן אַף אַזאַ זאַך, דער טייוול זאָל עס נעמען ?!... אַזאַ פאַסקודסטווע !... אַזאַ אויסוואורף !...

ווילי האָט מיטאַמאָל דערפילט אַ מאָדנעם ווייטיק אין האַרצן. דאָס בלוט האָט אין אים אַ קאָך געטאָן און ער האָט דערפילט אַ פאַר־לאַנג, אַרונטערצולאָזן לעוונשטיינען אַזאַ פראַסק, אַז ער זאָל פאַר־שטומט ווערן פאַר דער געוואָרפענער באַליידיקונג אַף כאַוועלען. ער האָט זיך אָבער באַהערשט. דער צאַאר, וואָס האָט אים אַליין אָנגע־פילט, האָט אים צובראָכן. אַ שווייגנדיקער האָט ער זיך אויפגעהויבן פון זיין פּלאַץ און איז שטילערהייט אַוועק.

אַף דער גאַס איז ער געגאַנגען אַ פאַרטראַכטער און געקלערט וועגן פאַרגעקומענעם. און קאָפּ ביי אים האָט גערוישט. כאַוועלעס ווערטער האָבן אים געקלונגען אין די אויערן.

„זאָל עס טאַקע זיין אַזוי ווי זי האָט געזאָגט" — האָט ער קעסיי־דער געטראַכט. — „איז עס טאַקע אַלץ אַזוי שרעקלעך דאָרט, אָדער"...

ער האָט פעסט באַשלאָסן:

איך וועל אומבאַדינגט גלייך מוזן צוגיין צו איר. איך וועל זי מוזן זען און זיך דורכריידן מיט איר. עפשער וועל איך איר...

„קאָן זיין, — האָט ער זיך געפּרוּווט אין די געדאַנקען באַרו־איקן, — אַז זי האָט אַביסעלע איבערגעזאָלצן; אַז זי האָט פאַרגרעסערט זאַכן, ווי זיי זענען אינדערעמעסן. זיך מיסטאָמע באַצויגן צו קריטיש און געקוקט אַף אַלעס מיט אַן אויג פון אַן אַמעריקאַנער מיידל?"...

מיטאַמאָל האָט ער אומבאַקוועם אַ ביטערן שמייכל געטאָן :

— און וואָס, אויב אַלץ איז טאַקע אַזוי ווי זי האָט געזאָגט ? —

ער איז געבליבן ווי פאַרלוירן:

— וואָס־זשע, — האָט ער זיך גענומען באַאיינפלוסן, כאָטש ער

אליין האט קנאפ געגלויבט אין דעם. — אויב עס איז טאקע יא עמעס וואס זי האט געזאגט, זאל זי עס מיר דערקלערן און באווייזן. ניש־קאשע; איך וועל זיך צוהערן מיט א קילן געמיט. און אויב זי איז גערעכט...

מער האט ער מוירע געהאט אפילע צו טראכטן. ער האט בלויז א מאך געטאן מיט דער האנט, ווי אפצוהאקן די געדאנקען. אבער וואס מער ער האט ניט געוואלט טראכטן דערפון, אלץ אקשאנעסדיקער זענען די געדאנקען אין קאפ געקראכן.

— נאך אלעמען, — האט ער ענדלעך א זאג געטאן צו זיך — האט זי דאך ארנטלעך געהאנדלט. ווייל וואס וואלט געווען, אויב זי וואלט — אנשטאט אין שאפ — גאר ארויסגעטראטן מיט אזא גרוס פאר אן עפנטלעכער פארזאמלונג?...

אז ער איז נאר פארטיק געווארן מיט פארזארגן דאס שליכעס, איז ער גלייך אוועק אהיים צו כאוועלען. דאסמאל האט זי אליין, כאוועלע, געעפנט פאר אים די טיר און אים אריינגעבעטן אין שטוב אריין. זי האט אים פריינטלעך אנגעוויזן אף א קאנאפע, זיך אוועק־געזעצט לעבן אים און שטיל, מיט איר צארטער, זינגענדיקער שטימע, נאך וועלכער ער, ווילי, האט אזוי שטארק געבענקט, דרייסט און אומגע־קווינקלט, גענומען רעדן:

— איך האב געוואוסט, ווילי, אז דו.... אז איר וועט קומען. — האט זי א שמייכל געטאן. — און איך בין צופרידן דערפון. עס פאר־דריסט מיך בלויז, וואס איך האב אייך געדארפט ווי טאן. גלויבט מיר אבער, ווילי, אז איך האב אנדערש ניט געקאנט. איך האב געזאגט דעם עמעס...

ווילי האט זיך שארף איינגעגעסן מיט זיינע אויגן אין אירע און צעווייטיקט איבערגעפרעגט:

— דעם עמעס, זאגט איר?... איז דאס געווען דער עמעס?...

— יא. — האט כאוועלע, פונקט ווי פריער, שטיל גערעדט. — ס'איז עמעס. איך ווייס, אז פאר אייך איז מיין גרוס געווען אן אנטוי־שונג. איך ווייס. אבער, גלייבט מיר, ווילי; צוליב אייך האב איך געוואלט געפינען כאטש עפעס א שטיקל בארעכטיקונג פאר פאלעס־טינע, אבער ניט געקאנט. איך בין גרייט געווען צו מאכן פון א גרעזעלע — — א וואלד און פון א טראפן וואסער — — א טייך. אבער... וואס האב איך געקאנט טאן, אז ניט קיין גראז און ניט קיין טראפן וואסער האב איך ניט געקאנט געפינען?!... און דאס וואס דארט איז יא פאראן איז... יא ווילי, אין בוכשטעבלעכן זין איז עס אזוי. איך שווער אייך, ווילי, אז דאס וואס איך האב דערציילט, איז נאך אפילע ניט קיין הונדערט־ביילעק דערפון, וואס איך האב דארט געזען. איך האב געזען דאס ברוטאלע פאריאגן פון אראבער; דאס ניט דערלאזן זיי פארדינען אף א שטיקל ברויט... איך האב געזען די אונטערדריקונג פון פרייען געדאנק און פון דער אייגענער שפראך. איך האב געזען די בלוטיקע עקספלואטאציע און געזען, ווי מען האט

פאַרשיקט אין טפּיסעס יענע אַרבעטער, וואָס האָבן געוואָגט צו פּראָ־טעסטירן קעגן דעם גרויסן ליגן... איך האָב געזען די ספּעקולאַציע מיט לאַנד און דעם געיעג נאָך פּאַרדינסטן... איך האָב געזען דעם גאַנצן נאַקעטן אידעאַל פון ציאָניזם. איך האָב אים געזען אין דער טעגלעכער פּראַקטיק... דאָרט, אינעם „הייליקן" לאַנד איז פּונקט אַזוי ווי ביי אונז; די איינציקע הייליקייט — דער דאָלאַר. עס טוט מיר בלויז וויי, ווילי, וואָס איר זייט ניט מיטגעווען מיט מיר; וואָס איר האָט ניט געהאַט די מעגלעכקייט זיך צוצוקוקן, אַזוי ווי איך, צו אַלעס, וואָס קומט דאָרט פאָר... אָ, איר וואָלט מיך דאַן שוין ניט געווען באַשולדיקט און... וועל, וואָס קאָן איך אייך נאָך מער זאָגן?...

כאַוועלע האָט ווייטער גערעדט און דערביי אינגאַנצן געציטערט. זי האָט ווילין דערציילט נאָך פיל אַנדערע זאַכן, פון וועלכע ער איז געזעסן אַ שטוינענדיקער און ניט געקאָנט אַ וואָרט אָפּענטפערן. מיט־אַמאָל האָט כאַוועלע אָפּגעהאַקט. שטילערהייט האָט זי אַרונטערגע־נומען פון איר פינגער דאָס רינגל, וואָס ווילי האָט איר געהאַט געגעבן איידער זי איז אַוועקגעפאָרן. דאַן האָט זי זיך אויפגעשטעלט, זיך אָפּ־געקערט מיטן פּאָנים פון אים, אַ וויש געטאָן מיט אַ טיכעלע איבער די אויגן און — איבערגעבנדיק ווילין דאָס רינגל — מיט אַ שלוכץ אַ זאָג געטאָן צו אים:

— עך, ווי אַנדערש, ווילי, וואָלט עס געקאָנט עס זיין, ווען איר וואָלט מיך פאַרשטאַנען!...

ווילי האָט געוואָלט עפּעס רעדן, אָבער ניט געקאָנט דאָס מויל באַוועגן. ער האָט זיך אַ צווייטיקטער אויפגעשטעלט, שווייגנדיק גע־שטאַנען און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן, אָדער וואָס צו זאָגן. ער האָט בלויז אַ קוק געטאָן מיט זיינע צעגליטע אויגן אָפן רינגל און אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער האַלט אַ שטיק פייער אין האַנט, וואָס בריט אים. שטיל האָט ער צוגעוואָרפן אַ שטילינקן „גוטע נאַכט" און — ווי פון אַן אָוולם הויז — פאַמעלעך און מיט לייכטע טריט אַרויסגעגאַנגען.

אַ גאַנצע נאַכט איז ווילי דערנאָך געלעגן אַף זיין געלעגער און זיך געמוטשעט אַנטשלאָפן צו ווערן. די געדאַנקען זיינע האָבן זיך געקייטלט איינס אין אַנדערן און אים ניט געלאָזן זיך באַרואיקן.

ער איז געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן און עס האָט זיך אים אויס־געוויזן, אַז כאַוועלע שטייט לעבן זיין צוקאָפּנס און דערציילט ווידער די אַלע זאַכן. אים האָט זיך געדאַכט, אַז זי הויבט אויף ערגעץ אַף דער וואַנט אַ שווערן פאָרהאַנג און באַווייזט אים די אַלע מאָדנע ביל־דער. יעדע וויל — אַן אַנדער בילד.

אָט האָט זי אים געוויזן דעם ברעג פון יאַם, לעבן יאַפע, אין פּאַלעסטינע. עמיגראַנטן — האָט ער געזען — זענען אָנגעקומען... ענגלישע באַאַמטע און סאָלדאַטן האָבן ביי די אָנגעקומענע געפאָדערט, צו באַווייזן גרויסע סומעס געלט. די רייכע האָבן זיי אַריינגעלאָזט אין לאַנד, אָבער די אַרבעטער און אַנדערע אָרימעלייט — געצוואונ־גען צוריקצופאָרן... אָט האָט זי אים באַוויזן אַ גרופּע באָכערים און

מיידלעך, כאַלוצים מיט אויסגעמאַרעטע לייבער, איינגעפאַלענע באַקן און מידע הענט. זיי זענען געשטאַנען אַף צעפּאַליעטע זאַמדיקע וועגן, געהאַקט שטיינער ווי קאַטאָרזשניקעס און מיט טרערן געבעטן ביי זייערע זאַטע באַלעבאַטים שטיקלעך ברויט אַף צו שטילן זייער הונגער און ביסלעך וואַסער צו לעשן זייער דורשט... אַט האָט זיך אים אויס־געדאַכט, אַז זי באַווייזט אים, ווי ענגלישע סאָלדאַטן און אידישע פּאָליציסטן צעשלאָגן אַן אַרבעטער, דערפאַר, ווייל ער האָט גערופן זיינע כאַווײרים צו סטרייקן פאַר אַ העכערן לוין... אַף אַן אַנדער בילד האָט ער געזען, ווי אַן אַלטער אַראַבישער פויער האָט זיך געקלאַפּט דעם קאָפּ אַן אַ שטיינערנער וואַנט און געוויינט, פאַרוואָס מען טרייבט אים אַרונטער פון דער ערד, אַף וועלכער ער האָט געאַרבעט זיין גאַנץ לעבן. דערביי, אַנטקעגן, זענען געזעסן אידישע ציאָניסטישע קאָלאָ־ניסטן, ענלעכע צו זיין לעוונשטיין, און האָבן — צוזאַמען מיט אַראַבישע עפענדים — אָפּגעלאַכט פון די אָרימע שנאָרערס... ער האָט געזען ווי אידישע באַלעבאַטים האָבן געדרייצט די אידישע אַרבעטער קעגן די אַראַבער און געוועקט סינע אין זיי. אין שווידער האָט זיך אים באַוויזן אַ בילד, ווי מאַסן צעיושעטע און אויפגערעגטע אַראַבישע פויערים, יאָגן זיך איבער שטעט און דערפער מיט געוועער אין די הענט און שרייען: אַ טויט צו די ענגלענדער און זייערע מעשאָרסים — די ציאָניסטן!... אַ טויט צו יענע, וואָס נעמען ביי אונז צו דאָס רעכט אַף לעבן און אַרבעט!...

אַ צובראָכענער און מידער האָט זיך ווילי אויפגעכאַפּט. דער קאָפּ האָט אים געהאַמערט. ער האָט זיך דערשראָקן אומגעקוקט — די בילדער זענען שוין ניט געווען. ער האָט קיינעם ניט געזען אַרום זיך. אין די אויערן אָבער, האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער הערט נאָך אַלץ כאַוועלעס שטימע. אים האָט זיך געדאַכט, אַז זי פרעגט אים:

— נו, ווילי, קאָן מען בויען אַ לאַנד אַזוי, לעטויוועס ספּעקו־ליאַנטן און עקספּלואַטאַרס, וואָס לעבן בלויז אַף אונטערדריקן די אַרבעטער־מאַסן?... קאָן מען בויען אַ לאַנד אַפן רעכענונג פון אַלט־באַזעסענע, וועלכע מען פאַרטרייבט?... קאָן מען און מעג מען אַזאַ זאַך אונטערשטיצן?... איז דען ניט דער אַרבעטער, וועלכער העלפט צו אין דעם, ניט פאַראַנטוואָרטלעך דערפאַר?... און דו, ווילי, ביסט דאָך אַן אַרבעטער... דיין פּלאַץ דאַרף דאָך זיין מיט די אַרבעטער; לעבן מיט זיי און... קעמפן מיט זיי צוזאַמען...

ווילי איז געזעסן אַפן בעט מיט פאַרמאַכטע אויגן. ער האָט זיי מוירע געהאַט צו עפענען. ער האָט מוירע געהאַט, אַז אַזוי גיך ווי ער וועט זיי עפענען, וועט כאַוועלע, צוזאַמען מיט איר זיסער שטימע, פאַרשווינדן פון אים. און ער האָט דאָך איצט דאַווקע אַזוי שטאַרק געוואָלט הערן איר שטימע, וועלכע האָט אַזוי האַרציק גערעדט צו אים. דער איינדרוק פון אירע רייד איז ביי אים אַזוי שטאַרק געווען, אַז ער האָט זיך ניט געקאָנט גלויבן, אַז דאָס זאָל האָבן געווען בלויז אַ כאָלעם, אָדער אַז זיינע געדאַנקען האָבן עס אַזוי אַליין געבלאָנדזשעט. ער איז

געווען אזוי זיכער ביי זיך, אז דאס האט זי, כאוועלע, אזוי גערעדט צו אים, אז ער האט ווידער פארמאכט די אויגן, מיט דער האפנונג, אז ער וועט זי ווידער הערן רעדן. פאר אים איז כאוועלע שוין מער ניט געווען קיין געקרוינטע מאלקע, אדער מאלעך פון הימל, ווי ער פלעגט שטענדיק טראכטן וועגן איר — נאר ווי א טייערע מיידל, וואס קאן מיט איר ווארט דערהויבן און אנפילן דאס הארץ מיט פאשעטן מענטשלעכן גליק...

— אבער, — האט ער מיטאמאל א זיפץ געטאן, — וואס קומט ארויס דערפון, אז זי איז שוין פאר מיר סיי ווי פארלוירן. אט, זי האט דאך מיר אפילע דאס רינגל צוריקגעגעבן...

עס האט אים פארנומען ביים הארצן ווי צום וויינען. באלד אבער האט ביי אים אין מויעך א געדאנק א בליץ געטאן און ער האט זיך מיט האפנונג צעשמייכלט:

— און עפשר איז עס נאך ניט פארלוירן?... אט האט זי דאך געהאט געזאגט, אז...

— און זי איז דאך גערעכט. — האט ער זיך גענומען אויסרעדן. — איך, אן ארבעטער...

ער איז פריילעך ארויסגעשפרונגען פון בעט און אן אנטשלאסע־נער געמורמעלט:

— און איך וועל נאך גוט מאכן. איך וועל נאך גוט מאכן...

פארפרי — ווי ער וואלט מיט זיך אן אויצער געטראגן — איז ער איילנדיק אוועק צו דער ארבעט. קיינער איז נאך אין שאפ ניט געווען. ער האט זיך אוועקגעזעצט לעבן דער מאשין און מיט אומגע־דולד געווארט, אז די ארבעטער זאלן אנקומען. געוואוסט האט ער איין זאך, אז ער טאר זיך ניט צורירן צו דער מאשין, ביז ער וועט פריער ניט באצאלן דעם כויוו, וואס ער איז שולדיק כאוועלען, אלע ארבעטער פון שאפ און זיך אליין.

ארום האבן די מאשינען אנגעהויבן ברומען און זשומען. ווילין האט זיך אויסגעוויזן, אז אין זייער גערויש הערט ער כאוועלעס צארטן באפעל:

— שטעל זיך אויף, ווילי!... שטעל זיך אויף און דערפיל דיין פליכט!... עס איז שוין צייט!...

ווילי איז אויפגעשפרונגען. ער האט א שטארקן קלאפ געטאן מיט דער האנט אינם מאשין־טישל און אויסגעשריגן:

— ברידער ארבעטער, כאוויירים, הערט מיך אויס!...

ער האט גערעדט שארף און מיט פייער. די ארבעטער האבן אף אים געקוקט מיט איבערראשונג. איינער נאכן אנדערן האבן זיי אפגע־שטעלט די מאשינען און זיך גענומען איבערווינקען צווישן זיך. בערע האט געשמייכלט, עפעס א זאג געטאן צו די בעוורע און מיט צופרידענע בליקן געקוקט אף ווילן.

# צו אַ ניי לעבן



דער אַלטער כיל-לייזער איז געזעסן אין סאַבוויי-וואַגאָן און געפאָרן ארויף בראָנקס. אַ זוניקער, ברייטער שמייכל, האָט געשיינט אַף זיין צעקנייטשטן, אויסגעמאָרעטן פּאָנים. ער איז געווען צופרידן, וואָס עס איז געווען אַ שיינער זונטיק. ער וועט, הייסט עס קאָנען ארומשפּאַצירן איבער די זוניקע גאַסן און זוכן אַ נייע דירע. באַשלאָסן האָט ער געהאַט נאָך פריער, אַז ער וועט פאָרן העט ארויפצו, וועט ארונטערגיין ערשט אַף ארום דער הונדערט און אַכציקסטער גאַס און גיין אַזוי ווייטער, ארויף, לענג-אויס און ארום דער סאַבוויי-ליניע. דאָרט, האָט ער געהאָפט צו געפינען דאָס, וואָס ער וויל און וואָס ער דאַרף. דער דאָקטאָר האָט אים שוין געהאַט וויפל מאָל אָנגעזאָגט מיטן הארבן וואָרט, אַז איינס פון די ביידע; אָדער ער וועט מוזן אויפגעבן דאָס סאַמיקע קירזשנערייזיינס, וואָס פרעסט אים די לונגען, אָדער — קריגן אַ דירע ערגעץ אין דער בראָנקס, לעבן אַ פּאַרק, מיט פרישער לופט. ווייל אַנדערש איז ער זיך פּאַשעט מעקאַצער דאָס לעבן זיינס.

אינם האַלב-ליידיקן וואַגאָן איז גראָם געווען, ווי געוויינלעך אין אַ זונטיק. כיל-לייזער איז געזעסן רואיק און זיך גוטמוטיק געלאָזט איינוויגן פונם וואַקלענדיקן סאַבווייגאַנג. אָבער יעדער וויג פון די וואַגאָנען, האָט אויך צעוויגט זיינע מאַכשאָוועס; געוואָרפן אים פון איין געדאַנק צום צווייטן. דורך די פענצטער זענען פאַרבייגעשפּרונגען שוואַרצע שאָטנס פון דער פינצטערער אונטערערד און אָפּט — ווי טאַנצנדיקע מעכאַבאָלים — אַ בלענד געטאָן פאַר די אויגן מיט פאַרבייפליענדיקע לעמפּלעך.

כיל-לייזער, וואָס האָט שטענדיק פיינט געהאַט די דאָזיקע פינצטערע שאָטנס, האָט זיך אָבער דאָסמאָל ניט געמאַכט דערוים. ער איז געווען פאַרנומען מיט איין געדאַנק. מיטן געדאַנק, אַז ער פּאָרט ענדלעך זוכן אַ נייע דירע.

— טאַקע אַביסל שפּעטלעך, — האָט ער אַ שמייכל געטאָן, — אָבער, ווי זאָגן זיי עס דאָרט; בעסער אַף דער עלטער אַף צוויי קישנס, איידער אין דער יוגנט אַף גאָרניט...

ער איז צופרידן געווען, וואָס ענדלעך קאָן ער זיך שוין פאַרגינען צו האָבן אַ לופטיגע וואוינונג, אַזאַ ווי ער דאַרף שוין פון לאַנג. פריער, שוין עטליכע יאָר אַזוי, האָט ער דאָס ניט געקאָנט אויספירן צו האָבן. ער האָט זיך דעריבער געפּרואווט ניט מאַכן וויסן פונם געזשום און רעדער־גרילץ, וואָס האָט אים, ווי אַ פייל, געשניטן אין מויעך, אַז ער האָט אַזש קענגן זיין ווילן געמוזט פאַרשטשעמען מיט די ציין.

„נערוועז געוואָרן" — האָט ער געטראַכט ביי זיך. — „און ניט קיין וואונדער; אַז מען זיצט אָפּ אַזויפיל יאָרן אין אַ שאָפּ און מען דאַרף נאָך דערצו צוויי מאָל אין טאָג פאָרן אין אַזאַ גרילצנדיקער סאָב־וויי, וואָס רייסט אין די ציין, קאָן מען — ניט נאָר נערוועז — נאָר טאַקע פאַשעט מעשוגע ווערן"...

ער האָט זיך אָבער געפּלייסט זיך ניט צו ערגערן און זיך פאַר־געסן. מיט שעמעוודיקע, קוים־אַרויפגעהויבענע בליקן, האָט ער האַ־נאָעדיק געקוקט פון דער זייט אויף דער יונגער מיידל, וואָס איז געזעסן אַנטקעגן אים, אַריינגעקוקט אין אַ ביכל און דערביי, ווי אים האָט זיך אויסגעוויזן, יעדע וויל געכאַפּט אַ בליק אויף אים. איר בליק האָט אים געריצט. מיטאַמאָל האָט ער אַ ציטער געטאָן און דערפילט, אַז ער רויטלט זיך:

„פאַרוואָס קוקט זי דאָס אַזוי אויף מיר?" — האָט ער פאַרשעמט. אַ טראַכט געטאָן — „איז עפּשער עפּעס ניט אין אָרדנונג ביי מיר?"..

ער האָט זיך אינסטינקטיוו אַרומגעקוקט, באַהאַלטענערהייט און אויף גיך אַ באַטראַכט געטאָן אויף זיך דאָס רעקל, די הויזן און די שיך, אָבער אַלץ איז — ווי געוויינלעך — געווען גוט און נעט. ער האָט אַ באַטאַפּ געטאָן זיין גרוי־גרינלעך בערדל, וואָס האָט זיך געקרויזלט מיט געדיכט־געפּלאָנטערטע האָר און וואָס האָט פונוויטן אויסגעזען ווי עפּעס אַן אויסגעשייערטע לאָפּעטקע. ער האָט אַריינגערוקט די פינגער און דער געדיכטעניש פון דער באָרד, אַ צעשויבער געטאָן די האָר, ווי צום באַווייזן, אַז ניט קיין לאָפּעטקע איז עס, נאָר טאַקע אַ באָרד.

די סאָבוויי איז אַרויס פון היגטערגרונט און אַרויס אינדערהויך, אויף דער פריי. אין וואַגאָן איז מיטאַמאָל געוואָרן ליכטיק און פריי. פענצטער און דעכער פון הייזער, זענען פאַרבייגעפלויגן ביי די זייטן. דער רעדער־גרילץ האָט זיך אויך עטוואָס איינגעשטילט. כיל־לייזער איז געוואָרן גאָר אויפגעלייגט.

ער האָט געקוקט אינדרויסן אַרויס, געקוקט אויף דער זון, וואָס האָט אַריינגעשיינט דורך די פענצטער, צעוואָרפנדיק גאָלדענע סנאָפּע־לעך ליכט אין אַלע ווינקלען:

— אָט אַזוי איז אויך דאָס לעבן. — האָט ער, אינדערשטיל צו זיך אונטערגעמורמלט. —מען פאָרט אַזוי לאַנג אינדערפינצטער, ביז מען קומט פאָרט אָן צו דער ליכטיקייט...

צופרידן פונם פאַרגלייך, האָט ער מיט גאַדלעס געגומען קוקן אויף די עטליכע פּאַסאַזשירן אַרום זיך און אויף די הייזער, וואָס אינדרויסן.

שוין לאַנג ווי ער, כיל־לייזער, האָט זיך אַזוי גוט און לײַכט ניט געפילט. שוין לאַנג ווי ער האָט אַזוי ניט געשמייכלט. יאָ, דעם מוט זײַנעם האָט ער געהאַט פאַרלוירן נאָך דעמאָלס, ווען ער, ניט הײַנט געדאַכט, האָט געכאַפּט א קלאַפּ אַף דער פּיקעט־ליין, אינם גרויסן סטרייק, און מען האָט אים אַן אויג אויסגעזעצט, פאַר א קאַליקע געמאַכט...

— עך־עך־עך־ע, — האָט ער, א פאַרבענקטער, שטיל אונטער־געזיפצט, בעאיים ער האָט זיך דערמאָנט וועגן דעם. — דאָס האָט דאָך אים געקאָנט אומגליקלעך מאַכן אַפן גאַנצן לעבן. א גליק כאָטש, וואָס ער איז געווען א גוטער באַלמעלאָכע. אַנדערש, וואָלט אים דעמאָלס אויסגעקומען, ווי מען זאָגט עס, כאָטש פון בריק אין וואַסער... און אַז ער איז א גוטער באַלמעלאָכע, — האָבן אַלע באַלעבאַטים געוואוסט. וועגן אים, האָט ער געהערט, רעדן אַפילע די באַלמעלאָכעס אַף דער בירזשע:

—א בעריע א אידליק, דער אַלטער כיל־לייזער. קיין נעהאָרע ניט, שוין באַלד א זעכציקער און דאָך... א קרעפּקער און קאָן נאָך גוט אַריינשיסן...

טייל יאַטן, יונגערע פון אים, פלעגן אים אָפּט דערפאַר אַריינ־קיבעצן:

— אַ־יאָ, כיל־לייזער, — פלעגן זיי זאָגן צו אים, — כאָטש איר זעט אויס גאָר טישעבאָוועדיק, איז אָבער וואָס שייך אַרבעט — נאָך גאַנץ סימכעסטוירעדיק?... אַלבעטשע, איר וואָלט זיך נאָך געווען פאַר־מאָסטן מיטן סאַמע יונגסטן פון אונז? !...

ער, כיל־לייזער, האָט א שמייכל געטאָן. געוואוסט האָט ער, אַז וואָס־וואָס, מיט אַרבעט קאָן ער זיך טאַקע נאָך פאַרמעסטען אַפילע מיטן יונגסטן און געזונטסטן פונם פאַך. און ניט נאָר פאַרמעסטן, נאָר ער וועט נאָך יעדן יונגן צוציק אַרויסגעבן א צען אויגלעך אין פאָראויס. ניט געקוקט, וואָס ער אַליין איז בלויז מיט איין אויג. אָבער... אָט, די נייע צאָרע, וואָס האָט זיך אָנגעזעצט אַף אים ; דער נייער אומגליק, וואָס האָט זיך די לעצטע צייט אַריינגעכאַפּט ; דער געז אין מאָגן, וואָס מוטשעט אים אויס און דער קורצער אָטעם. אָט דאָס איז גאָר פּאַסקודנע. עמעס, ער האָט עס נאָך פאַר קיינעם ניט גע־זאָגט. קיינער ווייסט עס ניט. וואָרים נאָך דאָס וואָלט אים געפעלט, אַז די באַלעבאַטים זאָלן זיך דערוויסן וועגן דעם. געוויס האָבן זיי שוין אַזוי אויך צו טאָן מיט אים, וואָס עס פעלט אים אַן אויג און וואָס ער טראָגט א באָרד, וועלכע מאַכט אים, זאָגן זיי, אויסקוקן עלטער ווי אינדערעמעסן.

האָט ער זיך טאַקע אויסגעהיטן מיטן געז ווי ער האָט נאָר גע־קאָנט. יעדן טאָג, אײדער ער איז אַוועק צו דער אַרבעט, האָט ער אַף איבערן בויך אָנגעצויגן א ברייטן גאַרטל פון א שטיק וואַרעמען פלאַ־נעל. זיך אײַנגעקרעמפּעוועט אַזוי, אַז דער געז און דער אָטעם זאָלן אים אַמאָל ניט אָנכאַפּן אינמיטן דער אַרבעט. איי בײַנאַכט, נאָך דער אַרבעט, דאָס האָט אים שוין ניט געאַרט אַזויפיל. דאָרט, בײַ זיך

אינדערהיים, איז ער באַלעבאָס פאַר זיך און דאַרף זיך פאַר קיינעם נִיט היטן. דאָרט זעט אים זיין אַלטיטשקע צו. זי ליגט אים צו אַ הייסן קאָמפּרעס, דערלאַנגט אים, ווען ער דאַרף, אַ גלעזל ביקאַרבאָ־נייט און ער ראַטעוועט זיך. „געצעטעלט די ביזנעס" — ווי ער האָט דאָס אָנגערופן — און געהאַט אַלע באַלעבאַטים אין דער ערד.

פריער, פאַרן קריזיס, וואָלט ער אַפילע וועגן דעם ניט מוירע געהאַט פאַר קיינעם. דעמאָלס האָט ער קיין שום זאָרג ניט געהאַט וועגן אַ דזשאַב. איז ניט דער באַלעבאָס, איז געווען אַן אַנדער שלאַק. אָבער, אַז דער קריזיס האָט זיך איינגעגעסן ווי אַ פליך אין אַ פעלכל, און דזשאַבס זענען געוואָרן ניט אַזוי לייכט צו קריגן, האָט ער זיך אָנגעהויבן שרעקן און אויסהיטן. און טאָמער האָט אים די יוניאָן שוין יאָ אַמאָל ארויפגעשיקט אַף אַ דזשאַב, איז ער געשטאַנען אין איין ציטערניש און אַלץ געטראַכט, צי ער וועט דעם באַלעבאָנדזשיק געפעלן ווערן. און אַפילע שפּעטער, אַז ער איז שוין געשטאַנען אַפן דזשאַב, און דערזען דעם באַלעבאָס פאַרבייגיין, האָט זיך אים, כיל־לייזערן, אַלץ געדאַכט, אַז אָט־אָט וועט יענער אים אַריינרופן אין אָפיס, צו זיך, און וועט — אַזוי ווי זיי זענען געוואוינט — צו אים אַ זאָג טאָן:

— מיסטער כיל־לייזער, איך... איר... איר פאַרשטייט דאָך אַליין, אַז היינטיקע צייטן, פאַרן זעלביקן געלט, קאָן איך אַריינגעמען אַ גע־זונטען יונגן באָכער, אָן אַ באָרד און טאַקע מיט צוויי אויגן. איר ווייסט דאָך אַליין, אַז עס דרייען זיך אַרום אַזויפיל גוטע באַלמע־לאָכעם...

אַ גליק טאַקע וואָס ער אַליין, כיל־לייזער, איז געווען אַ צו גוטער באַלמעלאָכע. איי־וואָן, ווי מען זאָגט עס. און באַלעבאַטים האָבן געוואוסט, אַז מען קאָן זיך אַף אים פאַרלאָזן. אָבער אַז ער איז שוין געווען אַזוי דערשלאָגן פון אַרומגיין לידיק אַ שטיקל צייט, און דער געז אין מאָגן האָט גענומען שטאַרקער אונטערזינגען, האָט ער גענומען טראַכטן, אַז ער וועט סאָף קאָל סאָף — פונקט אַזויווי די אַנדערע באַלמעלאָכעם — אויך מוזן אַרונטערקומען.

געוואוסט האָט כיל־לייזער, אַז באַלעבאַטים פאַרשטייען נאָר צוויי שפּראַכן: אָדער אַ גוטן קאַמף, אָדער אַ פאָר דאָלאַר פּראָפיט. איז מיילע נו; אַזוי ווי קיין קאַמף קאָן מען דאָך אַליין, פאַר זיך בלויז, ניט אָנפירן, און אַזוי ווי די יוניע, צו וועלכער ער געהערט שוין פון קאַמע וועקאַמע יאָרן, האָט אים אויך און דער ערד און נעמט זיך ניט אָן פאַר אים, — בלייבט דעריבער דאָס צווייטע. און דערפאַר, באַלד ווי ער האָט זיך נאָר געשטעלט אַרבעטן און אַזוי גיך ווי דער באַלע־באָס האָט אים נאָר אַריינגערופן אין אָפיס און אָנגעהויבן דרייען אַ ספּאָדיק, האָט ער, כיל־לייזער, אים גלייך אַ זאָג געטאָן:

— הערט, מיסטער באָס, אַ גוטער באַלמעלאָכע בין איך. אַזעלכע, ווייסט איר דאָך אַליין, דאַרף מען זוכן און ערשט דעמאָלס ניט געפינען. איי, וואָס איר זאָגט, די באָרד מיינע און דאָס אויג... איז ווי אַ שטייגער,

אז איך זאָל לעמאָשל, באַשטיין יעדע וואָך צו באַצאָלן אַ פינפערל שטראָף, אַז איר זאָלט מיר פאַרקויפן די באָרד מיטן אויג. אַז מיין אַרבעט טו איך דאָך און עס שטערט מיר ניט...

דער באַלעבאָס — האָט כיל־לייזער געזען — האָט זיך אפילו לעכאַטכילע מיקלוימערשט אָנגעהויבן צו קווייטשלען. אָבער פאַרשטאַנען האָט ער, אַז דאָס האָט יענער געטאָן דערפאַר, ווייל עס האָט אים ניט געפּאַסט אַזוי גיך איינצוגיין דערויף. ער האָט גאַנץ קלאָר געזען, אַז דאָס איז טאַקע געווען אַלץ, וואָס דער באַלעבאָס האָט געוואָלט. ער, כיל־לייזער, האָט באַמערקט, אַז דעם באַלעבאָס אויגן האָבן אויפגעבליצט מיט אַזאַ פייערל, פּונקט ווי ביי אַ קאַץ, ווען זי דערזעט סמעטענע. ער האָט געפילט, אַז עס וועט גיין. ער איז דורכגעקומען און געבליבן אַרבעטן.

געטאָן האָט דאָס כיל־לייזער ניט כאַלילע דערפאַר וואָס ער איז בעטעווע געווען, ווי מען זאָגט עס, אַ סקעב, אָדער אַזוי אַ שוואַרץ יאָר. פאַרקערט, אין די ערשטע יאָרן אין פאַך, איז ער דאַווקע געווען אַ גוטער יוניע־מאַן. אַ־האַ, נאָך וואָס פאַר אַ יוניע־מאַן!... ווייל וואָלט ער דעמאָלס ניט אַזוי געטריי געווען, וואָלט ער נאָך איצט געווען געהאַט זיינע ביידע אויגן. ער וואָלט אפילו איצט אויך געבליבן אַזוי געטריי ווי פריער. נאָר וואָס דען; די יוניע אַליין איז שוין ניט געווען דאָס, וואָס זי איז געווען אַמאָל. עפּעס מאָדנע מענטשן זענען אַריין. זיך אָנגעזעצט אַפן באַלמעלאָכעס קאַרק, געלעבט פון אַרבעטערס בלוט, פעט געוואָרן און געהאַט אַלעמען אין דער ערד. אַט געדענקט כיל־לייזער, ווי ער איז אַמאָל אַרויפגעגאַנגען אין דער יוניע זיך באַקלאָגן, אַז דער באַלעבאָס, צו ווענען ער איז געהאַט אַרויפגעגאַנגען אַרבעטן, האָט אָנגעהויבן מאַכן מיט אים מאָנקי־ביזנעס; זיך גענומען דרייען אַהין און אַהער און אים ניט געוואָלט געבן קיין אַרבעט. נו, האָט אים דער יוניע־סעקרעטאַר דערויף געהאַט גאַנץ כוצפּעדיק געענטפערט:

— וואָס זשע?... נעמט מען זיך אַרונטער דאָס בערדל, מען שטעלט זיך אַריין אַ גלעזערן אויג און פּאַטער אַן אייסעק. און ביכלאַל רעב כיל־לייזער, — האָט ער, דער יוניע־סעקרעטאַר, מיט בויזיק אַ זאָג געטאָן צו אים, — צי וואָס דאַרפט איר זיך טאַקע אַרומשלעפּן מיט אַזאַ בעזים?...

— אַט דאָס איז אַ יוניע? — האָט כיל־לייזער גערעדט צו די באַלעמעלאָכעס אין מאַרקעט. — וואָס איז?... זענען מיר עס ערגעץ אין רוסלאַנד, אונטערן צאַר, צי עפּשער גאָר ביי מוסאָליניען, אָדער היטלערן?... פאַרן באַלעבאָס קריגן זיי די כאָלעריע, דער טייוול זאָל זיי נעמען!

דערביי האָט ער, כיל־לייזער, אַ שטילן, בענגלעכן זיפץ געטאָן:

— עך־עך־ע, און דערפאַר האָב איך עס אַוועקגעגעבן אַזויפיל בלוט דער יוניע?... פאַרלוירן אַן אויג פאַר איר?...

אַן אַנדערשמאָל וואָלט עפּשער כיל־לייזער געווען נאָכגעגעבן; אָפּגעגאָלט די באָרד און אפילו אַריינגעשטעלט אַ גלעזערן אויג אויך.

נאָר ווייל מען האָט אים געשטעלט אזא באַדינג, איז ער געווען אַן אַקשן:

— וואָס האָט עס צו זיין? — האָט ער געטיינעט. — זיי קאָנען מיר ניט זאָגן טו דאָס און טו דאָס.

ביל־לייזער איז געווען איינגעשפּאַרט. ער האָט ביכלאַל ניט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס דאָס האָט גאָר צו זיין. וואָס איז, — האָט ער זיך געפרעגט, — ער טוט דען ניט די אַרבעט ווי מען דאַרף, צי וואָס?...

ער האָט אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ:

„ניט אַנדערש, אַז דער סעקרעטאַר האָט שוין אַפּאַנים געקראָגן זיין ביילעק ביים באַלעבאָס און ס׳וועט אים, ביל־לייזערן, שוין גאָר־ניט העלפן, אַפילע אַן דער באָרד. שלאָגן זיך מיט פוסטע ווינט־מילן איז סיי ווי סיי ניט קיין טאַכלעס".

ביל־לייזער האָט דערפאַר אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַז אָפן ערשטען דזשאָב וואָס ער וועט נאָר קריגן, וועט ער בעדריי אַרונטערלאָזן אַ פינפערל פון דער סקעיל, קעדיי צו פאַרמאַכן דעם פיסק, פאַרשטאָפּן דעם טרייפענעם גאַרגל ביים באָס און „צעטלען" זיינע אייגענע ביזנעס, אַן דער יוניע.

געוואוסט האָט ער אַפילע, אַז דאָס איז אַן אַוולע. אַז ניט אַזוי דאַרף האַנדלען אַ יוניע־מאַן. אָבער ווען איז דאָס געוועדט געוואָרן, אַז די יוניע איז אַ יוניע ווי עס געהערט צו זיין. אָבער אַזוי...

געקרענקט האָט אים בלויז דאָס, וואָס ער פאַרלירט פון דער איינענער קעשענע אַ פינפערל יעדע וואָך. געלט, וואָס ער דאַרף אַזוי נייטיק האָבן. אָבער וואָס האָט ער זיך דען געקאָנט העלפן?...

אים איז די יוניע אַזוי פאַרמיעסט געוואָרן, אַז ער האָט אַפילע מער ניט געוואָלט גיין צו קיין מיטינגען. ער האָט בלויז פון צייט צו צייט צוגעשיקט זיינע דיוס מיט אימיצן פון די אַרבעטער אין פאַבריק און פאַרטיק. זאָלן זיי זיך ניט טשעפּען צו אים.

און טאָמער האָבן אים די באַלמעלאָכעס אַמאָל גערופן מיטצו־גיין צו אַ מיטינג, האָט ער אַ דריי געטאָן מיט די ליפּן:

— די יוניע איז מיר שוין אַריין אין די ביינער, אַזוי ווי אַ רעמאַטעס. זאָלן שוין אַנדערע גיין. איך וועל ניט אַהינגיין, סיידן...

מער האָט ער ניט גערעדט. ער האָט פּאַשעט מוירע געהאַט צו ברענגען פאַר זיינע ליפּן דעם געדאַנק, וואָס איז אים דורכן מויעך דורכגעלאָפן. מיט אַזעלכע רייד האָט ער זיך שוין אַמאָל גוט אָפּ־געבריט. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי מען האָט אים אַמאָל נאָך אַזעלכע רייד, געהאַט אַרויסגערופן אין אָפיס פון דער יוניע, אים דאָרט געלאָזט וויסן גאַנץ קלאָר, אַז אויב ער וועט נאָכאַמאָל דערמאָנען דעם נאָמען פון דער לינקער יוניע צווישן די באַלמעלאָכעס, מעג ער זיך איינגאַנצן און אָף שטענדיק געזעגענען מיט אַ דזשאָב.

ער האָט זיך דערפאַר פאַרכאַפּט און אַ זאָג געטאָן:

— סיידן זיי וועלן דאָרט מאַכן אַ סמעדרעש, אַז מען זאָל קאָנען

ארײנהאַקן עטליכע שײטלעך טולים בעאיים א מיטינג. אָבער אַזױ ארויפגיין, דאַרף מען צום ערשטן זיין געזונט און פריש און מעשוגע...

ביכלאַל האָט ער זיך געהיט פאַר די באַלמעלאָכעס פון שאַפּ און פאַר זיי קיין צוויי ווערטער ניט אויסגערעדט.

„וואָרים זיי זענען דעם באַלמעלאָכעס — האָט ער געטראַכט װעגן זיי — זיי פאַרמאָגן דען אַ ביסל אַרבעטער־שטאָלץ?... אַנדערש וואָלטן זיי דאָך זיך ניט געקלעפּט צו דער פּאַסקודסטווע, ווי אַ וואָרעם אין כריין, און געקושט די שטיוול ביי די יוניע־טשינאָווניקעס"...

ער איז געווען זיכער, אַז זיי אַלע אַרבעטן אונטער דער סקייל און נאָך עפּשער פאַר פיל נידעריקער ווי ער. עס האָט אים בלויז געקרענקט, וואָס אַזוי פלעגן זיי מיקלוימערשט שטענדיק האַלטן אין ריידן, אַז אַרבעטן אונטער דער סקעיל איז סקעבעריי.

ער איז דעריבער געגאַנגען זיין וועג און זיך געהיטן, אַז די אַנדערע באַלעמעלאָכעס זאָלן ניט וויסן פון אים. וואָרים זיי פאַר־שטייען דען, אַז ער איז דאָס געצוואונגען צו טאָן צוליב זיין אַלטקייט און בלינדקייט? — אין די פּרייטיקס פלעגט ער אָפּוואַרטן ביז אַלע זענען שוין פאַרטיק געוואָרן, אָפּגענומען זייערע סכירעס און אַוועק אַהיים. דעמאָלס ערשט איז ער אַריין אין אָפּיס, זיך דערביי אַרומגעקוקט, צי קיינער זעט אים ניט, און גענומען זיין קאָנווערטל מיט געלט. פאַמעלעך האָט ער עס דאָרט געעפנט, איבערגעציילט און — צוריקלייגנדיק אַ פינפערל אַפן טיש, לעבן באַלעבאָס — אַ הוסטעלע געטאָן, אַז די אָפּיס־מיידל זאָל הערן און — מיקלוימערשט אַפן קאָל — אַ זאָג געטאָן:

— אָט האָט איר, מיסטער האַנטשמיט, אייער פינפערל, וואָס איך האָב ביי אייך געליען אין אָנהייב וואָך. אַ גרויסן דאַנק אייך!

אָפט, נאָכן אַרויסגיין פון אָפּיס, האָט ער צו זיך, אינדערשטיל, אַ בורטשע געטאָן:

— אַז דערשטיקט זאָלסטו דאָרט ווערן פון מיין פּראַצע, פאַר מיין האָרעוואַניע!

יעדעסמאָל, נאָכן אַוועקגיין, האָט עס אים אַזוי פאַרדראָסן, אַזוי אָנגענומען ביים האַרצן, אַז ער האָט געפילט נאָר ווי צום וויינען. ער האָט געטראַכט:

„נו, ווי אַ יוניע פאַרטיידיקט דאָס אונזערע אינטערעסן... וואָרים די גרויסע פאַרדינסטן, וואָס מען האָט היינטיקע צייטן, משטיינס־געזאָגט. אַזעלכע אויסוואורפן!"...

אָבער וואָס האָט ער זיך געקאָנט העלפן, אַז ער איז פאַרט געווען אַליין. אַז די יוניע האָט אים פאַרט געהאַט אין דער ערד?... האָט ער טאַקע געבויגן דעם קאָפּ, געשוויגן און אינדערשטיל אונטערגע־מורמלט.

בלויז מיילמאָל, געוויינטלעך אין יענע פרייטיקס, וואָס זענען אויס־געקומען אַרום דעם ערשטן פון כוידעש, ווען ער האָט פון זיינע סכירעס געדאַרפט באַצאָלן דירע־געלט, האָט ער זיך אינגאַנצן צעקאָכט.

נאָך אינדערפרי, בעאַיִם ער איז געפאָרן אין סאַבוויי צו דער אַרבעט, האָט ער זיך גענומען ערגערן און סאָף קאָל סאָף אָפּגעמאַכט ביי זיך:

— היינט מעג זיך טאָן כווישעך. איך וועל מער קיין גראָשן ניט צוריקגעבן פון מיין פּראָצע. ער מעג מיך אַפילו פון דער אַרבעט אַוועקשיקן...

נאָכדעם איז ער אַ גאַנצן טאָג געשטאַנען לעבן זיין אַרבעט־טיש און געדאַנקען מיט כעשבוינעס זענען אים איינס נאָכן אַנדערן גע־קראָכן אין קאָפּ אַריין. ער האָט גערעכנט:

— זעכצן וואָכן אָפּגעאַרבעט היינטיקן סעזאָן — דאָס איז אַ קיימעלאָן פון אַזוי גרויס, ווי אַכציק דאָלאַר צוריקגעגעבן. פּאָראַיאָ־ריקער סעזאָן האָט אָנגעהאַלטן פיר און צוואַנציק וואָכן — איז אויך אַזוי גרויס ווי... ווי הונדערט מיט צוואַנציק דאָלאַר. איז שוין, הייסט עס, צוזאַמען, גאַנצע צוויי הונדערט דאָלאַר. נו, איצט דער פאַר צוויי־יאָריקער סעזאָן, האָט אויך אָנגעהאַלטן אַרום...

עס האָט אים אָנגעהויבן שווינדלען פאַר די אויגן און דרייען אין קאָפּ. ער האָט זיך צעטומלט מיטן רעכענונג און בעאַיין אויפן זיך ניט געקאָנט דערמאָנען, וויפל וואָכן עס איז געווען דער פאַר צוויי־יאָריקער סעזאָן און וויפל געלט ער האָט צוזאַמענגערעכנט. די ציפערן האָבן זיך געדרייט פאַר זיינע אויגן, גרויסע, פייערדיקע. ער האָט געוואָוסט איין זאַך, אַז ער האָט דעם באַלעבאָס אַוועקגעגעבן אַן אויצער מיט געלט. ער האָט געוואָוסט, אַז מיט דעם געלט, וואָלט ער איצט...

— אַז דערשטיקט זאָל ער ווערן! — האָט ער איבערגעשלאָגן זיינע אייגענע צעקראָכענע געדאַנקען. — אַז נאָר אויסקרענקען זאָל ער דאָס, דער אַנטיסעמיט!...

די איבעריקע אַרבעטער, אַז זיי האָבן דערהערט זיין מורמלעדיי, האָבן שפּאַסיק אַ פרעג געטאָן:

— איר דוכנט איצט, רעב כיל־לייזער?... פאַרוואָס זשע האָט איר אונז ניט געהייסן זיך פאַרשטעלן די אויגן מיט עפּעס?... נו, און אַף ווערמענס קעפּעלע, אַ שטייגער, אַ געזונט אַף אייך, שיקט איר דאָס אייערע בראָכעס?...

כיל־לייזער האָט זיך אַזוי ווי פון שלאָף אַ כאַפּ געטאָן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אין פאַרלעגנהייט און מיט אַ שטיל שמייכעלע אָפּ־געענטפערט:

— הע־הע־הע?!... ווערמען איך בענטש עס אַצינד?... איי ברוי־דערלעך, איר מעגט זיך אומגעזעענערהייט אונטערשרייבן דערויף. איך זאָג אייך, אַז דעם וואָס איך בענטש איצט, מעג אַף אים קומען כאָטש אַ העלפט פון מיינע בראָכעס...

— אָמיין, יעהיי שמיי רעבעצן! — האָבן כעוורע אָפּגעענטפערט מיט געלעכטער.

דער זייגער האָט זיך דערנענטערט צו פינף. געבליבן נאָך אַינ־גאַנצן אַ וואַסערע צען מינוטען צום אויפהערן. כיל־לייזערס געמיט איז מיטאַמאָל געוואָרן אַזוי שטיל, טרויעריק און פאַרוואָלקנט, פּונקט

ווי א טאָג אין זומער, בעאיים א בלענדנדיקער זון־שײַן, ווען דער הימל ווערט מיטאמאָל פאַרצויגן מיט נידעריקע וואָלקנס, וואָס שפּאַרן זיך צו דער ערד, און א ווילן אויסצוברעכן מיט א גרויסן רעגן. כיל־לייזער האָט געשוויגן. שפּעטער, אז ער האָט געזען אלע זענען שוין פאַרטיק, האָט ער ערשט גענומען צענויפלייגן זיינע קיילים, זיך ארומגעווישט דעם שווייס, אָפּגעאָטעמט און איז אוועק זיך ארומוואשן. ביי זיך האָט ער אָפּ זיכער געהאַט אָפּגעמאכט:

„היינט איז אויס. איך גיב ניט צוריק קיין גראָשן. איך וועל מער מיצווע האָבן, אז איך וועל עס פאַטערן אָפּ זיך; געמען א בעסערע דירע און...

ער האָט זיך געלאָזט גיין צו דער אָפּצאָמונג פון אָפּיס. מיטאַמאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט ביי דער טיר, מיד ארונטערגעלאָזט די אויגן־דעקלעך און געפּרוּווט פון עפּעס טראכטן. אָבער דאַווקע ווייל ער האָט געוואָלט טראכטן וועגן עפּעס אנדערש, איז אים אין די געדאַנקען געקראָכן, אז ניט קיין אָפּיס איז דאָס, וואוהין ער קלויבט זיך אריינצוגיין, נאָר אז דאָס איז עפּעס א געהענעם, אן אינקוויזיציע. ער האָט דערפילט אזוי מאָדנע, פּונקט ווי ער האָט געפילט דעמאָלט, בעאיים פּאָליציי האָט אים אמאָל געהאַט ארונטערגענומען פון א פּיקעט־ליין און אריינגעפירט אין פּאָלים־סטעישאָן. עפּעס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אז ער דאַרף גאָר אריינגיין צו א פּראָקוראָר, אָדער אין א גאַזלאָנים־קרעטשמע, וואו מען וועט אים באַפאַלן און צונעמען פון אים זיינע שווער־פאַרהאָרעוועטע געלטער.

„עס מוז דאָך אָבער פאָרט אמאָל נעמען א סאָף, — האָט ער געטראַכט, — ווי לאַנג איז דער שיער זיך צו לאָזן באַראַבעווען?"...

ער איז געווען פאַרטיק און אַפילע שוין גרייט געהאַט וואָס צו זאָגן און ווי אזוי צו רעדן. אָבער טאַקע עפּעס נאָר אזוי ווי דערפאַר, האָט אים, ווי אָפּ צו לעהאַכעס, א גריזשע געטאָן א געדאַנק?

„און וואָס, אויב ער וועט מיך אָפּזאָגן פון דער ארבעט?... אהיימשיקן?"...

פון גרויס צאַאר האָט ער אזש פאַרמאַכט די אויגן און געוואָלט פאַרטרייבן פון זיך דעם ביטערן געדאַנק. אָבער אָט האָט זיך פאַר אים א שטעל געטאָן א בילד, פּונקט אזוי ווי אין די מואוויס, וואָס ער האָט אנומלטן געזען. קלאָר, ראַשיק און מיט אימפּעט, האָט זיך באַוויזן פאַר אים א באַקאַנט בילד. אזא, וואָס ער האָט ערשט מיט עטלעכע וואָכן צוריק אליין איבערגעלעבט. ער האָט אלץ געזען מיט אזא פּינקטלעכקייט, אקוראַט ווי עס וואָלט זיך טאַקע דאָ, לעבן אים, איבערגעכאַזערט. ער האָט נאָכאַמאָל דערזען, ווי מען האָט עס אנומלטן ארויסגעשטעלט פון דער וואוינונג זיינס א שאָכן, א שניידער, דערפאַר, וואָס יענער — איבער דעם, וואָס ער האָט שוין איבער א יאָר צייט קיין נאָדל ניט געהאַט איינגעפעדימט — האָט ניט געהאַט קיין דירע־געלט צו באַצאָלן. עס האָט זיך אים, כיל־לייזערן, אויסגעדאַכט, אז ער זעט אַפילע נאָך איצט דעם אָנגעפּרעסענעם מאַפּסעוואַטן

שעריף מיט זיינע מאשכיסים, ווי זיי טראָגן ארונטער די אָרימע בעבע־
כעס אף דער גאַס און לאָזן זיי דאָרטן זיך וואַלגערן אף העפקער. ער
האָט אַזש אַ ציטער געטאָן:

— פונקט אַזוי קאָן דאָך מיט מיר אויך געשען, אויב...

פאַר אים איז קלאָר געווען, אַז ער טאָר אַזאַ זאַך ניט דערלאָזן.
די אַלטע זיינע וועט עס דאָך ניט איבערלעבן. און וואו וועלן זיי זיך
וואַלגערן אף דער עלטער?... וואָס וועט ער טאָן מיט דעם געז אין
מאָגן און מיט די קאָמפּרעסן?... ווי אַזוי וועט ער זיך ראַטעווען?...

— אָבער עס מוז דאָך פאָרט אַמאָל אַ סאָף נעמען. ער מוז דאָך
פאָרט אַמאָל בייטן די דירע. דער דאָקטאָר האָט דאָך אים שוין צום
ווייפלטן מאָל געזאָגט, אַהין אָדער אַהער; אָדער אויפגעבן די
אַרבעט, אָדער אַ בעסערע און לופטיקערע דירע. נו, און פאַר די
העכער צוואַנציק דאָלאַר, וואָס דער באַלעבאָס נעמט פון אים צו יעדן
כוידעש, וואָלט ער דאָך דאָס גאַנץ לייכט געקאָנט באַווייזן צו האָבן...

ער האָט זיך אָנגעשטרענגט און איז אריין אין אָפיס, גרייט זיך
אוועקצושטעלן אַנטקעגן דעם צוריקנעמען די פינף דאָלאַר. אַז ער
איז אָבער אריינגעקומען און דערזען מיסטער האַנטשמיט מיט זיין
ציגאַר לעבן שרייב־טיש; דערפילט אף זיך יענעמס שמייכל און דער־
הערט זיין כויזעקדיק־קאַלטבלוטיקן פאָרוואורף, פאַרוואָס ער האָט אים
אַזוי לאַנג געלאָזן וואַרטן, — האָט ער, כיל־לייזער, איילנדיק אַ נעם
געטאָן דאָס קאָנווערטל, אַפילע ניט איבערגעציילט דאָס געלט, נאָר
אינדערגיך, ווי שטענדיק, ארויסגעכאַפּט אַ פינפערל, דאָס אוועקגע־
לייגט אפן טיש, אינדערשטיל עפּעס אַ מורמל געטאָן און האַסטיק
— ווי פון פייער — ארויסגעלאָפן.

— אַן עמעסער אַנטיסעמיט. — האָט ער אַ ברום געטאָן אף דער
צווייטער זייט טיר, בעאַיים ער האָט זיך דערמאָנט, אַז איינער פון דער
בעוורע אין שאָפּ, האָט עס אַזוי טרעפלעך און געלונגען דעם באָס,
האַנטשמיטן, אַ נאָמען געגעבן. — טאַקע אַן עמעסער אַנטיסעמיט!...

כיל־לייזער איז אוועק מיט די טרעפּ, און ניט — ווי שטענדיק
— מיטן עלעוויטאָר. ער האָט זיך געפילט עפּעס אַזוי ווי ניט צו
יאָגן. ער האָט געוואָלט צעציען די צייט. געוואָלט עפּעס אַזוי זיצן
ערגעץ און טראַכטן, עפּשער וועט ער פאָרט אויסטראַכטן אַ וועג, ווי
אַזוי אָפּצוראַטעווען די העכער צוואַנציק דאָלאַר יעדן כוידעש, וואָס
דער אַנטיסעמיט נעמט ביי אים צו. ווייל וואָלט ער, כיל־לייזער, געווען
געהאַט דאָס געלט, וואָלט ער זיך דאָך פּאַשעט געקאָנט ראַטעווען.
ער האָט געוואָלט זיצן אַליין. וואוהין האָט ער זיך דען איצט געהאַט
צום יאָגן?... אַהיים?...

„משטיינס געזאָגט" — האָט ער אַ טראַכט געטאָן, — „זיינע פאַר־
געניגנס דאָרט ביי זיך אינדערהיים. סיי אין די פּאַשעטע אָוונטן,
נאָך דער אַרבעט, און סיי אין די זונטיקס, אָדער יאָמטויווים"... דעם
פאַרגעניגן וואָס מען קאָן שוין האָבן אין אַ דירע, ערגעץ אין וויליאַמס־
בורג, האַרט אונטער דער בריק, ביים סאַמע ברעג טייך. אין די

בייטאָגן איז דאָרט שווער און טומלדיק. דער טראַסק פון די אויטאָ־מאָבילן, טראַקס, און פון דער הויך־באַן, וואָס לויפן אויף דער בריק, זשומען אין קאָפּ — נאָר צעזעצט צו ווערן. היינט די לופט! — קוים זעצט ער זיך אַמאָל ביים אָפענעם פענצטער, וואָס גייט ארויס צום איסט־ריווער, איז מאַמעש ניט אויסצוהאַלטן. שלעפּט זיך מיטאַמאָל פאַרביי אַ באַרזשע, וואָס שעפּט אויס מיט גרויסע לעפל דעם בלאָטיק־פאַרלעגענעם אָפּפאַל פון טייך־גרונט. דער שמוץ — מיט אַ צוגע־לעגענעם רייעך פון פאַרפוילטע פיש און מענטשלעכער צויע — צע־טראָגט זיך איבערן הויז, אַז עס איז ניטאָ מיט וואָס צו אָטעמען. עס שטיקט אין האַלז און פאַרקאַפּט דעם אָטעם. סיידן עפּשער בלויז ביינאַכט, ווען מען דאַרף זיך אויסרוען. דעמאָלט איז אַזוי פריש און שיין. מאַסן שלעפּ־שיפלעך און באַרזשעס טראָגן זיך פאַרביי די פענצטער אין דער פינצטערניש, פינטלען פאַרביי די אויגן מיט קליינע, בלענדנדיקע פייערלעך פון זייערע קליינינקע פענצטערלעך, פונקט ווי די ווייטע שטערן אינם שוואַרצן הימל אינדערהויך. פון ערגעץ אינדערווייט צעהודעט זיך אַ שיף־סירענע אינם ביינאַכטיקן כאַלאַל. נאָכאַמאָל, העכער, שטאַרקער און זשומיקער קלינגט אָפּ דער געברום אין טויזנטער עכאָס. עס צעפּלאַצט שיער דעם מויעך פונם געברום. אָ, ווען מען זאָל כאָטש קאָנען קריגן אַביסל לופט!... אַבי־סעלע לופט!...

מיטאַמאָל צעפּעפּענט ביל־לייזער די אויגן און קוקט זיך ארום מיט שרעק. ער דערזעט, ווי ער זיצט ערגעץ אויף די טרעפּ פונם זייטיקן האָל ביים שאַפּ. דער קאָפּ איז מיד אָנגעשפּאַרט אויף דער אייזערנער פאַרענטשע פון די טרעפּ. אין מויעך האַקט. אין די אויגן שווינדלט. דער אָטעם צוקט. אָ, ווען מען זאָל כאָטש קאָנען קריגן אַביסעלע לופט, אַביסעלע לופט!...

ער האָט זיך האַסטיק געלאָזט לויפן אַרונטער פון די טרעפּ. אויף דער גאַס האָט ער גענומען אייננאָטעמען פולע לונגען מיט לופט. משטיינסגעזאָגט — האָט ער אַ ביטערן שמייכל געטאָן, — אַ לופט, וואָס איז דורכגענומען מיט אָטאָמאָביל־גאַז און רויך, דאַרף דאָס אים איצט ראַטעווען...

מיט געלאַסענע טריט האָט ער אוועקגעשפּאַנט צו דער סאָבוויי. ביז צו דער סטיישאָן איז געווען עטלעכע בלאָק. איז ער געגאַנגען פּאַמעלעך, געטראַכט און אונטערגעשמייכלט:

— נו, איז עס דען ניט טאַקע נאָר צום לאַכן? — פרעגט ביל־לייזער ביי זיך אין געדאַנק. — עס איז דאָך אַ מאָדנע וועלט; ווען ער זאָל אַ שטייגער וועלן אימיצן דערציילן, אַז מיסטער האַנטשמיט נעמט יעדע וואָך אַרונטער פון זיינע באַלמעלאָכעס ווידזשעס צו פינף דאָלאַר, וואָלט מען אים דאָך געווען אויסגעלאַכט. סטייטש, וואָלטן מענטשן געזאָגט, מיסטער האַנטשמיט?... אַ בעקאַוועדיקער איד?... ער איז דאָך עפּעס דער פרעזעס פון ביקער כולים, דער סעקרעטאַר פון לעבעם אַניאים און דער טרעזשורער פון דער האַכנאָסאָס־קאַלע. אַ איד

— א גרויסער באַלצדאָקע. עמעס. כיל־לייזער ווייסט אַפילע, אַז אויב ער אַליין, כיל־לייזער, הייסט עס, זאָל כאָלילע קראַנק ווערן, וואָלט ער, האַנטשמיט, געטומלט אַ וועלט. ער וואָלט געוועזן צענויפגע־נומען צווישן די באַלמעלאָכעס אין שאַפּ עטלעכע דאָלאַר און וואָלט דאָס אים געוועזן אַריבערגעשיקט.

— יאָ, באַלטויווס זענען זיי, — האָט כיל־לייזער ווייטער גע־מורמלט, — ווען אַ מענטש שטעקט שוין אַרויס די צונג, ווען ער האַלט שוין ביי גסיסע, די כאָלערע זאָל זיי נעמען! אַזוי ווילן זיי אָבער דערווייל נעמען וויפל מען קאָן און וויפל עס לאָזט זיך...

כיל־לייזער האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן פון זיינע טראַכטונגען און דערזען, אַז ער איז שוין באַלד צוגעקומען צו דער הונדערט און אַכציקסטער גאַס. שוין באַלד גערדאַרפט זיך קלויבן אַרונטערצוגיין. איבער זיין פּאָנים האָט זיך נאָכאַמאָל צעגאָסן אַ ליבלעך־האַנאָעדיקער שמייכל. ער האָט זיך דערמאָנט:

דער סאָף איז אָבער דאָך געקומען. אים, האַנטשמיטן, זענען וויניק געווען די פינפערלעך. ער האָט געוואָלט אַרונטערשיקן פון שאַפּ דריי אַרבעטער און איבערלאָזן בלויז די בעסערע, די גיכערע. און כאָטש ער, כיל־לייזער, איז געווען צווישן יענע, וואָס האָבן גערדאַרפט בלייבן אַרבעטן, האָט ער אָבער געזאָגט לוי מיט אַן אַלעף. איז ניטאָ קיין אַרבעט — זאָל ניט זיין פאַר קיינעם. עלע יאָ — זאָלן אַלע בלייבן אין שאַפּ ווי ביז אַהער. וואָס איז, — האָט ער געטיינעט, — איז אַזאַ ביטערע צייט וועט מען דערלויבן אַרונטער־צושיקן מענטשן, אַז זיי זאָלן אויסגיין פון הונגער?...

האָט זיך אָבער האַנטשמיט אויך איינגעשפּאַרט:

— ער דאַרף ניט מער און וועט מער ניט האַלטן.

ער האָט אַפילע געסטראַשעט, אַז ער וועט אינגאַנצן פאַרמאַכן דעם שאַפּ.

איז מען אַוועק אין דער יוניע זיך באַקלאָגן. און דאָרט — ווידער די איינענע מייסע: ניטאָ קיינער אינדערהיים. דער סעקרע־טאַר, עמעס, האָט זיי מיקלוימערשט גאַנץ פיין אויסגעהערט, אַרונטער־גענומען זיינע ברילן פון דער נאָז, אַרויפגעהויכט אַף די גלעזער מיט זיין אָטעם, גענומען זיי פּוצן מיט אַ פינף־דאָלאַרדיק פּאַפּירל און מיקלוימערשט דורכקוקנדיק דורך די גלעזער, האָט ער זיי, די אַרבעטער, דורכגעמאָסטן מיט זיינע בליקן:

— אַז מען קאָן זיך גאָרניט העלפן, ברידער, — האָט ער געזאָגט.

— ס'איז אַ ביטערע צייט.

ערשט דאָן, — שמייכלט כיל־לייזער, — האָבן די איבעריקע באַלמעלאָכעס דערזען, אַז עס איז אַ בעכינעמדיקע זאַך און ס'איז ניטאָ צו וועמען צו רעדן. כיל־לייזער האָט עס זיי טאָקע נאָך פריער געהאַט געזאָגט, אָבער זיי האָבן ניט געוואָלט גלויבן. איצט האָבן זיי זיך אַליין איבערגעצייגט. האָבן דערפאַר כעוורע אַליין, אָן דער יוניע, דערקלערט אַ סטרייק און זיך גענומען צום פּיקעטן, פּונקט אַזוי ווי

ביי די לינקע. יעדן טאָג אַ פּיקעט־ליין מיט אַלע קלאָפּערנעצייג...

איז דאָס ניט געפעלן ניט דעם אַנטשמיטן און ניט דעם יוניע־סעקרע־טאר. אויפן צווייטן טאָג האָט די יוניע, דאָס הייסט, דער סעקרעטאַר, געלאָזט וויסן, אַז דער סטרייק איז אומגעזעצלעך און געהייסן די וואָס דאַרפן, זאָלן צוריקגיין צו דער אַרבעט. די איבעריקע — האָט ער געזאָגט — זאָלן אַרויפקומען אין יוניע־אָפיס, וועט ער שוין זען וואָס ער קאָן טאָן פאַר זיי.

אָבער כעוורע האָט זיך שוין מער ניט געלאָזט בלאָפן. כיל־לייזער דערמאָנט זיך, ווי אַלע זענען געווען שטאָל און אייזן פאַרן סטרייק און אָנגעגאַנגען מיטן פּיקעטן. אויפן דריטן טאָג זענען אויף דער פּיקעט־ליין פון ערגעץ אָנגעפאַלן עטליכע ראָצכים. באַפאַלן די סטרייקער מיט שטעקנס און פלעשער און האָבן אים, כיל־לייזערן, צוזאַמען מיט נאָך אַ באַלמעלאָכע, אין שפּיטאָל אַוועקגעשיקט.

— אַ דאַנק גאָט, — האָט כיל־לייזער אַ מורמל געטאָן, — וואָס דאָסמאָל האָבן זיי דאָס צווייטע אויג ניט אַרויסגעזעצט. בלויז אָפּגע־קומען מיט זעקס נעט אין קאָפּ.

דערפאַר, אַז די באַלמעלאָכעס זענען צו אים אַרויפגעקומען אין שפּיטאָל מעוואַקער־כוילע זיין און געבראַכט בלומען מיט פרוכטן, האָט כיל־לייזער איינגעשטעלט און אַ זאָג געטאָן:

— נו, איצט זעט איר כאָטש, אַז די כעוורע זענען קענען אונז און מיט די באַלעבאַטים?... טאָ פאַרוואָס זאָלן מיר נאָך זיין אַזעלכע טיפּשים און זיך האַלטן ביי זיי? פאַרוואָס זאָלן מיר זיך ניט אַריבער־כאַפּן אין דער אינדוסטריעלער און...

ער, כיל־לייזער, האָט זיך ניט געריכט, אַז עס וועט אַזוי לייכט צוגיין. כעוורע האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ, זיך געזעגנט מיט אים און, אויף זייער וועג אַהיים, אַוועק וואוהין ער האָט געהייסן.

דער סטרייק, — האָט ער אין שפּיטאָל נאָך געהערט, — איז אַוועק אויף גאָר אַן אַנדער וועג; מיט מער אימפּעט און איינגעשפּאַרט־קייט. דערנאָך, בעאיים כיל־לייזער איז אַרויס פון שפּיטאָל, האָט זיך אָקוראַט אין יענעם טאָג דער סטרייק פאַרענדיקט. האַנטשמיט האָט אונטערגעשריבן אַ קאָנטראַקט מיט דער אינדוסטריעלער און מען האָט זיך אַוועקגעזעצט אַרבעטן.

ער דערמאָנט זיך, ווי ערשט לעצטן פרייטיק, בעאיים ער איז אַריין אין אָפיס, צום באָס, נאָך זיינע סכירעס, האָט ער ערשט צום ערשטן מאָל, גלייך ווי גאָרניט, אַ נעם געטאָן דאָס קאָנווערטל מיטן געלט, איבערגעציילט און עס גלייך אַריינגעלייגט אין קעשענע.

האַנטשמיט האָט אים צוריקגערופן:

— העי, מיסטער כיל־לייזער, — האָט ער אים נאָכגעשריגן, — איר האָט דאָך עפּעס פאַרגעסן!

ער, כיל־לייזער, האָט דעמאָלט, וואָס אין דער עמעסן, אינגאַנצן געהאַט פאַרגעסן וואָס יענער מיינט און זיך אומגעקוקט, צי ער האָט טאַקע גאָרניט פאַרגעסן אויפן דעסק. דער באַלעבאָס האָט דערביי עפּעס

אַזוי מאָדנע געשמייכלט:

— איר האָט דאָך מיר פֿאַרגעסן אָפּצוגעבן די פֿינף דאָלאַר. אַפּאַנים, אַז די עטלעכע קלעפּ, וואָס איר האָט אַריינגעכאַפּט, האָבן ביי אייך דעם זיכּאָרן צוגענומען, פֿאַרהאַקט דעם סייכל?...

כיל־לייזער האָט שטיפֿעריש אַ לאַך געטאָן:

— פֿאַרגעסן, זאָגט איר?... גייט שוין, גייט. פֿאַרקערט, מיסטער לעבן, פֿאַרקערט; די קלעפּ האָבן מיר גאָר דעם קאָפּ געעפֿנט און נאָך מער סייכל צוגעגעבן. סיי ווי, קיין געלט וועל איך מער ניט צוריקגעבן. איר ווייסט דאָך מיסטאָמע, אַז...

האַנטשמיט, געדענקט ער, איז דעמאָלט אינגאַנצן צעטומלט געוואָרן. ער איז אויפֿגעשפּרונגען פֿון זיין פּלאַץ און — ווי אַמאָל — אַ געשריי געטאָן:

— האָט איר דאָ מער ניט וואָס צו טאָן! גייט אייך פֿון דאַנען. איך דאַרף אייך ניט מער!

אַ צעטומלטער האָט האַנטשמיט אַ כאַפּ געטאָן, ווי זיין געוואוינ־הייט, דאָס טעלעפֿאָן־טרייבל און געוואָלט אָפּטעלעפֿאָנירן. ער האָט זיך אָבער, אַפּאַנים, גלייך געכאַפּט, אַז ער האָט שוין מער ניט צו טאָן מיט יענער יוניע, וואו אַלץ איז מעגלעך געווען. ער האָט מיט קאַאַס צוריק אויפֿגעהאַנגען דאָס טרייבל.

כיל־לייזער האָט זיגעריש אַ שמייכל געטאָן און זיך געלאָזט צו דער טיר. די סאָבוויי האָט זיך אָפּגעשטעלט. ער איז אַרויס אויף דער גאַס, אַ קוק געטאָן אויפֿן הימל און צופֿרידן געווען, וואָס עס איז אַזאַ שיינער טאָג און ער קאָן אַרומגיין זוכן אַ נייע דירע.

„איצט", — האָט כיל־לייזער געטראַכט, — „וועל איך קאָנען קומען צוריק צו זיך. אָנהויבן אַ גאַנץ ניי לעבן. וועל האָבן אַ דירע ווי איך דאַרף און וועל זיך שוין מער ניט שעמען צו קוקן אַ מענטשן אין די אויגן אַריין. כ'וועל זיך שוין ניט פֿילן ווי אַ סקעב"...

ער האָט אַ שמייכל געטאָן.

ער האָט געשטעלט ברייטערע טריט און גענומען קוקן אויף די פֿרישע, לופֿטיקע הייזער.

# דער „טשאַרט“



(צו דעם אָנדענק פון די געפאַלענע כאַווײַרים אין דעטרויט און שיקאַגאָ, אין 1932.)

---

אויפן ערשטן בלעטל פונעם שפּיטאָל־טשאַרט האָט זיך געשריבן:

„פּיטער העריק, 25 יאָר, פאַרוואונדעט פון אַ רעוואָלווער־קויל אין האַלז, לעבן שלונג־קאַנאַל; קאָנטוזיעס אויפן שאַרבן און קערפּער; מוז גלײַך אָפּערירט ווערן. — דער צושטאַנד — קריטיש.“

דאָס איז געווען נאָך איידער מען האָט דעם פּאַציענט אַרײַנגעבראַכט אין דער פּאַלאַטע. די קראַנקע — כאָטש זיי האָבן דעם טשאַרט ניט געזען — האָבן זיי דאָך געוואוסט, אַז אַזאַ פּאַציענט, אַ געשאָסענער, איז איצט „אויבן“ און מען דאַרף אים באַלד אַרונטערברענגען.

אַ גאַנצן נאָכמיטאָג זענען זיי דעריבער געווען שטיל, געהאַלטן זיך אין איין איבערקוקן מיט נײַגעריגקייט; געוואַרט, אַז מען זאָל אַרונטערברענגען פון „אויבן“ דעם נײַעם פּאַציענט, פאַר וועמען די צוויי יונגע לערן־נויִרסעס שטייען און „מאַכן צורעכט“ אַ בעט.

אין פּאַלאַטע איז געווען אַן אָנגעצויגנקייט. אַזאַ — ווי טאָמיד — ווען מען ריכט זיך אויף אַ געפערלעך־אָפּערירטן, וואָס דאַרף „אַרונטערקומען“ פון „אויבן“, אָדער ווען מען דאַרף שוין אימיצן אינגאַנצן אַרויספירן פון פּאַלאַטע. קיינער האָט מיט קיין הוסט אָדער מיט קיין שאָרך ניט געוואַגט איבערצורײַסן די שווערע שטילקייט, וואָס איז אַזוי דריקנדיק געהאַנגען איבער אַלעמען. די אויגן בײַ יעדן — צום בעטל, אויף וועלכן מען וועט „אים“ באַלד לייגן, און צו דער עלעוויטאָר־טיר, דורך וועלכער „ער“ וועט באַלד „אַרונטערקומען“.

די עלעווייטאַר־טיר האָט זיך אַ גליטש געטאָן און עס האָט זיך דערהערט אַ פּישטשענדיק סקריפּען פון רעדלעך. אַ מאַן אין ווייסן האָט אַריינגעשטופּט אַ פּאַר־בעטל, אויף וועלכן עס איז געלעגן אַ קער־פּער איינגעהילט אין ליילעכער און קאָלדרעס, קימאַט איבערגעדעקט איבערן קאָפּ. דאָס בלאַסע און וואַקסענע פּנים, וואָס האָט זיך אַרויס־געזען, האָט אויסגעקוקט שטייף און רואיק — קימאַט ווי טויט. בלויז די נעל־גרינע שיטערקייט וואָס האָט זיך פון זיין מויל געגאָסן אין אַ ווייסער קיילע אַריין, האָט אָנגעדייט אַז ער לעבט נאָך.

דער מאַן האָט צוגעפירט דאָס פּאַר־בעטל צום צוגעגרייטן בעט, צוגערופן צוויי נוירסעס און — צוזאַמען מיט זיי — האָט ער אַ נעם געטאָן דעם קערפּער און אים פלינק אַריבערגעוואָרפן אין אָפענעם בעט אַריין.

נאָך זיין אַרויסגיין איז אין פּאַלאַטע ווידער שטיל געוואָרן. אַלע האָבן זיך שאַרף אַ ריס געטאָן צום בעט. די קראַנקע וואָס האָבן זיך געקאָנט באַוועגן, האָבן זיך אויפגעזעצט און מיט שטומען נייגיר געקוקט צום אַריינגעבראַכטן פּאַציענט, דערוואַרטנדיק, אַז יענער זאָל קומען צו זיך.

אויפן טשאַרט האָט מען דערווייל צוגעשריבן נאָך אַ שורע:

„אָפּעראַציע — דורכגעפירט. צושטאַנד — ווי געווען. מוז האָבן אויפּפּאַסונג".

שווערע און לאַנגע מינוטן זענען פאַרביי אין דערוואַרטונג. די מינוטן — שטילע — האָבן זיך געצויגן, אַז עס האָט אויסגעוויזן, זיי וועלן זיך קיינמאָל ניט ענדיקן. עס האָט זיך דערהערט אַ שטילער, כאָרכלענדיקער קרעכץ און עטלעכע אומקלאָרע ווערטער, וואָס דער קראַנקער האָט אונטערן נאָז געברומט.

ביסלעכווייז זענען די ווערטער געוואָרן קלאָרער און דייטלעכער. עס האָט זיך געהערט אַ ציטערדיק געבעט:

— ניט... ניטע... שיס ניט... איך... איך בין ניט... איך...

אַ טיפער כאָרכל האָט איבערגעהאַקט זיינע רייד.

די קראַנקע האָבן זיך איבערגעקוקט דערשראָקן, איבערדערציילט די אויפגעכאַפּטע ווערטער צו די, וואָס האָבן ניט דערהערט.

דער קראַנקער האָט ווידער אָנגעהויבן מורמלען:

— טייוול!... שיס ניט!... — האָט זיין שטימע פאַרדומפּן גע־דראָעט, — שיס ניט!...

ער איז ווידער שטיל געבליבן. באַלד האָט ער זיך צעוויינט און אָנגעהויבן בעטן:

— פאַרוואָס האָסטו געשאָסן?... פאַרוואָס האָסטו עס געטאָן? — האָט ער געכליפּעט, — פאַרוואָס האָסטו דער'הרג'עט?... איך בין דאָך ניט... איך בין דאָך...

די קראַנקע האָבן מיט שטוינונג געקוקט איינער אויפן צווייטן און צווישן זיך געפּרואווט טרעפן ווער דער פּאַציענט איז און פאַרוואָס

מען האָט אים געשאָסן. מיטאַמאָל האָט זיך פון דער זייטיקער טיר אַריינגערוקט אַ דיקער פּאָליסמאַן, עפּעס אַ מורמל געטאָן צו דער נוירס און אָן צערעמאָניעס זיך אַוועקגעזעצט לעבן דעם פּאַציענטס בעט.

דערזען דעם פּאָליסמאַן, איז פאַר די קראַנקע קלאָר געוואָרן איין זאַך; אַז דער פּאַציענט איז אַרעסטירט פאַר עפּעס אַ פאַרברעכן. און דאָס האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט זייער נייגיר.

פונם קראַנקנס אומפאַרשטענדלעכע ברומען האָבן זיי גאָרניט געקאָנט פאַרשטיין. ער איז אַלץ געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן און געוויינט, געבעטן:

— שלאָג כאָטש ניט!... שלאָג ניט!... איך ליג דאָך אויף דער ערד!...

און אין אַ ווײַל אַרום האָט ער, קריצנדיק מיט די ציין, געשטור־רעמט:

— הונט איינער, שלאָגסט?... ביסט אַ העלד ווען איך ליג אונ־טער דיינע פיס?... וויניג וואָס די האָסט געשאָסן, הונט איינער, שלאָגסטו נאָך אויך?... דאָס וועט מען דיר ניט שענקען! ניין!... עס וועט דיר ניט...

ער האָט זיך אַ הויב געטאָן און געוואָלט ווייטער רעדן. אָבער מיטאַמאָל איז ער בלוי געוואָרן, זיך אָנגעבלאָזן און פון זיין מויל האָט זיך אַ גאָס געטאָן אַ שטראָם מיט געל־גרינער פליסיגקייט. די נוירס, וואָס האָט פונקט גענומען זיין פולס, האָט פלינק אונטערגעשטעלט אַ שיסעלע אונטער זיין צעקרומטן און צעוויטיקטן מויל.

די נוירס האָט ברויגעזלעך און כיינעוודיק אים גענומען אויסרעדן, ווי מען רעדט אויס אַ קליין קינד:

— מיסטער העריק, טוט עס ניט, — האָט זי זיך געבעטן ביי אים, — ליגט רואיק, וועט זיין בעסער פאַר אייך.

ער האָט געפּרואווט אויסדרייען דעם קאָפּ און געוואָלט אַ קוק טאָן אויף איר. געוואָלט, ווייזט אויס, זען, ווער עס רעדט אַזוי ליב־לעך צו אים. ער האָט אָבער זיך ניט געקאָנט רירן. ער האָט ברייט צעעפענט זיין מויל און געוואָלט איינזופּן אין זיך עטוואָס פרישע לופט. ער איז אָבער געבליבן ליגן און זיך באַגאָסן מיט אַ קאַלטן שוויים.

די נוירס איז געשטאַנען, געווישט דעם שוויים פון זיין שטערן און געבעטן:

— זייט דאָך רואיק, מיסטער העריק, זייט דאָך רואיק...

ער האָט ניט געהערט און ניט פאַרשטאַנען אירע ווערטער. ער איז געלעגן מיט האַלב־אָפענע אויגן, געקוקט אין אַן אומבאַשטימטן פונקט און געמורמלט:

— לופט, גיט מיר לופט... איך ווער דערשטיקט... גיט מיר וואַסער, וואַסער...

— ניט איצט, מיסטער העריק. עטוואָס שפּעטער. ליגט רואיק.

ער האָט אומצופרידן געקנייטשט מיטן פּנים, געוואָלט עפּעס זאָגן און ניט געקאָנט עפענען דאָס מויל. ער האָט זיך מיטאַמאָל דערפילט אַזוי שווער און מיד, אַקוראַט ווי מען וואָלט אויף אים אַ וואָרף געטאָן אַ מאַסע שווערע קאָלדרעס, וואָס האָבן אים צוגע־דריקט און איינגעדעקט. ער האָט אָנגעהויבן שווער און געדיכט צו אָטעמען, געכאָרכלט אַ ווייל און געבליבן ליגן אין אַ שווערן שלאָף.

---

די נוירס האָט צום טשאַרט צוגעשריבן נאָך אַ שורע:

„דער פּאַציענט איז אומרואיק געשלאָפן נאָך דער אָפּעראַציע, מורמלענדיק אומקלאָרע ווערטער אין זיין שלאָף".

ווען פּיט האָט זיך אויפגעכאַפּט נאָכן שלאָף, האָט ער זיך דער־פילט עטוואָס באַקוועמער, כאָטש ער האָט זיך אַלץ נאָך ניט געקאָנט רירן פון אָרט. אונטערן קאָפּ האָט ער שוין געהאַט אַ קישעלע. אין מויל, אָבער, האָט אים נאָך די ביטערקייט געשטיקט און ער האָט גע־נומען בעטן:

— וואַסער... איך בעט אייך, וואַסער... גיט מיר וואַ־אַ־אַ־סער...

אָבער אַנשטאָט דער נוירס האָט ער גאָר דערזען דעם גראָבן, פאַר־שלאָפענעם פּאָליסמאַן, וואָס איז ווי פון אונטער דער ערד אויסגע־וואַקסן און ביי אים געפרעגט:

— וואָס איז, באַדי, האָסט עפּעס געוואָלט?...

פּיט האָט געקוקט אויף אים און זיך געכידעשט. דערנאָך האָט ער זיך מיט עקל אַ קרום געטאָן און ניט געענטפערט.

דער פּאָליסמאַן האָט געהויבן מיט די אַקסל, מעכאַניש גע־שמייכלט און אָנגעדריקט אַן עלעקטריש קנעפּל, וואָס איז געווען ביים בעט. באַלד איז צוגעקומען אַ נוירס און צערטלעך אַ פרעג געטאָן:

— איר פאַרלאַנגט עטוואָס, מיסטער העריס?...

פּיט האָט אויסגעגלאָצט די אויגן און איבערגעכאַזערט זיין געבעט.

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף איר האַנט־זייגערל, זיך געאײַשעוועט אַ ווייל און געבראַכט אַ גלאָז וואַסער. זי האָט ביי אים פאָרזיכטיק אויפגעהויבן דעם שווערן קאָפּ, געבענדיק אים אַ מעגלעכקייט צו זופּן דורכן גלעזערנעם טרייבל.

פּיט האָט זיך אַ צי געטאָן צום וואַסער, גענומען שלינגען מיט ליידנשאַפטלעכן דורשט, גיך און אַ סאַך. זי האָט אים אָבער מער ווי עטלעכע זופּ ניט דערלאָזט נעמען און אַוועקגענומען דאָס גלאָז פון אים. ער האָט אומבאַהאָלפן געשמייכלט און צעוויייטיקט געשאָקלט מיט די פאַרטרוקנטע ליפּן.

נאָכן טרונק האָט פּיט זיך דערפילט עטוואָס בעסער. ער האָט ברייט צעעפנט זיינע שווערע אויגן, געקוקט פאַראויס און מיט שטוינונג געפרעגט:

— וואו בין איך?... וואָס טו איך דאָ?...

קיינער האָט ניט געענטפערט. די קראַנקע האָבן זיך ניט געקאָנט

באַשליסן צי זיי זאָלן אים זאָגן צי ניט. דער פּאָליסמאַן האָט געטראַכט אַ ווייל, זיך אויפגעהויבן פון זיין בענקל, אַריבערגעקוקט איבער פּיטס קאָפּ און געלאַכט מיט אַ מאַמזעריש־שטעכיק געלעכטערל:

— אָבער ווען ביסט אַהינגעגאַנגען — האָסטו יאָ געוואוסט וואוהין דו גייסט, האַ?... נו, אויב אַזוי דאַרפסטו איצט וויסן, אַז ביסט אין שפּיטאָל און אַרעסטירט.

פּיט האָט געקוקט אויף אים, געוואָלט אַ לאַך טאָן און ניט געקאָנט. דעם פּאָליסמאַנ׳ס ווערטער האָבן אים געקלונגען ווי שפּאַס. עפּעס נאַר ווי איינער וואָלט זיך קינדיש מיט אים געררייצט. ער האָט בלויז ניט געקאָנט פאַרשטיין, צי וואָס האָט מען עס אים אַזאַ זאַך געזאָגט. באַלד האָט ער זיך אין עפּעס דערמאָנט, זיך אַ צאַפּל געטאָן, פאַרקוועטשט די הענט אין פויסטן און גענומען שרייען:

— אָ, דו ביסט עס דער וואָס האָט מיך געשאָסן, דו?...

דער פּאָליסמאַן האָט ציניש געלאַכט:

— אָ, זיי ניט קיין נאַר, איך בין דאָרט אינגאַנצן ניט געווען, איך בין דאָ בלויז דיך צו היטן, דאָס אַלץ. אָבער דו דאַרפסט ליגן שטיל, דאַרפסט געזונט ווערן, אַז מען זאָל דיך קאָנען נעמען אין קאָורט און באַשטראָפן. זיי זשע רואיק און ווער גיך געזונט...

פּיט האָט פאַרביסן די ליפּ און געשוויגן. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און געזוכט זיך צו דערמאָנען, וואָס מיט אים איז אַזעלכעס פאַרגעקומען און פאַרוואָס איז ער דאָ. דער פּאָליסמאַן מיט זיינע רייד האָבן אים געגעבן עפּעס אַן אָנדייט, האָבן אים אין עפּעס דערמאָנט, אין עפּעס אומקלאָרעס, וואָס ער האָט אַלץ ניט געקאָנט אָנכאַפּן.

עס איז געוואָרן שפּעט. דער אָוונט האָט פאַרשפּרייט זיינע גרויע לאַפּעס איבער דער מאָנאָטאָנער פּאַלאַטע. די אָנגעצונדענע לאָמפּן מיט זייערע אַרונטערהענגנדיקע שוואַרצע שיינען האָבן אויסגעזען ווי איבערגעקערטע לעוואָנעס און נאָך שווערער געמאַכט די גרויקייט. די קראַנקע זענען געלעגן מיט זייערע מידע אויגן. געוואַרט אַז אויך די שוואַכע ליכט זאָל אויסגעלאָשן ווערן, און זיי זאָלן קאָנען רואיק שלאָפן.

פּיט איז געלעגן אַ מידער. דער קאָפּ האָט אים געהאַקט ווי מיט שווערע האַמערס. אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דער קאָפּ, די ליפּן, די אויגן־לעדלעך און די אויערן־לעפּלעך, ווערן ביי אים אָנגעבלאָזן אַזוי גרויס און גראָב, אַז אָט־אָט און זיי וועלן פּלאַצן. דער אָטעם זיינער איז געוואָרן קורצער און אָפּגעהאַקטער, אַזוי ווי ער וואָלט זיך נאָר־וואָס אַף אַ הויכן באַרג אַרויפגעהויבן. אין האַלז האָט אים געשטיקט און געוואָרגן. פאַר די האַלב־פאַרמאַכטע אויגן האָבן זיך אָנגעהויבן דרייען מאַסן רינגען פון אַלערליי קאָלירן און פון פאַרשידענער גרויס. די רינגען האָבן זיך געהאַלטן אין איין שפּאַלטן אַף נאָך אַ סאַך גרויסע און קליינע טיילן, וואָס האָבן זיך יעדע באַזונדער געהויבן אַרויף און אַראָפּ, ביז זיי זענען פאַרשוואונדן ערגעץ אין

אַן אומענדלעכער טיפעניש.

מיט האָט זיך געוואָרפן מיטן גאַנצן קערפּער, זיך געדרייט אַפן בעט און מיט די הענט געזוכט אַ זאַך אין וואָס זיך אָנצוכאַפּן. אים האָט זיך אַלץ אויסגעוויזן, אַז ער פאַלט צוזאַמען מיט די רינגען אין טיפן אָפּגרונט. ער האָט זיך געוואָלט ראַטעווען און ניט געקאָנט. ער האָט אַ קויכעס געשריגן:

— ניט איך... ניט איך... ראַטעוועט... איך בין אומשולדיק, אום...

פאַר זיינע אויגן האָט זיך געצויגן אַ קיילעכדיקע לאַנגע פינצטער־ניש. ער האָט געקוקט אין איר, ווי אין אַ קיילעכדיקער רער, וואָס ווערט וואָס ווייטער אַלץ שמעלער און שוואַרצער. ער האָט געזוכט זיך צו דערמאָנען וואָס ס׳איז געשען. פאַרשידענע געדאַנקען און בילדער האָבן זיך אַן סיידער געדרייט און געפּלאָנטערט פאַר זיינע אויגן אָן אַן אָנהויב און אָן אַ סאָף. די געדאַנקען זיינע — פאַרנעפּלטע — ניט אָנצוכאַפּן דעם אָנהויב, זיינען פאַרלאָרן געוואָרן נאָך גיכער ווי ער האָט זיי געכאַפּט. עפּעס האָבן זיי זיך געדרייט און געצויגן, געדרייט און געצויגן.

אָט האָט זיך אין קאָפּ געדרייט אַ דעמאָנסטראַציע, מיט מענטשן, מיט מאַסן פּלאַקאַטן, מיט אַ סך פּאָליציאַנטן, מיט שטעקנס און רעוואָלווערן... אָט האָבן זיך געטראָגן פערד אויף מענטשן, אויף פרויען, אויף קינדער... אָט האָבן זיך געטראָגן געשרייען און געבעטן... אָט דרייען זיך נאָך איצט אַזויפיל פּלאַקאַטן פאַר די אויגן מיט אַזויפיל אויפרופן און לאָזונגען... אָט ווערן די אויערן אַזש פאַרטויבט פון די געשרייען...

אָבער ווי אַזוי קומט ער גאָר אַהין, צו דער דעמאָנסטראַציע, אַז ער איז גאָר געווען אין פאַבריק־אַפּיס? דער מענעדזשער האָט דאָך גאָר צו אים אַזוי פיין און איידל גערעדט... ער וויל וויסן בלויז איין זאַך; — פיט זאָל אים זאָגן, ווער עס ליינט אריין אין די קעשענעס צו די אַרבעטער די קאָמוניסטישע אויפרופן און פּראָקלאַמאַציעס.

ווער עס ליינט אריין?... פיט שמייכלט; פון וואַנען זאָל ער עס וויסן? ער איז ניט קיין קאָמוניסט. ער אַליין האָט נאָך אַפילע אַזאַ פּאַפּירל ניט געזען.

דער מענעדזשער שמייכלט: ער ווייסט, זאָגט ער, אַז ניט פיט טוט עס. ער וויל אָבער בלויז איין זאַך; זאָל עס פיט אויסגעפינען. זאָל ער אים נאָר אָנווייזן. ער וועט אים שוין דערפאַר באַלוינען...

פיט ציטערט מיטן גאַנצן קערפּער, קאָן ניט איינליגן; ער וואַרפט זיך, קריצט מיט די ציין; וואָס הייסט אָנווייזן?... וואָס איז ער, אַ שפּיאָן?... אַ פּראָוואָקאַטאָר?...

דער מענעדזשער רעדט אַלץ פריינדלעך, הייסט אים צוריקגיין צו דער אַרבעט. און אין עטלעכע טעג אַרום הענגט אויף דער וואַנט פון פאַבריק אַ צעטל מיט נעמען, וואָס מען האָט אָפּגעזאָגט פון דער

אַרבעט. פאַרוואָס איז דאָרט זיין, פּיטס, נאָמען געווען, פאַרשטייט ער נאָך ביז איצט ניט.

אָבער ער וועט זיך דאָך ניט גיין בעטן. ער וועט בעסער אַרבעטן אויפן נייעם פּלאַץ, כאָטש עס שטיקט דאָ ווי דער טויט אַליין. ניטאָ קיין ווענטילאַציע און קיין טראָפּן לופט. אָט דאָ וואָלט מען טאַקע געדאַרפט אַזעלכע אויפרופן אין די קעשענעס אַריינלייגן. ווען אַלע זאָלן וויסן, ווען אַלע זאָלן אין סטרייק אַרויס, וואָלט מען שוין יאָ לופט געגעבן...

איז אָבער אויף דער פאַבריק, דאַכט זיך, ניטאָ קיין קאָמוניסט. ער אַליין, פּיט, ניט ער ווייסט ווי אַזוי און ניט ער האָט דעם נויטיקן קוראַזש. אַ שאָד וואָס ער איז ניט קיין קאָמוניסט... אַי, וואָלט מען שוין לופט געגעבן...

אָבער אין עטליכע טעג אַרום האָט מען שוין גאָרניט געדאַרפט. מען האָט אויפגעהאַנגען אַ צעטל, אַז די פאַבריק פאַרמאַכט זיך אויף אַן אומבאַשטימטער צייט. און אַז די אַרבעטער ווערן אָפּגעזאָגט.

איז פּיט איינער פון די טויזנטער, איינער פון די מיליאָנען, וואָס דרייען זיך אַרום אָן אַרבעט, אָן פאַרדינסט. ער האָט שוין ניט וואָס צום עסן. פון עפּעס אָנצוטאָן איז שוין גאָר קיין רייד ניטאָ. און שלאָפן? — אַ גליק וואָס אַ כאַוועד זיינער האָט אים מיטגענומען ערגעץ אין אַן אַלט הויז, וואָס מען האַלט אין צעוואָרפן, שלאָפט ער דאָרט איצט מיט אים צוזאַמען.

אָבער ס'איז דאָך אַזוי קאַלט... ער ציטערט דאָך אינגאַנצן... עס וואָרפט דאָך אַ צאָן אין אַ צאָן... פאַרוואָס איז אַזוי קאַלט?... און פאַרוואָס טוט דער קאָפּ עפּעס אַזוי וויי?... פאַרוואָס שטיקט אין האַלז?... דאַכט זיך גענוג לופט פאַראַן דאָ, וואו ער שלאָפט?... אָבער וואָס זאָל ער טאָן? זאָל ער אַרויסגיין און דערווערגן אימיצן?... אָדער זאָל ער זיך עפּשער גאָר אוועקשטעלן לעבן אַ סאָבוויי־אַריינגאַנג מיט אַן אויסגעצויגענער האַנט און...

ניין, ער וועט דאָך ניט גיין בעטלען. די קאָמוניסטן זענען גערעכט; מען דאַרף פאָדערן. מען דאַרף אַרויסגיין צו דעמאָנסטראַציעס און פאָדערן. פאָדערן מיט פויסטן און מאָנען מיט קויעך, דאָס, וואָס די רייכע האָבן דורך קאָשערער גנייווע צוגענומען.

אָבער פאַרוואָס זשע יאָגן די פּאָליסלייט די דעמאָנסטראַנטן אויניט די גאַנאָווים? פאַרוואָס טרייבן זיי און רייטן מיט די פערד אויף מענטשן אַרויף?... וואָס שלאָגט מען גאָר אים?... וואָס האָט מען צו אים?... ער איז דאָך אַפילו נאָענט ניט צוגעגאַנגען. ער איז דאָך געשטאַנען פון דערווייטנס און זיך איינגעהערט צו די רעדנער. פאַרוואָס זאָל ער ניט טאָרן הערן, ווען זיי רעדן אַזוי גוט און אַזוי גערעכט?... און די פּלאַקאַטן טאָר ער אויך ניט זען?... פאַרוואָס?... זיי זענען דאָך אַלץ אַזעלכע אויפריכטיקע און גערעכטע... מען וויל ברויט, מען וויל אַרבעט, מען וויל אַרבעטלאָזע פאַרזיכערונג... נו,

דאַרף מען דערפאַר שלאָגן און שיסן?... און דאָס קליינע מיידל, ווי גוט זי רעדט, אַ געזונט אין איר! זי האָט דאָס אַ פּיסקל. זי שיט דאָס פייער פון איר מויל... ווי האָט זי זיך דאָס אַזוי אויסגעלערנט?... און עפּשער האָט עס טאַקע די נויט, דער הונגער, איר אַזוי אויסגע־לערנט?...

— הער, הער נאָר ווי זי רעדט. — וואַרפט ער מיט די הענט. — אָט דאָס איז אַ ברען אַ מויד. — רעדט ער צו איינעם וואָס שטייט לעבן אים, — אַזאַ רעדן קאָן דעם גרעסטן געגנער פאַר אַ קאָמוניסט מאַכן. ניט אַזוי?...

אָבער פאַרוואָס איז יענער בייז?... פאַרוואָס פאַרקרומט ער דאָס מויל, קוקט מיט בייזע אויגן נאָר אים איינצושלינגען?... פאַרוואָס בייזערט ער זיך:

— אַ, צום טייוול מיט אייך, פאַרשאָלטענע קאָמוניסטן!

פּיט קוקט אויף אים און פּרואווט שפּאַסן:

— מיסטער, וואָס זענט איר אַזוי זויער? עפּעס ניט געזונט, צי וואָס?...

יענער ווערט נאָך בייזער און נעמט אַרויס פון אונטערן אַרבל אַ שטיק אייזן. פּיט קוקט אַף אים מיט שטאַרע אויגן און טראַכט:

— אַ שפּיאָן!...

ער וויל זיך אָפּרוקן פון אים. גלייכער ניט צו שטיין לעבן אַזאַ הונט. אָבער אָט הויבט זיך אָן אַ יאַגעריי, פּאָליסלייט, — זעט ער, — רייטן שוין מיט די פערד אַף די מענטשן, טרייבן און שלאָגן. פּיט לויפט. ער וויל זיך אַריינכאַפּן אין צענטער, ער וויל ראַטעווען אָט יענע מיידל מיטן פייערדיקן מויל, אַף וועלכער די פּאָליסלייט האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן. ער שרייט, לויפט צום צענטער און שטויסט מיט די הענט. אָבער פון וואַנען האָט זיך דאָס מיטאַמאָל גענומען אַזאַ שאַרפע ווייטיק צו אים אין האַלז?... וואָס איז דאָס פאַר אַ בלוט, וואָס האָט זיך מיטאַמאָל אַ גאָס געטאָן?... פאַרוואָס פאַלט ער אַזוי שווער צו דער ערד?...

ער צעעפּענט די אויגן מיט גוואַלד און דערזעט אַרום זיך אַ מאַסע פּאָליסלייט, וואָס רינגלען אים אַרום, עפּעס נאָר ווי ער וואָלט געווען אַ פאַרברעכער. איינער, — זעט ער, — שטייט איבער אים, ווי רייטנדיק, מיט די פיס אין ביידע זייטן, קעדיי ער זאָל זיך ניט קאָנען אויפהויבן. אַ צווייטער שטייט לעבן אים און פאַרמעסט זיך מיט אַ שטעקן אַף אים. דער שפּיאָן מיטן זויערן פּנים האַלט קעגן אים אַ וואָרעמען רעוואָלווער, וואָס רויכערט זיך נאָך, און ברומט מיט אַ פאַרקרומטן מויל:

— דערלאַנג אים נאָכאַמאָל, דעם מאַמזער, דעם קאָמוניסט!... דערלאַנג אים... זאָל ער, דער רויטער טייוול וויסן, ווי אַזוי מען שיסט אַ פּאָליסמאַן.

פּיט ציטערט אויף אינגאַנצן:

— ווי מען שיסט אַ פּאָליסמאַן ?... איך ?... ווי אַזוי ?... איך האָב דאָך אַפילו קיין שום געווער ניט געהאַט ?...

פּיט שמייכלט אומבאַקוועם. ער וויל זיך אויפהויבן, וויל דער־קלערן דעם טאָעס, וויל פּראָטעסטירן; וואָס הייסט דאָס גאָר, אַ בילבול אויף אים ?... פאַרוואָס ?...

„אָבער”, גיט ער אַ טראַכט, — „מען וועט עס סיי ווי ניט גלויבן, מען וועט דאָך”...

מער טראַכטן קאָן ער ניט. פּאָליציייאישע שטעקנס און אייזנס פאַלן אַף זיין קאָפּ און אַף די זייטן. ער פּראָוווט זיך פאַרשטעלן מיט די הענט, צו באַהאַלטן דעם קאָפּ... אָבער צו זענען דען די הענט ניט זיינע ?...

— פאַרוואָס שלאָגט איר ? — שרייט ער מיט די לעצטע כחות. — הינט, אַ מאַגייפע אַף אייך !... דערהאַרגעט בעסער... דערהאַרגעט שלאָגט ניט... עס וועט אייך ניט געשענקט ווערן, עס וועט אייך ניט...

מער רעדן קאָן ער ניט. אין האַלז שטיקט און וואָרגט, ווי איינער פון די הינט וואָלט אים מיט די הענט געשטיקט. דער קאָפּ און די ביינער שמאַרצן אַזוי שטאַרק... זאָל מען שוין אויפהערן שלאָגן... זאָל ווער זיך אריינמישן... זאָל אימיצער ראַטעווען...

עס איז שטיל געוואָרן. פּיט וואונדערט זיך, פון וואַנען האָט זיך מיטאַמאָל גענומען אַזאַ שטילקייט ?... ער פּרואוווט קוקן און זוכן, ער קאָן אָבער גאָרניט זען. וואָס זאָל דאָס זיין ?... ער קאָן דאָך די אויגן ניט עפענען... וואָס קומט דאָ פאָר ?... פאַרוואָס האָט ער קיין באָדן ניט אונטער זיך ?... וואוהין פאַלט ער דאָס ?...

פּיט האָט אַ צי געטאָן זיינע הענט, זיך געוואָלט אָנכאַפּן אין עפּעס, אָבער די הענט האָבן אָנגעכאַפּט בלויז שיטערע לופט. אַ שטראָם בלוט האָט מיטאַמאָל אַ פליי'ץ געטאָן פון האַלז און אים גענומען וואָרגן. ער האָט זיך אַ דריי געטאָן, זיך אויפגעהויבן און צוריק געבליבן ליגן שטיל און בלאַס.

עס זענען פאַרביי עטלעכע מינוטן. ער האָט דערפילט אויף זיין פּאָנים וואַרעמע מיידלעשע הענט, וואָס האָבן עפּעס געטאָן. אים האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס איז די מיידל, וואָס האָט ביי דער דעמאָנסטראַציע אַזוי גוט גערעדט. ער פילט; זי שטייט לעבן אים, האַלט זיין האַנט און רעדט אומפאַרשטענדלעכע ווערטער, כאָטש ער הערט גאַנץ קלאָר:

— כאַווער פּיט, מירן אָנגיין מיט אונזער קאַמף !... מיר וועלן קיין קאָרבאָנעס ניט זשאַלעווען... אויך פאַר דיין בלוט וועלן מיר נעקאָמע נעמען... אויך פאַר דיין בלוט...

פּיט איז געלעגן און געשמייכלט. ער האָט נאָך געוואָלט עטוואָס צוהאַלטן דער מיידלס ליבלעכע, גלאַטע האַנט, וואָס האָט זיך אַזוי מיטאַמאָל אַרויסגעגליטשט פון זיינער. ער האָט עפּעס געוואָלט זאָגן. אויסרעדן זיך, דערציילן, אַז אים איז איצט אַזוי גוט, אַזוי גרינג. ער

האָט אָבער ניט געקאָנט. זיין צונג האָט זיך געפּלאָנטערט און זיך געקלעפּט צום גומען מיט עפּעס אַ קלעפּיקער סלונע.

עס איז שטיל געוואָרן. די קראַנקע זענען געשלאָפן. קיינער האָט ניט געהערט דאָס שווערע שטיקנדיקע כאָרכלען אין פּאַלאַטע; ניט באַמערקט ווי די נוירסעס זענען פאַרהאַוועטע מיט ווייסע ליילעכער אַרומגעלאָפן; ניט באַמערקט אַרויספירן דאָס פּאָר־בעטל און אויך ניט געזען, ווי מען האָט מיט ציטערדיקע בוכשטאַבן צוגעשריבן צום טשאַרט די לעצטע ווערטער.

---

אינדערפרי, האָבן די קראַנקע געזען דאָס ליידיקע בעט און פּאַר־שטאַנען. עס איז אָבער דאָך אַלץ געבליבן אַ סאָד פאַר זיי, ווער ער איז געווען און פאַרוואָס מען האָט אים געשאָסן. דער טשאַרט האָט דאָס ניט דערזאָגט.

---



# נאָכן פאַלן



א סאָוועטיש,
פאַנטאַסטיש
מייסעלע.

וואסילי פּוגאטשאָוו האָט זיך אומגעקוקט. א שמוציק שטיקל זון האָט אָפּגעשטעמפּלט פיר טונקעלע פּאַסן אָף דער גרויער וואַנט, אָפּגעשאָטנטע פון גראַטעס.

אין קאָפּ האָט אים מוירעדיק געקלאַפּט. ער האָט שטאַרק צעעפנט די מיט בלוט־אָנגעגאָסענע אויגן, און מיט א שוואַכער שטימע געמורמלט:

— וואו בין איך?... א טפּיסע?... יאָ, זעט אויס, א טפּיסע... ווי קום איך אַהער?... האָב איך זיך דען מיט עפּעס פאַרזינדיקט?... לאָמיך זיך נאָר דערמאָנען... שטיי־שטיי!... דאַכט זיך — געפאַלן... געפאַלן?... אָ־יאָ, איך דערמאָן זיך טאַקע; די כאַווײרים האָבן טאַקע געשריגן — געפאַלן. אָבער ווער האָט עס מיר אַזאַ שטאַרקן קלאַפּ געטאָן איבערן קאָפּ?... אָ, מיסטאָמע זיי, די טײוואָלים, ווען זיי האָבן מיך פאַרנומען. איך דערמאָן זיך טאַקע; מען האָט געשריגן: נעמט אים, ער איז דער געפערלעכסטער...

וואסילי האָט א שטאַרקן אָטעם געטאָן און ווידער אָנגעהויבן:

— אָבער ווי קום איך פאָרט אַהער?... ווען האָט מען מיך אַהער־געבראַכט?... עפּעס מאָדנע; מיין קאָפּ זאָגט זיך אָפּ פון געדענקען. זיי האָבן מיך געמוזט גאַנץ נישקאָשעדיק צעקלאַפּן, די בעסטיעס!... אַפילע מיך ניט אָפּגעמונטערט. מיך אַהערגענומען א פאַרכאַלעשטן און געלאָזט אליין ווי א הונט. אָבער... ווי איז דאָס מעגלעך?... דאַכט זיך, אַז די סאָוועטן־מאַכט איז געווען אַזוי פעסט, פּונקט ווי

יעדער אייזערנער באַלקן, וואָס איך האָב געלייגט אויף דער נייער געבײַדע פון דער גרויסער עלעקטרישער סטאַנציע, וואו איך האָב געהאַט געאַרבעט...

פון א זייטיקער וואַנט האָט ער מיטאמאָל דערהערט א שווער און געהיים איבערקלאַפּן. ער האָט אויפגעלויכטן:

— אָ, איצט וועל איך זיך מיסטאמע קאָנען דערוויסן, וואָס און ווי אזוי אַלץ איז געשען.

ער האָט צוגעלייגט זיין אויער צו דער וואַנט, זיך איינגעהערט, און זיך געפּלייסט אויפצוכאַפּן די צייכנס, וואָס ער האָט געהערט פון דאָרט.

זיין שמייכל האָט זיך אָבער גלייך אָפּגעטאָן פון אים. א גרי־מאַסע פון אנטוישונג האָט זיך איבער זיין בלאַסן פּאָנים צעוויקלט:

— עפּעס גאָר מאָדנע צייכנס. — האָט ער צווישן די ציין געברומט. — גאַנץ אנדערע ווי אמאָל. הייסט עס, אז קיינער ווייסט ניט וואו איך בין און וואָס איך טו?...

א מעטאַלענער קלאַנג פון שליסלען האָט זיך מיטאמאָל דערהערט פון יענער זייט קאָרידאָר. די טיר האָט זיך האַסטיק אויפגעשלאָסן און א סקריפּ געטאָן. וואסילי האָט ברייטער צעעפנט די אויגן און מיד זיך אַרונטערגעלאָזט אויפן בעטל. אין געדאַנק איז אים דורכ־געלאָפן:

„אָ, איצט וועלן זיך אָנהויבן פּייניקונגען... אָבער רעדן? — ניין. ניט ביי וואסילין! זאָלן זיי פּייניקן. איך וועל קיין וואָרט ניט רעדן. שוין גענוג פאַרהאַרטעוועט געוואָרן אין זייערע טפיסעס א מאָל. איך געדענק נאָך גוט דעם טאַאָם פון פאַר דער רעוואָלוציע”...

ער האָט זיך דערמאָנט, ווי אמאָל, שוין לאַנג איז דאָס געווען. האָט מען אים, נאָכן אַרעסטירן פאַר פאַנאַנדערטיילן פּראָקלאַמאַציעס צווישן סאָלדאַטן, — מיט פייערדיק־פּייכטע ריטער דאָס לייב געפּאַ־סעוועט. זיי האָבן נאָר געוואָלט איינס, אז ער זאָל זאָגן ווער עס האָט אים די פּראָקלאַמאַציעס געגעבן און וואו מען האָט זיי געדרוקט. ער אָבער האָט געשוויגן. נאָך יעדן שמיץ האָט ער שטייפער פאַרביסן די ליפּן צווישן די ציין און קיין וואָרט ניט אויסגערעדט...

אויף דער שוועל פון טיר האָט וואסילי דערזען א געפּאַשעט־פּעטען אָפיציר, אין דער באַגלייטונג פון צוויי סאָלדאַטן. אַלע זענען זיי געווען אָנגעטאָן אין זשאַנדאַרם־קליידער און האָבן מיט שפּאָטישע בליקן געקוקט אויף אים:

— און אָט איז אונזער גאַסט! — האָט ער דערהערט דעם אָפיצירס קאָלטן, געלאַסענעם טאָן און געזען ווי יענער האָט אָנגע־וויזן אויף אים. — לאַנג געוואַרט אויף אים, אָבער אים פאַרט אין אונ־זערע הענט אריינגעקראָגן. איצט וועלן מיר זיך א נעם טאָן צו אים, אז ער...

וואסילי האָט מיט אויסגעשטאַרטע אויגן זיך איינגעגעסן אין אָפיציר. אין מויעך ביי אים האָט זיך עפּעס געפּלאָנטערט:

„עפּעס גאָר אַ באַקאַנטער פּנים. — איז אים דורכן געדאַנק דורכגעלאָפן. — וואו האָב איך אים געזען?... דאַכט זיך, אַז דאָס איז גאָר דער אינזשיניר פון דער עלעקטרישער סטאַנציע, מילער, דער דייטש... יאָ, דאָס איז ער... אַזוי?... הייסט עס, אַז עס איז טאַקע עמעס. כ׳האָב אָבער אַלעמאָל געהאַט אַ כשאַד אויף אים. איצט איז מיר שוין אַלצדינג קלאָר; געקומען אַהער אַרבעטן ווי אַן אינזשיניר און דערביי זיך געגרייט אַרונטערצוואַרפן די סאָוויעטן...

— אַלזאָ, ווי איז דיין נאָמען? — האָט וואַסילי דערהערט דאָס געלאַסענע פרעגן.

ער האָט אים אפילו ניט אָנגעקוקט:

דו דאַרפסט מיך ניט פרעגן מיין נאָמען. דו ווייסט אים גאַנץ גוט. הער אינזשיניר. — האָט ער מיט ביטערקייט אַ שניט געטאָן צווישן די ציין.

דער אָפיציר, האָט ער געזען, איז בייז געוואָרן:

— איך בין ניט מער קיין אינזשיניר. איך בין איצט אַ זשאַנ־דאַרם־אָפיציר פון דער ווידער־אויפגעבויעטער רוסלאַנד; אַ — ווייס־גוואַר־דיי־ער... נו, ווי געפעלט דיר עפּעס מיין איצטיקער טיטול? — האָט ער זיך קאַלט גערייצט.

— אָ, דער טיטול פּאַסט דיר זייער גוט צו דיין מיעסן פּאַרצוף!

— האָט וואַסילי שוואַך אָפּגעענטפערט.

— ענטפער וואָס מען פרעגט דיך, קעלעוו איינער! — האָט זיך דער אָפיציר צעשריגן.

וואַסילי האָט געשוויגן.

— שווייגסט? — האָט דער אָפיציר ווידער גערעדט. — מיר וועלן דיך באַלד מאַכן צום רעדן. אַ־נו־קאַ, כעוורע, גיט זיך נאָר אַ נעם צו אים! — האָט ער זיך טרוקן אַ ווענד געטאָן צו די צוויי זשאַנדאַרן. — באַווייזט אים נאָר וואָס איר קאָנט!

די צוויי סאָלדאַטן, — האָט וואַסילי געזען, — האָבן אַרויס־געצויגן די שווערדן פון די שיידלעך. איינער איז צוגעטראָטן צו אים און פּאַמעלעך גענומען שניידן איבער זיין קאָפּ, אַזוי קאַלט און פּראַסט, פּונקט ווי ער וואָלט געשיילט קאַרטאָפל.

— נו, וועסט רעדן, צו ניט? — האָט דער אָפיציר ווידער אַ פרעג געטאָן. — היינט וועט עס שוין ניט גיין. מיר קאָנען אייך. מיר וועלן אייך אָפּצאָלן פאַר אונזערע בושעס, פאַר אונזערע פאַר־נומענע פאַרמעגנס און... פאַר אונזער זיין אין גאָלעס ביי אייך... יאָ, דו קאָנסט רעדן. איך ווייס עס. ניט אויף איין פאַרזאַמלונג דיך געהערט רעדן. כע־כע־כע, אַ קאָמיסאַר האָט זיך דיר פאַרוואָלט זיין?!...

וואַסילי האָט געקרעכצט פונם ווייטיק, וואָס דאָס שאַרפע מעסער האָט איבער זיין קאָפּ ווי געפידלט.

— ס׳טוט ווי? — האָט דער אָפיציר גיפטיק געשיפּעט. — איך קאָן זיך אָבער גאָרניט העלפן. אַזוי מוז איך. דו אָבער קאָנסט

זיך יאָ העלפן, כע־כע־כע, קאָנסט אַפילע אַפּעלירן צו דיין אַלוועלט־לעבן פּראָלעטאַריאַט, צו...

— וועל איך זיך טאַקע ווענדן! — האָט וואַסילי, ווי ניט מיט זיין קאָל געקרעכצט. — און זיי וועלן ניט שווייגן...

— כע־כע־כע, אַפּעליר זשע וואָס גיכער, איידער עס ווערט צו שפּעט! — האָט יענער אַלץ גיפטיק געלאַכט. — איך מוז דיר אָבער זאָגן, אַז עס וועט שוין סיי ווי סיי זיין בעכינעם. אַדויסגעוואָרפענע אַרבעט. פאַרשטייסט; ס'איז שוין צו שפּעט. ווייל, נאָכדעם ווי מיר האָבן פאַרניכטעט אייער צענטער, אָט דאָ, אין מאָסקווע, — האָבן מיר אויך אַ טעל געמאַכט פון אַלע באָלשעוויקעס איבער דער גאַנצער וועלט. מיר האָבן געוואוסט וואָס מיר דאַרפן טאָן. מיר האָבן געהאַט ווער עס זאָל אונז אַרויסהעלפן. יאָ־יאָ, ניט ווי איר, האָלעדריגעס!... כע־כע־כע, אַפילע פיל פון אייער אייגענעם קלאַס האָבן אונז געהאָלפן. און אַפילע אייערע אַזויגערופענע אַרבעטער־פירער. מיט זיי האָבן מיר עס גאָר פּאַשעט געמאַכט. מיר האָבן געוואוסט ווי אַזוי זיי צו קויפן. מיר האָבן זיי צו זיך אַף בעלער גערופן און מאַטאָנעס גע־שענקט. מיר האָבן צוגעזאָגט זיי פאַר גרויסע לייט צו מאַכן און זיי האָבן געגלויבט, די אידיאָטן!... איצט וועל איך דיר זאָגן אַ סאָד; איצט וועלן מיר זיך אַ נעם טאָן צו זיי און מיר וועלן זיי געבן פּולווער שמעקן, אַז...

וואַסילי האָט פאַרביסן די ליפּן ביז ווייטיק:

— מיר האָבן דאָס פאַראויסגעזען. מיר האָבן דאָס פאַראויס־געזאָגט. יאָ, מיר האָבן טאָמיד געוואָרנט קעגן יענע פאַלשע פאַר־פירער. אָ, וואָלטן זיי כאָטש איצט דאָ געשטאַנען און געהערט וואָס איר רעדט וועגן זיי, וואָלט דאָס געווען די גרעסטע נעקאָמע...

— נאַרעלע, עס וואָלט שוין גאָרניט ניט געהאָלפן. שוין צו שפּעט. די גאַנצע מאַכט איז איצט שוין ביי אונז אין די הענט. ס'איז פאַרפאַלן!... איאָ, ברודערל, האָסט זיך ניט געריכט אַף אַזאַ גיכן סאָף?... נו, האָט איר דען ניט געוואוסט, אַז אַזוי לאַנג ווי עס לעבט כאָטש נאָך אַן איינציק קאַפּיטאַליסטיש לאַנד, אַזוי לאַנג ווי מיר האָבן זיך געקאָנט אַריינדרייען אַף אַרבעט צו אייך, איז אייער גאַנצע עקזיסטענץ אין קאָן?... אָבער, לאָמיר וועגן דעם ניט רעדן. קאָנסט דאָך שוין סיי ווי ניט צוריקכאַפּן. לאָמיר דיר בעסער זאָגן, פאַר־וואָס איר האָט פאַרלוירן. פאַרשטייסט; ווייל איר זענט צו שטרענג געווען. ווייל איר האָט ניט געוואָלט פאַרקוקן קיין אוולע אַפילע ביי קיין אייגענעם. — האָט דער אָפיציר, אָנווייזנדיק מיט דער האַנט אַף זיך, אַ זאָג געטאָן. — פאַר דער קלענסטער קלייניקייט — געשאָסן. ניין, אַזוי אַרום, ברודערל, קויפט מען זיך ניט קיין פריינט!...

וואַסילי האָט געשטורעמט. ער איז מיטאַמאָל אויפגעשפּרונגען, פאַרקוועטשט די הענט אין פויסטן און מיט קאַאַס זיך אַ וואָרף געטאָן אָפן אָפיציר:

— שווייג, פאַררעטער! — האָט ער מיט די לעצטע שוואַכע

קויכעס אויסגעשריגן און דערבײ געפֿילט, ווי ער וואַלט געפֿאַלן עפּעס אין אַ טיפֿן אָפּגרונט.

די סאָלדאַטן האָבן אים אַ כאַפּ געטאָן, פֿעסט אים צוגעהאַלטן בײַ בײדע הענט און פֿיס, אַז ער האָט זיך ניט געקאָנט רירן, פּונקט ווי ער וואָלט געווען צוגעבונדן צום בעטל. ער האָט זיך אָבער געפּרואווט דרײען. דערזען האָט ער, ווי אימיצער האָט אים געבונדן די הענט, די פֿיס און דעם קאָפּ. אַ שנײדנדיקע ווײטיק איז אים דורכגעלאָפֿן דורכן גאַנצן קערפּער. אין די אויערן האָט אים גערוישט, ווי פֿון אַ שווערן פּויקן־געקלאַפּ. אין די אויגן האָט אים געשווינדלט. פֿײַערדיקע רינגען פֿון פֿאַרשידענע מעשונעדיקע קאָלירן, האָבן זיך מיט אַן אימפּעדיקער גיכקײט גענומען דרײען אַרום אים און אײַנגע־פֿלאָכטן אין זיך אַלץ, וואָס אַרום אים איז געווען. עס זענען פֿאַר־וואַשן געוואָרן די ווענט, דער סופֿיט און אַלע, וואָס זענען אַרום אים געשטאַנען. דער אָפֿיציר און די סאָלדאַטן זענען ווי אונטער דער ערד אַרײַן. וואַסילי האָט שטאַר צעעפֿנט די אָנגעדראָלעטע אויגן, געפּרואווט זיך אַ באַוועג טאָן, אָבער ניט געקאָנט. ער האָט בלויז געפֿילט, אַז עפּעס שטיקט אים אין האַלז:

— לופֿט! גיט מיר לופֿט! — האָט ער קוים אַרויסגעמורמלט מיט די טרוקענע ליפּן. אַ ביטערקײט פֿון כלאָראָפֿאָרם און עטער האָט אים אין האַלז געברענט:

— לופֿט! גיט מיר לופֿט! — האָט ער ווידער שוואַך געבעטן און נאָך ברײטער צעעפֿענט די אויגן.

לעבן זיך האָט ער מיטאַמאָל דערזען אַ באַרימהערציקע שוועס־טער. זי האָט געהאַלטן זײַן האַנט אין אירע און, ווי צו אימיצן, וואָס וואָלט געשטאַנען דערבײ, שטיל אַ זאָג געטאָן:

— עס וועט לעבן. דער פּולס ווערט בעסער. ער איז אַרויס פֿון געפֿאַר...

וואַסילי האָט זיך פֿאַרכידעשט אַרומגעקוקט:

— וואו בין איך? — האָט ער מיט אַ שוואַכער שטימע געבעטן און זיך געפּרואווט אויפֿהויבן. ער איז אָבער געלעגן ווי צוגעקאָוועט.

וואַסילי האָט געקוקט און גאָרניט פֿאַרשטאַנען. ער האָט בלויז געזען, ווי די שוועסטער האָט פֿאַנאַנדערגערוקט עפּעס אַ ווײַס, לײַוונטן ווענטל, וואָס איז געשטאַנען לעבן בעטל, אַרום זײַן קאָפּ. ער האָט מיטאַמאָל דערזען, אַז ער געפֿינט זיך אין אַ שפּיטאָל־קאַמער. עטלעכע באַקאַנטע פּענימער, האָט ער באַמערקט, האָבן זיך סוידעסדיק געשוש־קעט און מיט טרויער געקוקט אויף אים.

—וואו בין איך? — האָט ער ווידער געפֿרעגט.

— וואָס איז דען? — האָט די פֿרויען־שטימע ליבליך אַ פֿרעג געטאָן. — ליג רואיק, כאַווער, עס איז גוט פֿאַר דיר.

— אָבער... — האָט וואַסילי גענומען ציטערן. — בין איך אין טפֿיסע?... צי...

—אָ, — האָט די שוועסטער אַ שמײכל געטאָן צו אים. — וואָס

פאלט דיר איין? דו ביסט אין שפיטאל. שרעק זיך ניט...

— וואס איז דען געשען? — האט ער מיט מער שרעק געגומען שטאמלען.

די שוועסטער האט עפעס א מורמל געטאן. וואסילי האט בלויז געהערט דאס ווארט:

— געפאלן...

— טאקע געפאלן? —, האט וואסילי א געשריי געטאן מיט שרעק. — איז טאקע די סאוועטן־מאכט געפאלן?...

— וואס פאלט אייך איין, כאווער? — האט די שוועסטער זיך געוואונדערט מיט אן איינגעהאלטענעם שמייכל. — די סאוועטן־מאכט איז גאנץ ווי אלעמאל. די סאוועטן־מאכט איז מאכטיג. דאס ביסטו, געדענקסט דען ניט, געפאלן, שטייענדיק ביי דער ארבעט. יא, א שווערער, אייזערנער באלקן איז דיר אין קאפ געפאלן, דיך פון דיינע פיס ארונטערקלאפט און...

וואסילי האט זיך ווידער ארומגעקוקט:

— און איך האב געמיינט, אז... א, די סאוועטן־מאכט איז ניט געפאלן? — האט ער א פארשעמשער צעוויטיקט געשמייכלט. — אזוי... דאס בין איך גאר געפאלן?... נו, און איך האב געמיינט... און דאס איז גאר דער דאקטאר?... איך האב געדענקט, אז דאס איז גאר א זשאנדארם־אפיציר און איר — סאלדאטן... א, ווי איר האט עס מיך נעפייניקט!...

ער האט אומבאקוועם א שמייכל געטאן:

— נו, וואס א מענטשן קאן זיך אויסדאכטן!... איז דאס בלויז געווען א...

— רעגט זיך ניט אויף, כאווער! — האט דער דאקטאר, וואס איז געשטאנען אן א זייט, זיך צוגערוקט און וואסילין א גלעט געטאן איבערן אקסל. דערביי האט ער א וואונק געטאן צו די באזוכער, וואס זענען דערלעבן געשטאנען און איז מיט זיי ארויס פון צימער.

ארום איז שטיל געווארן. וואסילי האט געשוויגן און זיך צוגע־הערט צום אייגענעם אטעם. פון וויטן האט ער מיטאמאל דערהערט דאס אויסקלינגען פונם קרעמעל־זייגער די הילכיגע טענער פונם אינ־טערנאציאנאל און ער האט זיך בארואיקט.

פון דער וואנט, אנטקעגן בעטל, האט שטרענג, אבער לאשטשענ־דיק ארונטערגעקוקט לענינס פאנים פון א גרוים בילד. די פיגור, האט וואסילי געזען, איז געוואקסן אלץ גרעסער און גרעסער. ער האט געזען, ווי לענין האט געהאלטן זיין אויסגעצויגענע האנט גלייך צו אים און מיט א פעסטער, באפעלערישער שטימע א זאג געטאן:

— שטארק זיך, וואסילי, די רעוואלוציע דארף דיך נאך האבן!...

וואסילי האט א שמייכל געטאן און איז — א בארואיקטער — איינגעשלאפן.

# דערקלערונג פון פרעמד-ווערטער

(1) מאמא־דזארלי — — — הינטישער זון
(2) בויוואָל — — — אַ בופל־אָקס
(3) ארבא — — — אַזאַ וואָגן מיט דורכאויס הילצערנע רעדער
(4) בעשמעט — — — אַ קאַווקאַזער מאַנטל מיט קוילן־טעשלעך
(5) טאכטא — — — אַ שלאָף־באַנק
(6) אישאַק — — — אַ קליינער אייזעלע
(7) קורא — — — נאָמען פון אַ טייך
(8) פאפאכע — — — אַזאַ פוטערן היטל
(9) גלעך — — — אַ פויער
(10) מושא — — — אַרבעטער, טרעגער
(11) גאאומארדזשאָבא, קאַצאָ — — — גוט מאָרגן, מענטש
(12) גאגימארדזשאָים — — — אַ גוטן אייך
(13) טאָסי מאנעטי — — — צען מאַטבייעס
(14) ביטשאָ — — — אינגל, באָכער
(15) דוכאַן — — — ווייַן קעלער
(16) אַטכי מאנעטי — — — פיר מאַטבייעס
(17) כוטי מאנעטי — — — פינף מאַטבייעס
(18) קינטאָ — — — אַ וואויל־יונג, אַ וויצלינג
(19) טשוסטעם — — — פלאַכע שיך מיט אַרויפגעהויבענע שפיצן
(20) טארע — — — מוזיקאַלישער אינסטרומענט, ווי אַ גיטאַרע
(21) אמכאנאקאָ — — — כאַווער
(22) מולא — — — מאַכמעדאַנישער גאַלעך
(23) סאקארטוועלאָ — — — גרוזיע

---

מויטא גוויני — — — ברענג וויין
שאשליק — — — קאַווקאַזער געריכטעטע פלייש
לאוואש — — — קאַווקאַזער פלאַטשיקע ברויט
זשאַנזשאַלי — — — פאַרשידענע זויערע גרינוואַרג
מראוואל־זשאמיא — — — אַ באַגעגן־ליד
וואשא! — — — הוראַ!

## באַמערקטע דרוקפעלערן

| זייט | שורע | איז | דאַרף זיין |
|---|---|---|---|
| 15 | 12 | שטאַרקט | שטאַרק |
| 40 | 23 | צוגעזאַצלן | צוגעזאַלצן |
| 43 | 37 | פאַלץ | פלאַץ |
| 43 | 39 | אָנטשאַט | אָנשטאַט |
| 44 | 17 | האָסטו | האָסט |
| 63 | 6 | אָווטן | אָוונטן |
| 81 | 10 | אן | אין |
| 99 | 40 | אויז | אָזוי |

# אינהאַלט



די בילדער אינם בוך, געצייכנט פון די כאַווירים קינסטלער:

בילד פונם מעכאַבער — מאָריס דזש. קעלאַם
געשלאָסענע רייען — י. זעלדין
שניי — י. זעלדין
מייקלס דערפאַרונג — י. זעלדין
שאָטן, ליכט און שאָטן — יאָסל קאָטלער
די „אומשולדיקע" — י. זעלדין
א קינד — י. זעלדין
אריינגעפאַלן — יאָסל קאָטלער
דערשוואומען — י. זעלדין
ווען טויערן עפענען זיך — "
אין א טאָג א הייסן — "
„עסטער האמאַלקע" — "
צו א ניי לעבן — "
דער „טשאַרט" — "
נאָכן פאַלן — יאָסל קאָטלער